פערלאג „פאָלקסבילדונג" ניויאָרק.

אַ. ליטווין.

# יודישע נשמות.



באַנד I

## ליטא.

מײן פֿאָטערס און מוטערס אנדענקען
געווידמעט.

# אינהאַלטס-פאַרצייכענעס.

17. נעסוויזש—די גבורים-שמערמעל.
18. „פאניע קאַבאַנקו״ (פירשט ראַדזיוויל).
א) „גא קאָנאָ מעראַס ווינליאָנדראַם״.
ב) אַ יוד פאַר אַ „קוקאַווקע״.
ג) „פאניע קאַבאַנקו״ שיסט אַ ספר תורה.
ד) „ריבא בענדזי דראַנאַ״.
ה) „פאניע קאַבאַנקו״ פערשפּילט אַ שאָך.
ו) „פאניע קאַבאַנקו״ און משה ג״ח.
19. וואָס דער „פנקס״ דערצעהלט:
א) אריינגעוואָרפען אַ ווייבעל אין חרם, פאַר וואָס זי איז נעפאָהרען מיט אַן ערל אָהן אַ שומר.
ב) אַ בית־דין-שמש אַ גנב און זיין שטראָף.
ג) אַ טאַקסע פאַר שניידער.
ד) פאַר ניט מאַכען קיין סעודה צו אַ ברית.
ה) אַן אָבצאָהל אויף סנדק און מוהל.
ו) נעבאַפּט אַ יודען מיט אַ ווייבעל אין אַ חדר מיוחד.
ז) נימאָ קיין בעלנים אויף קוואַטער און אונטערפיהרער.
ח) פאַר זידלען דעם „פרנס־חודש״.
ט) ווענינער עולם איז מעהר שמחה.
י) אַ תקנה נענען לוקסוס.
יא) אַ סדור—אַ משכון פאַר קבורה-נעלד.
יב) די סעודה פון „חברה קדישא״.
יג) וואָס האָט געקאָסט אַ סעודה פון „חברה קדישא״ מיט צוויי הונדערט יאָהר צוריק.
יד) מחלוקת און מסירות צוליב דער סעודה.
20. דער בונט פון קיידאַנער באַלמעלאָכעס מיט 100 יאָהר צוריק
21. ווען שקלאָוו איז געווען „ארץ ישראל״.
22. פאָטיאָמקינס „גזרה״ (אַ בלעטעל פון דובראָווגער מגילה).
23. נתן—נטע דער שתדלן.
24. אַמאָלינער כאַבאַר.

25. מאָהילעווער אנטיקען:

א) אמאָליגע יודישע גבירים און זייער פּיחרונג.

ב) דער בוכארער בעל סקובל.

ג) דער שמש מיט׳ן ביינערנעם גארטעל.

ד) אין „ראָמאָוויק׳ס״ מלוכה.

ה) דבורה די קהל׳שע רופערקע.

26. רוזשינאָיער פּאָלקסהעלדען: דוד דער מלמד, לייבע וואש און הדסה.

27. רבי נחום (א הארא̈דנער פּאָלקספּריינד).

28 מאיר דער שוסטער און מיכל דער ציגארענמאכער (מינסקער פּאָלקסהעלדען).

29. ניינציגער (פון ווילנער טיפּען-גאַלעריי):

א) דער שכן און זיין באלעבאָס.

ב) דער ניינציג יעהריגער קלויזניק

ג) „פּטשאָלקע״.

# פאָרוואָרט.

דער באנד שריפטען, וואס ליגט איצט פאר'ן לעזער, אונ־טער דעם טיטעל „יודישע נשמות", ווי אויך די איבעריגע פינף בענדער, וואס קומען נאך איהם, איז דער רעזולטאט פון א שטור־דיען־רייזע, וואס דער פערפאסער האט געמאכט אין א משך פון ניין יאהר, אונגעפעהר, פון דער רוסישער רעוואָלוציע ביז דעם איצטיגען וועלט־קריג, איבער אלע יודישע געטאס פון ליטא, פוילען און גאליציען. די דאָזיגע ניין יאהר זענען געווען א גרויסע עפּאָכע אינ'ם לעבען פון די מזרח־אייראָפּייאישע יודען. מיט איהר האט זיך פערענדיגט די לענגערע עפּאָכע פון דעם יו־דישען פאלקס־ערוואכונג — די עפּאָכע, וואס האט זיך אנגע־פאנגען מיט דער פראנצויזישער רעוואָלוציע און זיך פערענדיגט מיט דער רוסישער. די דאָזיגע ערוואכונגס־עפּאָכע איז געווען זעהר א שטורמדיגע. זי ווערט בעצייכענט דורך א גאנצע רייהע מעכטיגע בעוועגונגען ביי יודען. ווי: לומדות, חסידות, השכלה, ציוניזם און סאָציאליזם. אָט די אלע שטורמדיגע בעוועגונגען, וואָס האבען פערנומען א שורה פון פיער, פינף דורות, זענען אבער ניט געגאנגען כסדר איינע נאך דער אנדערער. זיי האבען זיך אָפט צוזאמענגעשטויסען, צונויפגעפלאָכטען, און, ניט זעל־טען, איז איין דור אויסגעקומען דורכצוקעמפּפען אין דער נשמה עטליכע, אָדער אפילו אלע צוזאמען. דער קאמפף האט געקאסט דעם פאלק גרויסע קרעפטען. עס האט אבער אויך אין איהם געוועקט און געגעהרט נייע ריזיגע כוחות און דרייסטע האָפנונ־גען, אזוינע דרייסטע, ווי די גאנצע יודישע געשיכטע, פ א ר דעם, האט אזעלכע ניט געוואוסט פאר די צוויי טויזענד יאהר פונ'ם יודישען גלות.

גרויסע פראגען האט די גרויסע עפּאָכע פון דער רוסישער רעוואָלוציע אוועקגעשטעלט פאר דעם יודישען פאָלק. פראגען, וואָס ריהרען אָן דעם גאנצען קיום פונ'ם פאָלק, זיין צוקונפט,

זיין עקאנאמישע, נאציאנאלע און פאליטישע ווידערגעבורט.

דעם שרייבער פון אט די צײלען, אלס יודישען שריפט־שטעלער און טיילנעהמער אין דעם קאמפף, איז אויסגעקומען צו בעריהרען א גאנצע רייהע פראגען, וואס ריהרען אן די יסודות פונ'ם יודישען לעבען. ער האט געהאלטען דעריבער פאר זיין חוב, כדי צו זיין אין שטאנד ערנסט צו בעהאנדלען די דאזיגע פראגען, שטודירען דעם יודישען לעבען אינ'ם לעבען גופא: קלאר מאכען זיך, ווי ווייט מעגליך, די אינערליכע שטרעבונגען און אויסערליכע איינפלוסען, וואס האבען געווירקט אויף דער יודישער נשמה אין נעמא פאר די לעצטע קנאפע אנדערהאלבען הונדערט יאהר. ווארום כדי צו וויסען: וואוהין מיר געהען? מוזען מיר האבען א קריטישען איבערבליק אויף דאס איבערגעלעבטע ביז אהער; מוזען מיר קענען אונזער א י צ ט אין זיין היסטארישער ענטוויקלונג.

אט די אויפגאבע האט זיך דער שרייבער געשטעלט אין זיינע פארשונגס־רייזען איבער די גרויסע געטאס פון מזרח־אייראפא, וואס בילדען צוזאמען א גרויסען צענטער, דעם גרעסטען צענטער פונ'ם יודישען פאלק, סאי אין כמות, סאי אין איכות, וואו דער פולס פון זיין נאציאנאלען לעבען שלאגט אם שטארקסטען; וואו זיין נשמה שפיגעלט זיך אב אם קענטיגסטען.

זיינע פארשונגען אין די יודישע געטאס האט דער פערפאסער פערצייכענט ניט אין דער פארם פון שווערע וויסענשאפטליכע אבהאנדלונגען, נאר אין דער לייכטערער געשטאלט פון שילדערונגען און בילדער. די פערזאן — דער טוער, דער שאפער פונ'ם לעבען, איז ביי איהם שטענדיג געוועזען אויפ'ן ערשטען פלאן. פאר דעם לעזער געהען דורך, אין דעם שרייבערס ווערק, הונדערטער טיפען, בילדער, געשטאלטען, וואס שטעלען פאר אלע ווינקעלעך פונ'ם יודישען לעבען, אמאליגען און איצטיגען, אין אלע זיינע שאטירונגען, מיט אלע זיינע וועהטאגען און שטרעבונגען, אין ליכט און אין שאטען. אין זיי איז

גאר נישט אויסגעקלערט. אלץ איז גענומען פונ׳ם פרישען לעבענסקוואל — די פרוכט פון פערזענליכע איינדריקע און בעאבאכטונגען, אדער פון געשפרעכען מיט מענשען, וואס קענען גוט דעם לעבען און די פערזאנען אויפ׳ן ארט.

א בעזונדער אויפמערקזאמקייט האט דער שרייבער געווידמעט די הויכע און שטארקע יודישע נשמות, איבערהויפט יענע איידעלע, שטילע, אונבעקאנטע פאלקסהעלדען, וואס אין זיי שפיגעלט זיך אב, אין אלע צייטען, דאס שענסטע און איידעלסטע פון דעם פאלקס נשמה.

---

די דאזיגע ציילען, אזוי ווי די ווערק, וועגען וועלכע זיי ריידען, זענען נים געשריבען פאר׳ן מאמענט. דאך קען דער אויטאר נים דורכלאזען דעם שרעקליכען פאקט, אז, בשעת אט די שורות ווערען געשריבען, איז א האלבע וועלט פערטרונקען אין בלוט. די „מלחמת גוג ומגוג" וואס צעהנדלינגע דורות האבען מיט הונדערטער און טויזענדער יאהרען צוריק, און אנגסט און שרעק, פאראויסגעשפירט און פאראויסגעזאגט, איז געקומען און שיינט צו מאכען אן עק צו דער וועלט. לענדער ליגען אין חורבות: פעלקער צאפלען זיך און בלוטען איינע אין די נענעל פון די אנדערע.

און צווישען אט די קעמפפענדע פעלקער צאפעלט זיך און בלוטעט דאס יודישע פאלק. ווי אלע מאל, צאלט דאס יודישע פאלק די גרעסטע צינז אין אט דעם וועלט־אונגליק.

חרוב זענען זיינע נעסטער — הונדערטער יאהרען געבויט עס געהט אב מיט בלוט אויף די שלאכטפעלדער; עס וואנדערט און וואגעלט אהן א היים, פון איין ארט געטריבען, אין דעם צווייטען נים אריינגעלאזען.

צושטערט זענען אונזערע נעסטער, פערניכטעט אונזערע היימען. די אידישע שטעדטעלאך פון ליטא, פוילען, גאליציען, וואו תונדערטער יאהרען האבען זיך, אין דער שטיל, געוועבט

די פעדים פון דער יודישער נשמה, ליגען אין אש, ווי די גאסען פון ירושלים נאכ'ן חורבן. וואו איז די יוגענד, די שענע בע־גייסטערטע יוגענד, פול מיט האפנונג, פול מיט לעבענסדורש־טיגקייט, וואס איך האב בעגעגענט אויף מיינע רייזען, וואס האבען מיך בעגלייט און געהאלפען אין מיינע פארשונגען? וואו זענען די טאטעס זייערע, די זיידעס און באבעס, מיט וועלכע איך האב א סך אנגענעהמע אווענדען פארבראכט, און פון וועלכע איך האב אזוי פיעל געלערנט? וואס איז געווארען פון די הייליגע היימישע קברים, איבער וועלכע עס האבען פאר מיר גע־שוועבט די שענע נשמות פון פריהערדיגע דורות, וואס האבען אזוי פיעל געקעמפפט און געליטען? א, מיינע ליעבע און טייע־רע, וואו זייט איהר יעצט? וואס איז מיט אייך אלעמען געווא־רען?

א טיעפער און הייליגער וועהטאג און בענקשאפט צו זיי, צו די יודישע נשמות, פילט אן מיין הארץ, ווען איך בלעטער דורך מיינע פארשריבענע זכרונות, און ווארף א בליק אויף די הונדערטער בילדער און געשטאלטען, וואס איך האב פון דער יודישער שטעדטעל מיטגענומען אין מיין נשמה און שפעטער אויפ'ן פאפיר פארצייכענט. אבער יענע הויכע און שטארקע נשמות, וואס איך האב אויף מיינע רייזען איבער די יודישע שטעדט און שטעדטלאך בעגעגענט, און וואס האבען מיר פון די היימישע קברים מיט אזא צוטרויליכקייט און ליעבע געוואונ־קען, פארטרייבען פערצווייפלונג פון מיין בוזעם. זיי זאגען מיר — און דער לעזער וואס וועט צוזאמען מיט מיר דורכמאכען אין מיינע ווערק מיינע רייזען איבער די יודישע שטעדט און שטעדטלאך וועט זיך פון זיי אויך איבערצייגען, — אז צע־שטערט זענען נאר די ערדישע נעסטען; נאר דאס, וואס מענשען קענען מיט זייערע הענד בויען און מיט זייערע הענד צעשטע־רען. אונזערע העכערע גיטער אבער און אוצרות, וואס יענע הויכע און שטארקע נשמות האבען פאר אונז געבויט און אונז

בירושה געלאַזען, קענען ניט חרוב ווערן, זיי וועלען איבערלע־
בען אַט דעם גרויסען איצטיגען חורבן. זיי וועלען לעבען אין
די איבערגעבליבענע נשמות, און מיט זייער הילף וועלען מיר
קענען אויפבויען, ווי די מענשען נאָכ'ן ערשטען מבול, צוריק א
נייעם לעבען.

די דאָזיגע „בילדער און געשטאַלטען" אונטער דעם נאָ־
מען „יודישע נשמות" נעהען ארוים אין זעקס בענדער. ליטא,
אלס צענטער פונ'ם יודישען גייסטיגען לעבען, איז געווידמעט
דריי בענדער. פּוילען — איין באַנד, גאַליציען — איין באַנד.
איין באַנד איז געווידמעט ספּעציעל די מערקווירדיגע טיפּען און
בילדער פון דער חסידישער וועלט. דער ערשטער באַנד איז
ערשט פאַר'ן לעזער. די איבריגע בענדער וועלען ארויסגעהן איי־
נער נאָך דעם אַנדערן אין א משך, אונגעפעהר, פון א האַלב
יאָהר.

צום שלוס נאָך א בעמערקונג: כדי צו מאכען פאַר'ן לעזער
בולט'ער, לעבעדיגער די שילדערונגען און בילדער, זענען זיי
פערצייכענט אין פערבינדונג מיט דעם מאָמענט, ווען דער
פערפאַסער האָט בעזוכט די אָרטער יענע שטאָדט און שטעדטעל.
צו פערמיידען מיספערשטענדניסען, דאַרף דער לעזער געדענ־
קען, וואָס אויבען איז שוין דערמאָהנט: אז דעם שרייבער'ס
רייזען בעלאַנגען אלע דער צווישענצייט פון דער רוסישער רע־
וואָלוציע און דעם איצטיגען וועלט־קריעג. ד. ה. צו די יאָהרען
1905—1914, הויפּטזעכליך צו די לעצטע פינף יאָהר.

לויט א פריהערדיגען פּלאַן האָט געזאָלט די פאָרגעלעגטע
אויסגאַבע זיין אילוסטרירט מיט א גאַנצע רייהע פאָטאָגראַפישע
בילדער. יעצט אָבער, איז, צוליב געוויסע טעכנישע סבות, אָט
דער פּלאַן געענדערט. אַנשטאָט די אילוסטראַציעס אין טעקסט
גופא, וועט דער לעזער, מיט די לעצטע צוויי בענדער, בעקומען
דיזעלבע בילדער פריי, נעבנדערט צוזאַמען אין א בעזונדער
אַלבום.

# גראַף פּאָטאָצקי דער „גר צדק".

נאָר אַ בעזונדער געפיהל האָט מיך דורכגענומען, ווען איך בין געקומען נעהענטער צו אילִיע. דאָס שטעדטעל „אילִיע" איז בעקאַנט אין גאַנצען תחום. איהר נאָמען איז פערבונדען מיט דער ריהרענדער לעגענדע פונ'ם „גר צדק". ס'איז איבריגענס, מעהר אַ היסטאָרישער פאַקט, ווי אַ לעגענדע. די מעשה מיט'ן „גר צדק" איז איינע פון די שרעקליכסטע מאָמענטען אין דער געשיכטע פון די רוסישע יודען. זי איז אויך איינע פון די מערקווירדיגסטע און העכסט כאַראַקטעריסטישע אין דער היסטאָריע פון דער יודישער און פּוילישער קולטור. די בעדייטונג פון דער דאָזיגער געשעהעניס איז נאָך ניט גענוג אָבגעשאַצט, ניט פון דער יודישער, ניט פון דער פּוילישער זייט. זי וואַרט ערשט אויף איהר היסטאָריקער. די צייט אויפצוהויבען דעם פאָרהאַנג אויף דער טראַגעדיע פונ'ם „גר צדק" איז נאָך ניט געקומען. מיט אַ דערמערונגס-נעבעל פון לעגענדע איז אָט די שרעקליכע קולטורעלע און סאָציאַלע דראַמע פערצויגען. די מאַטעריאַלען דאַרפען ערשט געקליבען ווערען: פון די יודישע בית עלמינס, פון די שוהלען, פון די אַלטע פּנקס'ען, פון מעשיות, וואָס אַלטע לייט דערצעהלען זיך—דאַרף דער מאַטעריאַל געקליבען ווערען; אין די טיעף און גראָב געמויערטע סקליעפּעס פון די נאָך איצט לעבעדיגע גרויסע מיוחסים פונ'ם העכסטען פּוילישען אַדעל—די גראַפען פּאָטאָצקעס, דאַרפען זיי געזוכט, און

פון דאָרט אַרויסגעבראַכט ווערען. דאַן דאַרף ערשט קומען דער ריכ־ מיגער היסטאָריקער פון רוסישען און פּוילישען געטאָ (ער איז נאָך ביז איצט ניטאָ), וואס זאָל קענען מיט זיין ברייטער נשמה, מיט זיין טיעף פיהלענד הארץ, אריינדרינגען אין דער נשמה פון דער גר צדק־לעגענ־ דע. דאַן דאַרף קומען דער דיכטער, ס׳דאַרף קומען דער דראַמאטורג, און אויב דער ערשטער וועט א געטליכען פייער בעזיצען און דער צוויי־ טער וועט זיין דער אמת׳ער, פון גאָט געבענשטער אויסדערוועהלטער, וועט די פּאָעמע פון „גר צדק" זיין שטארקער פון בייראָנס און די דראַמע פון „גר צדק" זיין טיפער פון אַלע שעקספּירס דראַמעס. און קיין סענסאַציע אין דער וועלט האָט ניט געמאַכט אזוי ציטערן און שוידערן א מענשענס הארץ, ווי עס וועט ציטערן און שוידערן איבער דער פינסטערנים פון יענער צייט, אין וועלכער עס האָט זיך געקענט אָבשפּילען יענע שרעקליכע ווירקליכקייט־לעגענדע, וואָס הייסט „מעשה פון גר צדק", וועט ציטערן און שוידערן איבער די ווילדע שרעקען פון יענער פינסטערער צייט, איבער די יסורים פון יענע בלאָנדזשענדע ליכט־פונקען, וואָס האָבען אומזיסט געמיהט זיך דורכשניידען אָט די דיקע פינסטערנים.

אזוינע געדאַנקען פילען אָן מיין נשמה, דריקען מיין הארץ און דריקען עס אַלץ מעהר, וואָס נעהענטער איך קום צו איליע, צו דעם פּלאַץ, וואו עס האָט זיך אָבגעשפּילט דער פאָרלעצטער אקט פון דעם גר צדק׳ס טראַגעדיע. (דער לעצטער האט זיך אָבגעשפּילט אין ווילנא). עס שווימען מיר ארויף אויף די געדאַנקען די עטליכע בלעטלאך פון דער לעגענדע, וואָס איך האָב מיט גרויס מיה און מאַטערנים גע־ קראָגען איבערשרייבען ביי א ווילנער יודען. דער איינציגער עקזעמפּליאר געשריבען אין יודיש. געשריבען (ריכטיגער—איבערגעשריבען) אין אָנ־ הויב פון נייצעהנטען יאָהרהונדערט אין א וואונדערשענער געצאַצ־ קעטער האַנדשריפט.

„דיזע געשיכטע—דערצעהלט די לעגענדע—(איך שרייב מיט דעם לשון און אויסלעגענים פונ׳ם מאַנוסקריפּט) איז איין הויבט פון דאָס דערציילונג. וואָס האָט געטראָפען זיך מייטע דעם תוילינען

מאן גר צדק. עס וואהר טרעפין ביי איין ראייכן פירשט איין זוהן, וואס ער וואהר פון זיין געבאָרינגהויט זוייער שיינעם געשטאלט און אויך זוייער קלוגהייט אונד פארשטאנדינקהויט מיט איהם. דען האָט איהם דער פאָטער נענעבען לערנען אין די הויבטשולין: און האָט גע־זוכט פאַר איהם איין גוטין חבר, דען ער זאָהל האָבען מיט וועמען זיך צו באזינען אונד אויך יעדע זאך קלאָר דורכצוורויידען..."

דער יונגער פירשט איז געווען—פאטאָצקי, און זיין חבר—זארעמבא.ביידע האָבען נים געהוליעט, ווי אנדערע יונגע פריצים, נאָר האָבען אויך געלערנט און געטראכט. די חברים פערלאנגען פונ׳ם הויפטמאן, דעם פירשט פאטאָצקי, ער זאָל זיי שיקען קיין פאריז זיך פערפאָלקאָמענען. „אזוי ווי דער הויבטמאן האָט געזעהן דאָס גרויס נילושטיקייט ווי זויי האָבין צום לערנען, דעננינכט האָט ער צוגיפאלען געטאָן זויי און האָט זייביידען געשיקט נאָך פריז... דען ניכט זויי זאָלען דערגרויסט ווערין אין נאָמען: און זאָלין זוייער לערנונג זוייער געשיקט זיין. ערשטען אין אלערליי שפראך: און ווידער אין אויפקלערט פון דער וועלט און ווישענשאפט פון יעדין גלויבין: דען דער הויבט־אריינלוייג פון דעם זון פון הויבטמאן איז אלעס נור גיוועזין אין פאר־טרזננונג פון דעם אויפקלעהר. וואָשערע גלויבען איז וואהרהאפטיג".

אין פאריז, ווי דער דאָזיגער מאנוסקריפט דערצעהלט, זענען די חברים „אלעש גילעגין אין דען אויפקלעהר פון אלערליי גלויבונגען". ביי זיי איז געוואָרען א קשיא: פארוואָס בעהאלט מען פון זיי דעם תנך? פארוואָס קריגען זיי ערגיין נים צו לעזען וועגען יודישען גלויבען?

צופעליג זענען זיי בעקאנט געוואָרען מיט אן אלטען יודען און האָבען איהם געבעטען, ער זאָל מיט זיי לערנען „תנך". פון פאריז פאָהרען זיי קיין בערלין, פון בערלין נאָך רוים. דאָרט ווערט דער יונגער פאטאָצקי בעקאנט מיט דער הינטערקוליסען־זייט פונ׳ם קאטאָליציזם. די איינפאכקייט פונ׳ם יודישען גלויבען, די פערפאָלגונגען פונ׳ם יודישען פאָלק ציהען איהם שטארק אי צום מארטירער־פאָלק, אי צו זיין גלויבען. ענדליך בעשליסט ער: פאָהרט אוועק קיין האָלאנד און דאָרט פער־בינדט ער, דער יונגער מאגנאט, דער יורש פון גיטער, טיטולען,

אוצרות און כבוד, זיין שיקזאַל אויף אייביג מיט דעם שיקזאַל פונ'ם פאָלק, וואָס איז געיאָגט און פעראַכטעט.

מיעף ריהרענדער און ביבליש איינפאַך איז די מעשה מיט'ן „גר צדק", ווי זי איז געשילדערט אין דער יודישער פאָלקס-לעגענדע. לויט איין נוסח איז דאָ געווען עפּעס עהנליכעס אויף אַ ראָמאַן, וואָס האָט אָבער ניט די הויפּטראָלע געשפּילט אין דעם גר צדק'ס בעקעהרונג צום יודענטום. זיין רבי אין אַמשטערדאַם האָט אַ יונגע און שענע טאָכטער געהאַט. דער גראַף פּאָטאָצקי, שוין אַלס יוד, אַלס גר צדק, האָט זי פאַר אַ כלה געוואָלט. דער רב האָט זי איהם צוגעזאָגט צו געבען, ווען ער וועט גוט קענען לערנען.

דער גר צדק לאָזט זיך אַוועק צוריק אין פּוילען: דאָרט ביי די בעריהמטע פּוילישע רבנים מעהר זיך אינ'ם תלמוד צו פערפאָלקאָמע־נען. אָדער האָט איהם אפשר געצויגען די בענקשאַפט נאָך דער היים? האָבען איהם געצויגען די ליטווישע פעלדער און וועלדער? ווי נאָר דער בעקעהרטער גראַף קומט צוריק אין פּוילען ווערט די „מעשה מיט'ן גר צדק" קאָרגער אין שילדערונגען. פאַרוואָס האָט ער זיך אויס־געקליבען איליע, וואו עס איז דעמאָלט קיין ישיבה ניט געווען? וו:ז:ו דער עולם איז פּראָסט געווען, וואו ער האָט געמוזט לערנען בעהאַל־טענערהייט גאַנצע טעג און נעכט, איינער אַליין אין בית המדרש?

און אומזיסט האָב איך פינף און דרייסיג וויאָרסט אויף גרעבליעס זיך געטרייסעלט, דורך בלאָטעס צופוס געקראָכען, און אַ שפּור, כאָטש אַ ווייטען אַ נעבעלדיגען שפּור, אין דער שטעדטעל געזוכט ווענגען דעם לעבען פונ'ם גר צדק דאָרטען, איידער מ'האָט איהם געמסר'ט און געבאַפּט.

איליע איז אַ ווייט, אָבגעלעגען שטעדטעל אין ווילנער גובערניע. ליגט פינף און דרייסיג וויאָרסט פון דער סטאַנציע מאַלאָדעטשנאָ (אויף ליבאַווע־ראָמענער באַהן-ליניע) און זעקס און דרייסיג וויאָרסט פון דער שטעדטעל ווילייקע, דורך וועלכע עס געהט דורך די נייע מאָסקוואַ-ווינדאַווער אייזענבאַהן. נאָר די בעלי עגלות פאָהרען נאָך איצט מיט די שווערע בוידען פונקט ווי מיט הונדערטער יאָהר צוריק,

נאָך סחורה קיין מינסק, אַ שטרעקע פון אַ פּופּצ׳ע ווי׳אַרסט. איהר קענט נאָך דאָ איצט געפינען אַלטע לייט, וואס זענען זייער לעבען לאנג פון שטעדטעל נים אַרויס. נים די באַהנען, נים די אויטאָמאָבילען, נים די רוסישע רעוואָלוציע, נים די רעאַקציע האבען דאָ אַן איינדרוק געמאכט. אילייער יודען לעבען אויף זייער אַלטפרענקישען שטייגער, ווי אין די צייטען פון „גר צדק״. די שטעדטעל האט אין גאַנצען הונ־דערט געזינדען. אויף די 100 געזינדען איז דאָ 50 קראָמען. פון דעסט־וועגען לעבט מען זיך דורך נישט קשה. אַ ביסעל לעבט מען פון פּריץ; אַ ביסעל פון גוי. איבערהויפט—פון פּויער. צוויי מאָל אַ וואָך איז אַ מארק. אויפ׳ן מארק פאָהרען זיך אויף אַ סך פּויערן פון דער אומגעגענד. לייזט זיך אין יעדער שטוב. די לעצטע יאָהרען לעבט מען נאָך בעסער. עס פאַלט אונטער דער אמעריקאנער דאָלער. די גאַנצע יוגענד איז אין אמעריקא. אין איין ניויאָרק, זאָגען מיר הינע יודען, איז דריי אילייעס פאַראַן. אַלטע לייט זאָגען, אז קיינמאָל האָט נאָך איליע אזוי גוט נים געלעבט. וואו האט אמאָל,—זאָגט דער זקן יעקב אפרים, דער קהל׳שער שרייבער, אַ אילייער באַלעבאָס—געוואוסט פון טיי. היינט האט יעדערער אַ סאַמאָוואר, און אין יעדער שטוב טרינקט מען אַלע טאָג טיי. קיין נ׳עסערע השנה פון וואוילמאָג האט נים אַ אילייער יוד, ווי טרינקען אַלע טאָג טיי פון פרישען סאמאָוואר.

צום קהל׳שען שרייבער יעקב אפרים בין איך געקומען בעטען: ער זאָל מיר ווייזען דעם פּנקס. איך האָב געוואָלט דאָרטען געפינען עפּעס אַ שפּור פון דעם גר צדק׳ס טראַגעדיע. נאָר דער אַלטער האָט מורא געהאַט צו ווייזען מיר דעם פּנקס. ער האָט מיך פערזיכערט, אז אין פּנקס איז גאָר נישט נימאָ וועגען גר צדק. אַליין האָט ער געוואוסט נאָך וועניגער, ווי אין „מעשה גר צדק״ איז פערשריבען.

איך האָב מיך געלאָזען צו אַן אַנדערן, בערע זלמנ׳ס. ער איז אַ „בערעדטער מענש״, האָט מען מיר איהם נאָך אין מאלארעטשנא פערלויבט. ער האָט ליעב צו פערברעננען. נאָר אָט דער אַלטער האָט אויך אזוי ווייניג געוואוסט צו דערצעהלען פון „גר צדק״, ווי דער ערשטער. נאָר פון די „יאָשקעס״ האָט ער צוגעגעבען אַ פּאָר שטריכען.

די „יאָשקעס"—אַזוי הייסען די אייניקלאַך פון יענעם שניידער, וואָס האָט דעם „גר צדק" גע'מסר'ט. גע'מסר'ט האָט ער איהם דערפאַר, וואָס דער גר צדק האָט זיין יונגעל פאַר'ן אויער אָנגעדרייט. דער פאַקט איז אַ שרעקליכער, אַ שענדליכער. יודען זענען ניט זשעדנע געווען אין איינענע מוסרים, שפּיאָנען, פּראָוואָקאַטאָרען, אָבער די מסירה פון אַ יודען אויפ'ן „גר צדק"—אַזאַ שענדליכען פאַקט האָט די יודישע היס־טאָריע ביז יענעם טאָג ניט געוואוסט. וואָס האָט אַ יוד געקענט האבען צום „גר צדק", וואָס איז נאָר געזעסען אין אַ ווינקעל פון בית המדרש און טאָג און נאַכט געלערנט?

די לעגענדע וועגען די „יאָשקעס" וואַרפט אַ ביסעל ליכט אויף דער דאָזיגער געשעהענים. דעם שניידערס יונגעל—אַזוי ווערט דער־צעהלט—האָט געשטיפט אין בית המדרש און געשטערט דעם „גר צדק" לערנען. ער האָט איהם פריהער געבעטען מיט גוטען, ער זאָל ניט קונדס'ן אין אַ הייליגען אָרט, און זאָל בעסער געהן אויפ'ן הויף שפּילען. דער יונגעל איז אָבער געווען אַ צולאָזענער און האָט דוקא געטאָן דעם „גר צדק" אויף צו להכעיס, און געזידעלט איהם. דאָס האָט דעם „גר צדק" אַזוי בענומען, אַז ער האָט איהם אָנגעדרייט פאַר'ן אויער און ארויסגעטריבען פון בית המדרש. דערביי האָט ער געזאָלט זיך ארויס־דריקען, אַז אַן אמת יודיש קינד קען ניט זיין אַזוי פרעך. מסתמא וועט ער זיך שמד'ען. דעם טאַטען, דעם שניידער, האָט דאָס אַזוי אריינ־געבראַכט אין כעס, אַז ער איז אַוועקגעלאָפען אין הויף און—גע'מסר'ט.

אין איליע—האָט מיך פערזיכערט דער אַלטער בערע זלמנ'ס — זאָגט מען אויף זיכער, אַז דער יונגעל האָט זיך שפּעטער מיט אַן אמת געשמדט.

אַז דער „גר צדק" האָט זיך דערוואוסט פון דער מסירה איז ער אַנטלאָפען אין „סטאַרינקע", אַ קרעטשים אַכט וויאָרסט פון איליע. אָבער דער קרעטשמער, פון שרעק פאַר'ן פריץ, האָט איהם ארויסגע־געבען. בשעת מ'האָט איהם געפיהרט פון דאַנען, אַ געשמידטען אין קייטען, האָט ער, דער „גר צדק"—זאָגט די לעגענדע—געשאָלטען דעם מוסר, אַז זיינע קינדער, אייניקלאַך און אור-אייניקלאַך ביז צעהן דורות,

זאָלען ניט זיין גלייך צו אַלע מענשען און קיינער פון זיי זאָל ניט שטאַרבען מיט זיין נאַטירליכען טויט.

די משפּחה פון דעם מוסר איז ניט אויסגעשטאָרבען. פאַרקעהרט: נאָך איצט איז האַלב שטערטעל פון די „יאָשקעס". נאָר ווי דער אַלטער האָט מיך פערזיכערט, איז אין יעדער געזינד פון זיי דער — טויב, דער שטום, דער הינקענדיג. און זעלטען ווער פון זיי שטאַרבט מיט'ן נאַטירליכען טויט. פאַרשאַלטען איז אויך פון דעמאָלט אָן די קרעטשים. קיין איין קרעטשמער לעבט ניט אויס דאָרט די יאָהרען.

אין מיטען געשפּרעך ווענען די „יאָשקעס" איז אריין אין שטוב אַ יונגעל פון אַ שכן עפּעס לייהען. דער אַלטער בערע זלמנ'ס האָט מיר אַ קוועטש געטאָן די האַנד און אַ מאַך געטאָן מיט'ן קאָפּ, איך זאָל אויפהערען צו רעדען. ערשט נאָכדעם, ווי דער יונגעל איז אוועק, האָט ער מיר דערקלערט, אַז ער האָט ניט געוואָלט רעדען, וואָרום דער יונגעל איז פון די „יאָשקעס".

— מ'זאָגט, האָט ער צוגעגעבען, אַז איצט איז שוין פאַרפאַל די צעהן דורות און די קללה פון די „יאָשקעס" איז אַראָב.

— דאַנקען גאָט, האָט צוגעגעבען די ווייב.

אויף די „יאָשקעס" ליגט קין'ס צייכען. וואוהין איינער פון זיי זאָל ניט קומען, ווייס מען איהם, און דאָס פאָלק קוקט אויף איהם מיט מורא און פערדאַכט.

פונדעסטוועגען האָט זיך אין דעם טאָן פון בערע זלמנ'ס געהערט אַ צופרידענהייט און פערגעבונג, ווען ער האָט מיר מיטגעטיילט, אַז, לויט ווי מ'האָט אויסגערעכענט, האָט זיך שוין איצט געענדיגט דער טערמין פון די צעהן דורות, דורך וועלכע, לויט דער „קללה פונ'ם גר צדק די „יאָשקעס" זענען פערשאָלטען.

דער „גר צדק" איז פערברענט געוואָרען אין ווילנא. לויט די לעגענדע דערצעהלט, האָט זיין מוטער, די אַלטע גרעפין, געקראָגען, מיט גרויס מיה און מאַטערנים, פון פּאַבסט, צי פון פוילישען קעניג, אַ אונטערגעשריבענע פּאַפּיר, אַז מ'זאָל איהם לאָזען לעבען. נאָר זי האָט מיט איינינע מינוט פערשפּעטיגט. דער בלוטיגער דעקרעט איז

אויסגעפּיהרט געוואָרען. אין יענעם טאָג, דערצעהלען ווילנער יודען, איז געווען א מורא׳דיגער שטורם. א בת קול איז ארויס פון הימעל און האט געזאָגט: וואויל צו דיר, אברהם בן אברהם! דיין ליכטיגע נשמה איז גלייך אוועק צו איהר מקור, צו די הייליגע אבות און אברהם אבינו האט איהר אין זיין שוים צוגענומען.

א יוד האט זיך פערשטעלט פאר א גוי, (עס לעבען נאָך, זאָגט מען, אין ווילנא זיינע אורא־ייניקלאך) און מיט מסירת נפש איז איהם געלונגען צו ראטעווען א ביסעל אש פונ׳ם פערברענטען גר צדק. מיט הייליגער מורא און ליבשאפט האָבען יודען דעם הויפען אש אין א זיכערן אָרט, מיט גרויס פאָרזיכטיגקייט און געהיימליכקייט, אויפ׳ן אלטען בית עולם מקבר געווען. אויף דעם אָרט איז א בוים אויסגע־וואקסען; א מאָדנעם אויסזעהן האט אָט דער בוים; זיינע צווייגען, די אויבערשטע און די אונטערשטע, זעהען אויס ווי א מענש מיט הענד און מיט פיס. אין אלגעמיין קוקט אויס ווי א טרייע מוטער האָט זיך איבערגעבויגען איבער דעם קבר פון איהר ליעב קינד. און היט איהם אָב, דעם טייערן קבר, טאָג און נאכט, אז קיין בייז אויג און קיין שלעכטע האנד זאָל איהם ניט שאָדען. קריסטליכע טוריסטען, וואס קומען אין ווילנא, בעזוכען דעם קבר און בעוואונדערן דעם בוים. נאָר יודען האלטען איהם טייער און הייליג. קומט א תשעה באב, צי עשרת ימי תשובה, און אין יעדער צרה און אנגסט, וואָס טרעפט זיך א יודען, קומט מען א הער אויפ׳ן אלטען בית עלמין, און אויפ׳ן קבר, וואו עס ליגט דער אש פונ׳ם „קדוש״, אזוי ווי אויפ׳ן קבר פונ׳ם גאון, גיסט מען אויס די הארץ און מ׳בעט, ער זאָל א „מליץ יושר״ זיין פאר די נעפלאגטע און געפייניגטע ועמען ער האט אזוי הייס געליבט און פאר וועמען, ער האָט זיך פאר א קרבן מקריב געווען.



# רבי לוי יצחק באַרדיטשעווער.

ווי טרויעריג און פינסטער עס איז איצט אין בערדיטשעוו, דאָך שטראַהלט די דאָזיגע שטאָדט איבער'ן גאַנצען יודישען תחום מיט א ליכט, וואָס שיינט אריין אין אַלע פרומע יודישע נשמות און קוויקט זייערע הערצער אין שווערע מינוטען פון לעבען. בערדיטשעוו האָט נים אזעלכע זכרונות, ווי אנדערע גרויסע יודישע שטעדט. דאָך איין זכרון האָט זי, מיט וועלכען זי שטאָלצירט אנטקעגען אַנדערע יודישע שטעדט, און פאַר וואָס אנדערע יודישע שטעדט זענען איהר שטאַרק מקנא. דאָס איז דער אנדענקען פון ר' לוי יצחק בערדיטשעווער, וואָס האָט דאָ פערלעבט דעם גרעסטען טייל פון זיין לעבען און דאָ איז ער געשטאָרבען.

ר' לוי יצחק בערדיטשעווער איז איינע פון יענע ליכטיגע פערזענליכקייטען, וואָס דאָס יודישע פאָלק האָט ארויסגעבראַכט אין יענער וואונדערליכער צייט, ווען אייראָפּא איז אויפגעטרייסעלט געוואָרען דורך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און אין רוסלאַנד, אין דער יודישער וועלט, האָט זיך צופלאַקערט דער קאַמפּף פאַר און געגען דעם חסידיזם. ר' לוי יצחק בערדיטשעווער האָט געלעבט אין איין צייט מיט'ן גאון, מיט דעם אַלטען רבי'ן, דעם ערשטען חסידישען רבי'ן אין ליטא, ר' שניאור זלמן לאַדיער. געווען איז ער א רב אין פינסק, נאָר, א מענש מיט א הייסען, לעבעדיגען טעמפּעראַמענט, מיט א טיפער

ניגונג צו מיסטיק, צו קבלה, איז ער גלייך אריינגעריסען געוואָרען אין קאמפּף און האָט זיך, פריהער אין געהיים, דערנאָך עפענטליך, בעקענט צום חסידיזם און געוואָרען איינער פון זיינע איבערגעגעבענסטע פאַר־קעמפּפער. אין פּינסק האָט מען איהם שטארק פערפאָלגט און, ענדליך, פון דאָרטען פעריאָגט. דאַן האָט מען איהם צוגענומען פאַר א רב אין בערדיטשעוו, וואו דאָס רוב עולם איז שוין בעשטאַנען פון חסידים. דאָרט איז אָבער אויך געווען א שטארקער געגנערישער צד, וואָס האָט איהם אָנגעטאָן צרות. מען דערצעהלט נאָך איצט אויך אין בערדיטשעוו, אז איינמאָל, בעת ר׳ לוי יצחק איז, אויף א קורצע צייט, אָבגעפאָהרען פון בערדיטשעוו, האָט זיינער א געגנער, א קהל׳שער „עזות פּנים״ ארויסגעפיהרט זיין ווייב פון שטאָדט אויף א ווענעל מיסט. דאָס האָט זיך אין יענער צייט גערעכענט פאר דער גרעסטער שאנד, וואָס מ׳קאָן אימיצען אָנטאָן. אונטער־שטאָדטיגע יודען האָבען איהר אָבער ארייג־גענומען צו זיך ביז דער רב איז געקומען צוריק. ר׳ לוי יצחק האָט זיך מיט זיין פיינד פאר אזא שרעקליכע בעליידיגונג ניט אָבגערעכענט. נאָר בערדיטשעווער יודען זאָגען, אז פון יענעם עזות פּנים׳ס הויז האָט זיך אויסגעלאָזען א הויפען מיסט. זיינע אלע קינדער און קינדס־קינדער זענען משומדים, גנבים, בעטלער.

נאָכדעם האָט שוין קיינער ר׳ לוי יצחק׳ס רוה ניט געשטערט. ער האָט פערלעבט אין בערדיטשעוו ביז׳ן טיפסטען עלטער, און צו די עלטערע יאָהרען איז ער שוין געווען אזוי בעריהמט איבער׳ן גאַנצען תחום, ווי דער אלטער רבי אליין, וואָס האָט זיך מיט איהם משדך געווען. ער האָט געשפּילט די ראָלע פון א „גוטען יודען״ אין וואָהלין. נאָר אויך אין ליטא איז זיין נאָמען געווען גרויס און מ׳איז געפאָהרען צו איהם פון אלע שטעדט. ער האָט צוגעצויגען צו זיך דעם ברייטען עולם דורך זיין דיכטערישער נאַטור און לעבענסלוסטיגען טעמפּעראַ־מענט. דערצו האָט ער בעזעסען פון נאַטור א שטאַרקען טאַלאַנט פון א לידער. ביי זיין טיש איז שטענדיג געווען פרעהליך, און ער האָט צוגעלאָזען צו זיך פריי אלעמען.

פון דעם ספר „קדושת לוי״ — א זאמלונג פון זיינע תורה און

דרשות, וואָס ער האָט געזאָגט פאַר׳ן עולם, געדרוקט פון זיינע פער־
עהרער שוין נאָך זיין טויט, איז קענטיג, אז ר׳ לוי יצחק איז געווען א
טיפער דענקער, נאַטירליך, אויף דעם געביט פון מיסטיש־רעליגיעזער
פאָרשונג. זיינע פרושים אויף דער תורה און דרשות, וואָס זענען פער־
בונדען מיט פערשיידענע ימים טובים און תעניתים זענען, ווי די ״תורה״
פון אנדערע קאַבאַליסטען געבויט אויף דער סיסטעם פון ״רמז״, וואָס
וויל זעהן אין אן ערצעהלונג פון חומ׳ש און ״תנך״ ניט דעם פשוט׳ן זין
וואָס ליגט אין די ווערטער, נאָר א פערבאָרגענע כונה, וואָס האָט
כמעט שטענדיג איהר ציעל צו זוכען זיך ערקלערן די סודות פון דער
וועלט־בעשאַפונג, פון גאָט און געטליכקייט. נאָר פונדעסטוועגען לעזט
זיך זיין ספר אָפט מיט גרויס אינטערעס. דער גאַנג פון זיינע געדאַנקען
איז ניט, ווי ביי אנדערע קאַבאַליסטען, פערטונקעלט און פערפלאָנ־
טערט דורך פערקירצונגען און אָבגעהאַקטע פראַזען, נאָר לאָגיש
אויסגעהאַלטען און קלאָר. אומעטום איז קענטיג פאַר אייך א טיף
ערנסטער גייסט, וואָס זוכט, אויף זיין שטויגער, דעם אמת פונ׳ם
לעבען.

אין ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער, ווי אין זיין דענקען, אזוי אין זיין
לעבען, האָט זיך אָבגעשפיגעלט דאָס שענסטע, דאָס ערהאַבענסטע
פון חסידות אין איהר פרימיטיווער, ריינער געשטאַלט. ער איז געווען
א תלמיד פון ר׳ בער מעזריטשער, אָדער, ווי מ׳האָט איהם גערופען:
״דער מעזריטשער מגיד״. ר׳ בער מעזריטשער, ווידער, איז געווען דער
געליבטעסטער תלמיד פונ׳ם בעש״ט (״בעל שם טוב״) אליין. נאָר אלס
פערזענליכקייט איז דער באַרדיטשעווער העכער פון זיין רבי׳ן, דעם
״מגיד״; פונ׳ם אלטען רבי׳ן ר׳ שניאור זלמן פון לאַדי, דעם גרינדער פון
דעם רבייאישען טראָן אין ליטא, און, מעגליך, אפילו פונ׳ם בעש״ט אליין.
דאָס זעהט מען דייטליך פון די לעגענדעס, וואָס זענען פערשפרייט אין
פאָלק וועגען אָט די אלע זיילען פון חסידיזם. ווערענד ארום דעם
אנדענקען פון זיי אלע שוועבען מיסטישע וואָלקען, פון וועלכע פאַר
אונז איז מעגליך ארויסצובעקומען נאָר קערנדלאַך ליכט. זענען אלע
לעגענדעס, וואָס זענען פערבונדען מיט דער פערזאָן פון ר׳ לוי יצחק

בערדיטשעווער אזוי קלאָר פאַר דעם סאַמע פּשוטן מענשען, שטראַהלען אַרום איהם מיט אַזוי פיל ליבע און וואַרימקייט, מיט אַזאַ טיפע אונענדלי-כע האַרציגקייט און ליעבע צו מענשען בכלל און בעזונדערס, צו די מאַסען.

די פערשפרייטעסטע און אַלעמען בעקאַנטע לעגענדע, וואָס כאַראַקטע-ריזירט ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער אַם בעסטען, איז די: ער האָט אַמאָל געזעהען, ווי אַ בעל־עגלה שטעהט אין טלית און תפילין און שמירט די רעדער. „רבונו של עולם״, זאָגט ער, וואָס פאַר אַ טייער פאָלק דו האָסט! זעה נאָר דעם בעל עגלה, אַז אפילו בשעת ער שמירט די רעדער, דאַוונט ער אויך.

ר׳ לוי יצחק האָט ניט געקענט זעהן ביי יענעם אַ טרויעריגע מינע. דער עיקר, זאָגט ער, פון גאָט דינען איז שמחה. אויף זיין שטוינער דריקט ער דאָס אויס (אין דעם ספר „קדושת לוי״) אַזוי: הקדוש ברוך הוא וויל תמיד משפיע זיין גוטס אויף זיין פאָלק ישראל, נאָר די „סטרא אחרא״ לאָזט ניט. איז, בשעת די יודען זענען אין שמחה, עפענט זיך די געטליכע שפע (וואָרום די „סטרא אחרא״ האָט דאַן קיין שליטה ניט) און איז משפיע אויף יודען אַל דאָס גוטס״.

הייסט דאָס, אַז דער עיקר, נאָך ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער, איז ניט אַז אַ יוד זאָל זיין פרום! דער עיקר, אַז איהם, דעם יודען זאָל זיין גוט. ער זאָל זיין פרעהליך. נאָר דורך שמחה קען דער מענש זיין פער-בונדען מיט זיין גאָט!

און דעריבער האָט ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער ניט געקענט טאָן אַזאַ זאַך, רעדען אַזאַ זאַך, וואָס זאָל מאַכען דעם צווייטען שלעכט פיהלען. וואָרום דורך דעם ווערט דאָך יענער אַריין פאַלען אין עצבות, אין אומעטיגקייט, און עצבות רייסט איבער די פערבינדונג צווישען דעם מענשען און די געטליכקייט.

און דעריבער האָט ער אַליין קיינמאָל יענעם ניט געשטראָפט, פאַר וואָס ער איז ניט פרום. אַז איינער האָט געטאָן אַן עבירה, זאָגט ער, דאַרף מען אויף איהם ניט שרייען, טאָר מען איהם ניט אויפ-וואַרפען: „דו ביזט אַזוינער און אַזוינער! האָסט דאָס און דאָס געטאָן!״ דערפון, זאָגט ער, ווערט יענער ביי זיך אַראָבגעפאַלען, קומט

ער לידי עצבות... און איז אַ מענש מוטלאָז געוואָרען, קען ער זיך ניט בעסערן, קען זיך ניט אויפהויבען.

און דעריבער הייסט ר׳ לוי יצחק, אַז מ׳זאָל מיט אַלעמען זיין פריינדליך. האָט איינער אַ פעהלער געטאָן און מ׳וויל ער זאָל זיך בעסערן, דאַרף מען איהם ניט אָבשטויסען, נאָר פערקעהרט, בע־האַנדלען זעהר פריינדליך, אויסזוכען עפּעס אַ מעלה ביי איהם און ווייזען איהם, אַז ער איז פעהיג צו טאָן גוטע זאַכען. ער דאַרף נאָר אָנשטרענגען זיין רצון.

אָט זענען אייניגע לעגענדען, וואָס כאַראַקטעריזירען אויסגע־צייכענט די פּערזענליכקייט פון ר׳ לוי יצחק.

אַמאָל, דערצעהלען בערדיטשעווער יודען, איז געקומען צו איהם אַ יודענע קלאָגען זיך, אַז ביי איהר האַלטען זיך קיין קינדער ניט, און געבעטען, ער זאָל איהר אַרויסגעבען אַ תשובה. „וואָס האָסטו געזינדיגט? פרעגט איהר ר׳ לוי יצחק. „איך האָב, זאָגט זי, אָפּט די פלייש ניט געוועיקט״. „עט,—מאַכט ר׳ לוי יצחק,—פאַר דאָס זאָל דער אייבערשטער שטראָפען? ניין, ניט דאָס! אפשר האָסטו אַן אַנדער זינד בעגאַנגען?״ „איך האָב,—זאָגט די יודענע—אָפּט מאָל די פלייש ניט געזאַלצען״. „עט! — זאָגט ווייטער ר׳ לוי יצחק—דערפאַר קען דער אייבערשטער ניט שטראָפען אַזוי האַרט. אפשר האָסטו עפּעס אַנדערש געטאָן? די יודענע איז ביסלעכווייז מודה, אַז זי האָט ניט איין מאָל אַ הוהן גע׳גנב׳עט; אַז זי איז דעם מאַן אונטריי געווען; אַז זי האָט עופות אַליין געקוילעט. אָבער ר׳ לוי יצחק שאָקעלט אַלץ מיט׳ן קאָפּ: פאַר דאָס אַלץ קומט ניט אַזאַ האַרבע שטראָף. אפשר האָסטו נאָך עפּעס געטאָן? פרעגט דער רבי. די ווייבעל קען שוין מעהר ניט געפינען. זי האָט געטאָן אַזוינע שרעקליכע עברות! וואָס קען זיין מעהר? אָבער ר׳ לוי יצחק הייסט איהר בעקלערען זיך, טאָמער וועט זי גע־פינען עפּעס נאָך ערגערע זאַכען. זי קלערט, קלערט און געפינט עפּעס יע.—איך האָב די אורחים פון מיין אכסניא, זאָגט זי, שבת צו וואַר־מעס געגעבען טרייפע קוגעל עסען.

— אָט! — זאָגט ר׳ לוי יצחק—זעהסטו מיין טאָכטער, וואָס דו

האָסט אליין געטאָן, איז נאָט א פּאָטער, וועט ער מוחל זיין. אָבער מאכען שטרויכלען יענעם אין אן עבירה, אָהן זיין וויסען, דאָס איז ערגער פון אלץ, וואָס דו האָסט געטאָן.

פאר ראש השנה, בשעת דער „קטרוג" אויף יודען איז גרויס און א פיש אין וואסער ציטערט; בשעת ווייבער זענען אין שרעק פאר׳ן לעבען פון זייערע מאנען און קינדער; בשעת אלע יודען האָבען מורא פאר׳ן „גזר דין" און פאסטען און וויינען, און שרייען, און האלטען אין איין מודה זיין זיך אין נאָט ווייס וואָס פאר א פערברעכענס, האט זיך ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער געפיהלט זעהר שלעכט. ער האט דאן ועלטען גע־קעהרט צו בעווייזען יודען, אז גאָט איז גאָר נים אזא בייזער, ער זאָל שטראָפען זיין פאָלק, און—גאָט צו בעווייזען, אז זיין פאָלק איז א טייער פאָלק, א שען פאָלק און איז גאָר נים אזוי זינדיג. מ׳דערצעהלט פון איהם תורות, פסוקים, ווערטלאך און וויצען (ר׳ לוי יצחק איז געווען זעהר א פרעהליכער, א ריהרעוודינער יוד), וואָס שטרייכלען אונטער אלע אָט דעמזעלבען כאראקטער, דיזעלבע ליעבע זיינע צום פאָלק.

ראש השנה ביי נאכט פלעגט ער זאָגען: רבונו של עולם! דו ביזט דאָך א גרויסער בעל מעלות. מ׳זאָגט אויף דיר: לך ד׳ הגדולה והגבורה והנצח וההוד (דיר, גאָט, בעלאנגט די גרויסקייט, די העל־דישקייט, די אייבינקייט, די שענקייט). דארפסטו האבען נאָך א מעלה: דארפסט זיך נאָך אויסלערנען שרייבען.

און שרייבען דארף גאָט, ס׳פערשטעהט זיך אליין, א גוטען צעטעל. אי, טאָמער מאכט זיך, אז ראש השנה פאלט אוים שבת! ווייזט איהם ר׳ לוי יצחק פון דער גמרא, אז „פקוח נפש איז דוחה שבת". ד. ה. ווען עס האנדעלט זיך אין ראטעווען א נפש, קוקט מען נים אויף שבת...

ר׳ לוי יצחק פלעגט נים בעטען ביי גאָט פאר יודען, נאָר פאָדערן מיט תקיפות. און אלץ מיט א ווערטעל, מיט א פסוק.

מ׳זאָגט אויף דיר,—טענה׳ט ר׳ לוי יצחק צום רבונו של עולם— „ואתה קדוש יושב תהלות ישראל", ד. ה. און דו, הייליגער, דו זיצט אויף לויבגעזאנגען פון דעם פאָלק ישראל. היינט אז דו זיצט אויף אזא

װאױלטאָג, טו צאָהל ארענדע—גיב פרנסה!..

אױף דערמזעלבען שניט האָט ער געטײטשט דעם פסוק פון ישעיה: בנים גדלתי ורוממתי והם פשעו בי. דער פשוט׳ער טײטש איז: קינדער האָב איך אױסגעהאָדעװעט, דערהױבען און זײ האָבען גע־פעלשט אָן מיר. ר׳ לוי יצחק נעהמט זיך אָבער אָן פאר יודען און טײטשט אױף זײן שטײגער: בנים גדלתי ורוממתי—איך טענה: איך האָב אזעלכע שענע, פײנע קינדער, והם—און זײ טענה׳ן—פשעו בי, אז זײ זענען זינדיג געגען מיר...

ר׳ לוי יצחק האָט זיך אָבער ניט בענוגענט מיט װערטער און פסוקים צו פערטײדיגען דעם כלל ישראל. ער פלעגט אָפט ארױס אין מארק און מאכען „דעמאָנסטראַציעס״. ער געהט, א שטײגער אין גאָס, זעהט א יונגעלע לױפט אין שול זאָגען קריש. האלט ער דעם יונגעלע אָב, מאכט מיט איהם א שמועס, זאָגט איהם צו גוטע זאכען, ער זאָל איצט ניט געהן אין שול. דער יונגעלע װײס ניט, נאטירליך, װער דאָס איז. װערט בײז, רײסט זיך פון איהם: ער װעט פערשפעטיגען קדיש... און װען ער לאָזט איהם ניט, שרײט ער אױף איהם: װאָס האט איהר זיך צוגעטשעפעט! און שילט איהם. דעמאָלט לאָזט ער איהם אָב און װענדט זיך צום הימעל מיט נצחון: אהא, רבונו של עולם! זעהסט ס׳אָרא פאָלק דו האָסט!...

אָדער: ער שטעהט אױף פריה, פערקלײדט זיך מ׳זאָל איהם ניט דערקענען, און געהט ארױס פרײטאָג אױפ׳ן מארק מיט א גאנצען פאלומעשאָק בולקעס, בראנפען, פיש און שטופט עס אין סאמע מויל ארײן די טרעגער און פוהרמאנעס, װאָס שטעהען מיט זײערע פוהרען אױפ׳ן מארק: „נאָט יודען װער װיל אָנבײסען״. בײ די טרעגער און פוהרמאנעס רינט אזש די שפײעכץ אױף די ליפען, װען זײ טוען נאָר א קוק אױפ׳ן געשמאקען אָנבײסען. אָבער קײנער ריהרט זיך ניט צו. א דאנק, רב יוד! מיר האָבען נאָך ניט געדאװענט...

רב לוי יצחק נעהמט אװעק און טרומפירט װײטער: „נו, רבונו של עולם, װאו האָסטו נאָך אזא שענע פאָלק, װי יודען?...

נאָר ריהרענדער פון אלץ איז פאָלגענדער פאָלקס-נגון, װאָס

בעלאנגט צו ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער און וואָס בעוויזט זיין טיפע ליעבע צום פאָלק. דעם נגון, זאָגען בערדיטשעווער יודען, פלעגט ער זינגען ראש השנה ביי נאכט. אָט זענען די ווערטער:

„דער טאטע, זכרונו לברכה, האָט מיר דערצעהלט א מעשה:
„ס׳איז אמאָל געקומען צו איהם א יודענע
„און האָט בּיטער געוויינט.
„האָט דער טאטע איהר געזאָגט:
„סערדצע, סערדצע, וואָס זשע וויינסטו?
„האָט זי געזאָגט: דער קאָפּ טוט מיר וועה!
„האט דער טאטע געזאָגט:
„סערדצע, סערדצע, ניטע זשע וויין!
„וואָרום, אז דו וועסט וויינען,
„וועט דיר דער קאָפּ נאָך ערגער וועה טאָן.
„האט זי געזאָגט:
„ווי אזוי זאָל איך ניט וויינען,
„ווי אזוי זאָל איך ניט סלאָגען,
„אז סע געהען אזוינע פאַרכטינע טעג,
„האָב איך מורא.
„טאָמער וועלען מיינע קינדער
„ניט זוכה בדין זיין.
„האָט דער טאטע געזאָגט:
„סערדצע, סערדצע! ניטע זשע וויין!
„דער אויבערשטער איז א רחום וחנון,
„דער אייבערשטער איז א רחום וחנון,
„וועט ער מסתמא רחמנות האָבען
„אויף זיינע קינדער,
„און בפרט נאָך
„אויף אזוינע טייערע קינדער.
„ככתוב—אזוי ווי אין פסוק שטעהט:
„הבן יקיר לי אפרים —

„איז מיר אפרים אזא טייער זוהן,
„אם ילד שעשועים,
„איז ער אזא ליעב הארציג קינד,
„כי מדי דברי בו,
„אז ווען איך רייד וועגען איהם,
„זכור אזכרנו עוד,
„טו איך איהם מעהר דערמאָהנען,
„על כן המו מעי לו,
„דערום טוט מיין הארץ נאָך איהם בענקען,
„רחם ארחמנו
„און איך בין פול מיט דערבארעמקייט צו איהם—
„נאום ד׳
„אזוי זאָגט גאָט.

אין זיין אויפפאסונג פון דער גאָטהייט דערהויבט זיך ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער אָפט צו דער וועלטאנשויאונג פון א ספינאָזא. אין די בעציהונגען צווישען מענש און גאָט פערלאַנגט ער נאָר איין זאך: דער מענש זאָל גליקליך זיין, זאָל זיך גוט פיהלען. נאָר אין א צושטאנד פון פרייד קען דער מענש בעקומען די השפעה פון דער געטליכקייט.

נאָר ר׳ לוי יצחק איז אויך געווען א טיפע דיכטערישע נשמה. אין גאנצען לאָזט ער זיך זעהן אין זיין בעריהמטער „דודקע-ליעד", וואס בעלאַנגט צו די פערל פון דער יודישער פאָלקסדיכטונג. אָט איז דאָס ליעד:

רבונו של עולם (צוויי מאָל),
איך וויל פאַר דיר אויף דער דודקע שפילען:
אנא אמצאך ואנא לא אמצאך—
א וואו קען איך דיך יאָ געפינען,
און א וואו קען איך דיך נים געפינען?
אז וואו איך געה ביזטו ־ ד ו,
און וואו איך שטעה-וויטער ד ו,

און וואו איך זיץ־אָבער דו,
אַלץ־דו, נאָר־דו, אַך־דו, רק־דו
דודודו!... דראַראַרדו...
אַז ס׳איז גוט—ביזטו דו,
חלילה ניט—ווייטער דו,
גוט—דו! שלעכט—דו!
אַלץ—דו! נאָר—דו!
אַך—דו! רק—דו!
דודודו!... דראַראַרדו...
מזרח—דו,
מערב—דו,
צפון—דו,
דרום—דו;
מעלה—דו,
מטה—דו;
נאָר—דו!
אַלץ—דו!
אַך—דו!
רק—דו!
דודודו! דראַראַרדו!...

דער נגון פון ר׳ לוי יצחק׳ס „דודקע-ליעד״ בעלאַנגט צו די שענסטע און האַרצנרייסענדסטע פאָלקס-נגונים.

ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער האָט ניט געלאָזן נאָך זיך ניט קיין טראָן, ניט קיין טראַנפאָלגער. צו שטאַרק, צו קאָמפּליצירט איז געווען זיין פערזענליכקייט, אַז עמיצער אַן אַנדערער זאָל זיין אין שטאַנד פערטרעטען ביים פאָלק זיין פּלאַץ. ער האָט אויך זיינע קינדער ניט ערצויגען דערצו. זיין העכער פאַר׳ן פאָלק, הערשעוועון איבער איהם איז געווען געגען זיין נאַטור, געגען זיין גאַנצער וועלטאַנשויאונג. דאָס וואָס ער האָט געשפּילט די ראָלע פון א „גוטען יוד״ איז אַליין פון זיך געוואָרען, איז אַרויסגעוואַקסען פון זיין רייך בעגאַבטער פערזענליכקייט

פון זיין גרויסען טאלאנט פון א פאלקסלעהרער און כאלקספיהרער. וואס איז די מעשה זאגט, ער, אין זיינע תורה וואס אין „תנך" ביי די מלכים שטעהט אלץ: וימלוך—וימת, וימלוך—וימת (געווארען קעניג און גע־שטארבען, געווארען קעניג און געשטארבען)? דערפון לערנען מיר, אז וויבאלד א מענש הויבט אן זיך גרויס צו האלטען און אויפהויבען זיך איבער אנדערע, איז דאס גופא זיין טויט. אין דעם „קעניג" שטארבט דער „מענש". אין געגענזאץ צו א סך גוטע יודען האט ער זיך שטענדיג געהאלטען נאהענט צום פשוט'ן פאלק, צום המון. דער־יבער איז ער ביי די פרומע יודען דער געליבטעסטער פאלקסהעלד געבליבען; דעריבער איז קיין גוטען יוד'ס אנדענקען ניט ארומגערינ־געלט ביים פאלק מיט אזא קראנץ פון הארציגע, ריהרענדע לעגענדען, ווי דער אנדענקען פון ר' לוי יצחק בערדיטשעווער.

---

איך בין געווען אין ר' לוי יצחק'ס „אוהל" אויפ'ן בערדיטשעווער בית עולם. בערדיטשעווער יודען ווייסען, פיהלען, אז אט דער מויערל איז דאס שענסטע, דאס בעסטע, וואס זיי פערמאגען פון זייער פער־גאנגענהייט. און זיי האלטען דעם „אוהל" זעהר טייער. דער חיי־לינסטער וואונש פון יעדען בערדיטשעווער פרומען יודען איז צו ליגען נאהענט צו זיין קבר. אבער דער פלאץ ארום און ארום אין אלע זייטען איז שוין פערנומען. אפילו דער שטיקעל פרייער פלאץ ביי'ן סאמע ארייננאנג אין „אוהל" איז פערנומען. דא ליגט ר' לוי יצחק'ס אן אור אייניקעל, וואס איז מיט עטליכע יאהר צוריק געשטארבען. ווענגען אט דעם קבר דערצעהלען בערדיטשעווער יודען זעהר א ריה־רענדע געשיכטע. אויף דעם דאזיגען איינציג-איבריג געבליבענעם פרייען פלאץ, נעבען דעם אוהל, זענען געווען צוויי „פרעטענדענטען־

(בעלנים)—ביידע ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער׳ס אור־אייניקלאך. א לאנגע צייט האָבען זיי זיך גע׳דין־תורה׳ט ביי „בית דין״ וועגען דעם פלאַץ. בית־דין האָט זיך אָבער אַלץ נים בעשלאָסען צו פסק׳ענען: וועמען בעלאַנגט דאָס רעכט צו ליגען ביי׳ן ריידען צופוסען. איינער פון די פרעטענדענטען, דער עלטערער, האָט זיך אָבער געפּיהלט „אויף דער צייט״... ער האָט מורא געהאַט: טאָמער שטאַרבט ער און וועט נים ליגען נעבען דעם געליבטען זיידען. איז ער זיך מישב און—האָט פער־כאַפּט דעם קבר מיט גוואַלד: האָט אויסגעגראָבען דאָרט א גרוב, אָנגעטאָן זיך אין תכריכים, אריינגעלעגט זיך א לעבעדיגער אין קבר און עטליכע שעה נאָכאַנאַנד געוויינט און תהילים געזאָגט. אזוי האָט ער געטאָן אַלע אין דער פריה.

נעגען אזא אונערוואַרטעטען מיטעל אריינצוקריגען אין בעזיץ דעם קבר האָט מען גאָר נישט געקאָנט טאָן. אין א קורצע צייט אַרום איז זיין היילינער וואונש ערפילט געוואָרען.

נאָך א לעבעדיגערער דענקמאָל נאָך ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער איז געבליבען די שול, וואו ער האָט געדאַווענט און געלערנט. די שול הייסט נאָך זיין נאָמען. דאָרט געפינט זיך די בעזונדערע ווינקעל־שטיבעל, וואו ער פלעגט זיצען און לערנען. עס שטעהט נאָך דאָרט אין שטיבעל דער טיש, ביי וועלכען ער פלעגט לערנען און די באַנק אויף וועלכער ער פלעגט זיצען. אויף דערזעלבער באַנק, ביי דעמזעלבען טיש האָב איך פערבראַכט איינינע שטונדען אין א געמיטליכען שמועס אין דער געזעלשאַפט פון ר׳ לוי יצחק׳ס אן אוראייניקעל, וואָס לעבט נאָך איצט, און אַנדערע בערדיטשעווער זקנים, וועמען איך האָב צו פערדאַנקען דעם גרעסטען טייל פון די פאַקטען און לעגענדען, מיט וועלכע איך האָב זיך בענוצט אין מיין איצטיגער שילדערונג. נאַטירליך האָב איך געמוזט שטעלען „תקון״, פשוט גערעדט—מכבד זיין דעם עולם מיט לעקאַך און בראַנפען, ווי דער מנהג איז ביי חסידים. דער־פאַר האָט דער חסידישער פשוט׳ער עולם פערבראַכט מיט מיר זעהר גערן, האָט מיר אויך איינגעטיילט א חלק און, בכלל בעהאַנדעלט מיך, ווי אן איינענעם מענשען. א וואונדערליכע שטימונג האָט מיך בעהערשט

אין יענעם אָװענד, עס האָט זיך גערעכט, אַז די הונדערט און דריי יאָהר, וואָס זענען אַוועק נאָך ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער׳ס טויט זענען פערשוואונדען, און אײנ׳ם לעבעדיגען שטועם ביי זיין טיש, אויף זיין באַנק, אין זיין שטיבעל האָט געגומען אַן אנטייל ער אַליין, דער „באַרדיטשעווער׳׳, דער גרויסער פאָלקספריינד, וואָס האָט געלערנט, אַז די „השפעה׳׳ פון „אלקות׳׳ קען זיין נאָר מתוך שמחה; אַז די פער־בינדונג צווישען מענש און גאָט קען זיין נאָר, ווען דער מענש איז צופרידען, איז ערדיש־גליקליך.

---

אין דער צייט פון ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער איז אַרויס די „גזרה׳׳: יודען זאָלען זיך געבען „פאַמיליעס׳׳, ד. ה. פאַמיליען־נעמען.

געקומען דער גוי, דער טשינאָווניק;

— נו, פּאַניע ראַבין, ווי זאָל מען דיין פאַמיליע שרייבען? דער קיסר האָט געהייסען: יודען זאָלען אויך, ווי די רוסען, האָבען פאַמיליעס.

ר׳ לוי יצחק האָט ניט פערשטאַנען: צו וואָס, מען דאַרף דאָס. דאַכט זיך, ער האָט שוין צוויי נעמען, און אַ דריטען אויך. נאָר דער גוי האָט ניט געוואָלט אָוועקגעהן. נאָר אַ פאַמיליע! דער קיסר האָט געהייסען!

ר׳ לוי יצחק האָט אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס אויפגע־הויבען די אויגען צום הימעל און נאָר געזאָגט: דערבאַרעמדיגער!...

ר׳ לוי יצחק׳ס אייניקלאַך רופען זיך ביז היינטיגען טאָג מיט דעם פאַמיליען־נאָמען „דערבאַרעמדיגער׳׳.



# דער „שאגת אריה״.

דאָס איז געווען איינער פון די מערקווירדיגסטע רבנים אין יענער וואונדערליכער צייט, ווען אייראָפּא האָט געשמעקט מיט דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און ביי די ליטווישע יודען איז געווען אין העכסטען ברען דער קאַמפּף צווישען פאָלק און די רבנים פון איין זייט און די גבירים און קהל׳שע פיהרער פון דער אנדערער.

דער „שאגת אריה״ האָט געלעבט אין איין צייט מיט דעם ווילנער גאון. מ׳זאָגט, אז אין חריפות איז ער געווען העכער פאַר׳ן גאון, און צוזאַמען מיט איהם האָט ער געגאָלטען פאַר׳ן גרעסטען אויטאָריטעט אין תלמוד׳ישע פראַגען פון יענער צייט. פונדעסטוועגען איז דער „שאגת אריה״ ניט אַרומגערינגעלט מיט אזא רוהם און גלאַנץ ביי די שפּעטערדיגע דורות, ווי דער ווילנער גאון. און מיט ד ע ם נאָמען איז פערבונדען דער שיקזאַל פון אַ מענשען, וואָס איז געווען אַ רעטעניש אין זיין צייט און געבליבען אַ רעטעניש ביז׳ן היינטיגען טאָג.

זיין נאָמען איז אַרומגערינגעלט מיט לעגענדעס, אזוי ווי דער נאָמען פונ׳ם ווילנער גאון. אָבער די לעגענדעס כאַראַקטעריזירען ניט אזוי די הייליגקייט, ווי די שאַרף אָריגינעלע פּערזענליכקייט פון אָט דעם גענ[י]אַלען מענשען. עס איז גענוג צו ווייזען אויף איינע פון די דאָזיגע לעגענדעס אום צו זעהן, אז מיר האָבען דאָ צו טון מיט אזא סאָרט רב, וואָס האָט ניט זיין גלייכען צווישען די רבנים פון זיין צייט,

און נאָך איהם.

אָט די לענענדרע דערצעהלט, אז מ׳האָט איהם פון מינסק, וואו ער איז געווען רב, ארויסגעפיהרט אויף אָקסען. דאָס איז געווען אין יענער צייט, דער גרעסטער בזיון, וואָס מ׳האָט אַ מענשען געקענט אַנטאָן. פאַרוואָס די מינסקער שטאָדט-פיהרער האָבען זיך ערלויבט אזא שענדליכע האנדלונג געגען אזא גאון איז אונבעקאנט. אז ער האָט קיין גרויסען פערברעך נים בעגאנגען, ווייזט דער פאַקט, וואָס מ׳האָט איהם באַלד נאָכדעם צונענומען פאַר אַ רב אין וואָלאָזשין, וואו ער איז געווען רב שוין פריהער.

פון וואָלאָזשין איז דער „שאגת אריה״ אוועק, ווייל ער האָט נעבעטען נאָך אַ גילדען אַ וואָך, (ער האָט נענומען פיער גילדען און האָט פערלאנגט אַ פינפטען) און מ׳האָט איהם נים געגעבען. אנדערע זאָגען, אז ער האָט קיין געלד נים געבעטען. ער האָט נאָר פערלאנגט קינעלאַך פון קהל (פון קערעַסין האָט מען נאָך דעמאָלט נים געוואוסט, און ליכט זענען נאָר געווען חלב׳נע, און די האָט מען זיך ערלויבט צו נעברויכען נור ערב שבת און יום טוב אויף ליכט בענטשען; אָן דער וואָכען האט מען, ביי נאַכט, געארבייט, גענעסען און געלערנט פאַר קינעלאַך). נאָך אַ דריטע לענענדע זאָגט, אז דער „שאגת אריה״ האָט בעקומען נים פיער, נאָר צוויי גילדען אַ וואָך שכירות און ער האָט געבעטען אַ הוספה בלויז צעהן גראָשען.

קהל האָט אויפגערופען אנ׳אסיפה און, נאָך אַ לאנגען ישוב־הדעת, האט מען בעשלאָסען, אז ס׳איז ניטאָ פון וואנען צו נעהמען די צעהן גראָשען און דער רב האט געמוזט זוכען אָן אנדער שטעדטעל.

דער דאָזיגער פאַקט בעווייזט די גרויסע אָרימקייט פון די יודישע געמיינדעס אין יענער צייט. ס׳איז אָבער אויך מעגליך, אז דאָ האט געשפּילט אַ ראָליע נים אזוי די אָרימקייט, ווי די בעציהונגען פון די קהל׳שע פיהרער, די גראָבע-יונגען, צו זייערע גייסטיגע לעהרער. מיר ווייסען צ. ב., אז׳ ווען מ׳האָט געדאַרפט געבען אַ „טשינאָווניק״ כאַבאַר, האט מען נים געקאַרגט קיין הונדערטער און קיין טויזענדער גילדען און אפילו רענדלאַך. דערפון פלעגען געוועהנליך, די „שתדלנים״ אָבלעקען

אַ פּעטען-ביינדעל. דער ווילנער גאון, צ. ב., האָט בלויז אויף דער עלטער איינגעשטימט צו נעהמען ביי קהל שבירות, עטליכע גילדען אַ וואָך. נאָר אפילו אָט די קאַרגע שבירות האט יאָהרענלאַנג דער שמש, דורך וועלכען מ'האָט דאָס געלד געשיקט, צו גע'גנב'עט פאַר זיך. נאָר פאַר'ן טויט האָט ער זיך מודה געווען. אינרעסטן געפינען מיר אין דעם בעוואוסטען ווערק פון בערשאַדסקי, „די ליטווישע יודען", אין רוסיש, אַ דאָקומענט, וואָס ווייזט, אַז פאַר דער אָפיציעלער טאַכט און פאַר דער געמיינדע האָבען די קהל־פיהרער דערלאַנגט אַ חשבון, אַז זיי צאָהלען דעם גאון 1400 גילדען אַ יאָהר, אַ חוץ דירה און אָפטע מתנות. געסווייזשער יודען האָבען מיר דערצעהלט, אַז זייער אַמאָליגער רב ר' ראובעלע—אויך איינער פון די מערקווירדינסטע אַלטע רבנים—האָט געמוזט פערלאָזען שטעדטעל, ווייל ער האָט געבעטען אַ פערטען גיל־דען—אַ הוספה אויף דער וואָך שבירות, און סהל האָט ניט געוואָלט געבען. ר' ראובעלען—דערצעהלט די לעגענדע—איז שווער געווען צו פערלאָזען די שטאָדט, וואו ער האָט אַ סך יאָהרען פערבראַכט. קומענ־דיג אונטער שטאָדט מיט אַלע זיינע טלומקעס, האָט זיך ר' ראובעלע אָבגעשטעלט און געוואָרט: טאָמער וועט מען איהם אומקעהרען. מ'האָט דאָס געמאָלדען דעם פּרנס-חודש.—זאָל ער פאָהרען! האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האנד דער פּרנס-חודש,—מיר'ן קרינען אַ רב פאַר דריי גילדען אַ וואָך אויך.

דער „שאגת אריה" האָט, נאָך מינסק, פערבראַכט אין וואלאָזשין נאָר איין יאָהר. צי איז איהם געווען וועניג צו לעבען מיט זיין געזינד פאַר עטליכע גילדען אַ וואָך? אָדער עס האָט איהם גלאַט געצויגען אין דער ברייטער וועלט—איז ניט בעוואוסט. נאָר באַלד איז ער ווידער אוועק פון וואלאָזשין אָבריכטען גלות. ער איז אין גיכען בעוואוסט גע־וואָרען אין דער גאַנצער וועלט מיט זיין ספר „שאגת אריה". איידער ער איז אוועק פון וואלאָזשין, האט ער צוגעזאָגט ר' חיים'קעס מוטער (דעמאָלט איז ר' חיים'קע נאָך געווען אַ יונגער בחור), אַז מיט איהרע קינדער וועט זיך בענטשען די וועלט. די ברכה האט ער איהר נעגעבען ד'ערפאַר, וואָס זי האָט איהם ערלויבט צו לערנען און איהר מאַנ'ס

ש״ס. וואָרום אין גאַנץ שטעדטעל איז נור געווען איין ש״ס—ביי ר׳ חיים׳קעס פאָטער. דאָס איז געווען אזוי טייער, אז לייהען א ספר פון שטוב פלעגט מען קיין מענשען ניט. ס׳מעג זיין דער רב אליין. ר׳ חיים׳קעס מוטער האָט, בשתיקה פון איהר מאַן, געליהען דעם „שאגת אריה״ א גמרא צו לערנען דערין. דאָס איז געווען אזא גרויסער "חסד, אז ער האָט איהר דערפאַר געבענשט.

דער „שאגת אריה״ איז געווען א שטאָלצער און א בייזער יוד. אז מ׳האָט איהם ארויסגעפיהרט אויף אָקסען פון מינסק אונטער שטאָדט, האט ער זיך אָבגעקעהרט און געזאָגט: עס ברענט נאָך ניט? און באלד—רערצעהלט די לעגענדע—האָט מינסק אָנגעהויבען צו ברענען. און פון דעמאָלט אָן האט די שטאָדט געברענט, כמעט אלע יאָהר. דאָס האט איהר דער „שאגת אריה״ פערשאָלטען. אזוי דער־צעהלען מינסקער יודען ביז היינטיגען טאָג.

פון וואלאָזשין איז דער „שאגת אריה״—אָבריכטענדיג גלות—געקומען קיין קעניגסבערג. דאָרטען איז דעמאָלט געווען רב א בעד־וואוסטער ר׳ ליב עפשטיין. דער „שאגת אריה״ איז געקומען צו דער רבצין אין קיך, געגעבען איהר אביסעל גרויפען—האָט עס נאָך פון ליטא מיט זיך געטראָגען אין א זעקעל,—און געבעטען, זי זאָל דאָס איהם אויסקאָכען. ברויט וועט ער אליין ברענגען. אז דער רב איז געקומען פון שול, האָט איהם די רבצין דערצעהלט פון דעם מאָדנעם גאַסט. „דאָס איז געוויס ניט קיין פשוט׳ער יוד״—האט דער רב גע־קלערט, מ׳דארף זיך מיט איהם פארהערען אין לערנען. אז ער וועט קומען נאָך אמאָל—האט ער פארזאָגט דער רבצין—זאל זי איהם, דעם רב, באלד מודיע זיין.

אז דער „שאגת אריה״ איז געקומען, האָט איהם די רבצין מיט גרויס דרך ארץ אריינגעבעטען צום רב. ביי׳ן רב אין חדר האט דער „שאגת אריה״ געזעהן אויפ׳ן טיש זיין ספר. ער האט זיך פארשטעלט פאַר א פשוט׳ן באלעבאָס, וואָס קען א ביסעל לערנען און איז געשטאַ־נען פאַר׳ן רב. דער רב האט זיך גענומען מיט איהם אביסעל מפלפל זיין. דאָ האט דער כלומרשט פשוט׳ער באלעבאָס ניט געקענט

אויסהאַלטען די ו'אָלע, און געפיהרט גענען רב א שטאַרקען שטרייט. אין „פלפול" איז קיין גרעסערער פאַר'ן „שאגת אריה" אין יענער צייט נים געווען. ענדליך איז דער קעניגסבערגער רב ארויס פון געדולטד און שרייט, ווייזענדיג אויפ'ן אָפענעם ספר, וואָס איז געלעגען אויפ'ן טיש.

— און אז איך וועל אייך ווייזען, אז אזוי מיינט בפירוש דער „שאגת אריה"?

— דער „שאגת אריה"! האָט דער גאַסט אויסגעשריען, נו, איז וואָס? איך קען אזוי לערנען, ווי דער „שאגת אריה".

אזא „חוצפה" פון א פשוט'ען באלעבאָס האט געמאכט שטוינען דעם רב.

— ר' יוד,—מאַכט ער צום אורח מיט כעס,—איהר ווייסט וואָס איהר רעדט? איהר קענט דעם „שאגת אריה"?

— נעווים קען איך איהם זעהר גוט, האָט דער „שאגת אריה" חיציג געענטפערט.

דער רב איז א ביסעל ווייכער געוואָרען. א ליטווישער יוד, וואָס קען דעם „שאגת אריה" פנים אל פנים... אזא געלעגענהייט דאַרף מען אויסנוצען.

— אזוי,—מאַכט ער צום גאַסט, וואָס איז נאָך אלץ געשטאַנען פאַר איהם,—קענט איהר, הייסט עס, דעם „שאגת אריה"? ווי אזוי? וואו האט איהר איהם געזעהן? וואו איז ער איצט?

— ער איז דאָ,—האָט דער אורח רוהיג ערקלערט.

— וואָס הייסט?... וואָס רעדט איהר?...

נאָר באלד האָט, ווי א בליץ, דורכגעלייכט דעם רב'ס געדאַנק.

— רבי! האָט ער א געשריי געטאָן, אויפכאַפענדיג זיך פון זיין שטוהל, דאָס זייט איהר... דער „שאגת אריה"... סטייטש... איהר שטעהט און איך זיץ...

אין א פאָר טעג ארום זענען געקומען פון מעץ שלוחים קיין קעניגסבערג צום רב, ר' לייבעלע עפשטיין, מיט א „כתב־רבנות". זיי האָבען איהם געוואָלט צונעהמען צו זיך פאַר א רב.

מעץ, אָם די אלטע יודישע שטאָדט, איז געווען איינע פון די

גרעסטע יחסנ׳טעס אין יודישען געטאָ פון דער גאַנצער וועלט. מעצער רבנות האָט זיך גערעכענט פאַר איינע פון די גרעסטע. פאַר׳ן קעניגס־בערגער רב איז דאָס געווען אַ גרויסער כבוד. נאָר ער האָט זיך פון די רבנות אָבגעזאָגט.

— דאָ איז פאַראַן אַ גרעסערער פון מיר, וואָס איז מעהר ראוי צו זיין ביי אייך רב—האָט ער געמעלדט די שלוחים.

דער „שאגת אריה״ האָט צוגענומען מעצער רבנות.

בשעת ער איז געפאָהרען פון קעניגסבערג קיין מעץ, האָט מען געגעבען טעלעגראַמעס אין אַלע שטעדט און שטעדטלאַך אויפ׳ן וועג, אַז דער „שאגת אריה״ פאָהרט. פון אַלע סטאַנציעס אויפ׳ן וועג זענען פאָרשטעהער פון די יודישע קהילות אַרויס איהם אַנטקעגען און בע־געגענט איהם מיט גרויס פּאַראַד.

דער „שאגת אריה״ איז געווען אַ מורא׳דיג שטרענגער און בייזער יוד. אַז ער האָט גע׳דרש׳נט דעם ערשטען, צי דעם צווייטען מאָל אין מעץ, אין שול פאַר׳ן עולם, האָט איהם איינער פון די צוהערער איבער־געשלאָגען מיט אַ קשיא. דאָס פּאַסט זיך, פערשטעהט זיך, ניט פאַר אַ רב. אַז מ׳וויל פרעגען אַ קשיא, פרעגט מען דערנאָך. אין מיטען רייסט מען ניט איבער. דער „שאגת אריה״ האָט דערויף „רעאַגירט״ אויף זיין „שאגת אריה׳שען״ שטייגער: ער האָט אַראָבגעצויגען אַ פּאַנטאָ־פעל פון פוס און... געלאָזען דעם פרעגער אין קאָפּ...

אין מינסק האָט מען פאַר אַזאַ מין מעשה דעם „שאגת אריה״ אויף אָקסען אַרויסגעפיהרט. מעץ איז אָבער געווען אין אייראָפּא. דער יוד פון דער קשיא האָט זיך איינגעבויגען, אויפגעהויבען דעם פּאַנטאָפעל און אַ קוש געטאָן.

דער „שאגת אריה״ איז געווען דער גרעסטער מפלפל פון זיין צייט. ער האָט געקענט מיט׳ן פּלפּול דרעהען אַזוי קונציג, אַז איין מאָל האָט ער אין אַ דרשה, צו זיינע צוהערער׳ס ערשטוינען, אויפגעוויזען מיט אותות ומופתים, אַז חמץ איז מותר אום פּסח. אין מינסק האָט מען איהם פאַר אַזוינע גאַנגען אַרויסגעפיהרט אויף אָקסען. נאָר מעצער יודען האָבען זיך בעסער פערשטאַנען אויף זייער נייעם רב. זיי האָבען

נעהאָרכט און געשווינגען און געוואַרט, וואָס דאָ וועט זיין. גראָד איז געווען נאָך ווייט צו פּסח. ס׳איז ניט געווען, וואָס מורא צו האָבען, אַז מעצער יודען וועלען, מיט׳ן היתר פון רב, עסען חלילה, חמץ אום פּסח.

און טאַקע באַלד נאָך פּורים, שבת "זכור", האט זיי דער "שאגת אריה" ווידער געהאַלטען אַ שאַרפע פּלפּולדיגע דרשה, וועלכע ער האָט אָנגעהויבען בזה הלשון: פּויערים! איהר האט שוין אַ היתר אויף צו עסען חמץ אום פּסח! זייט שוין גרייט עובר צו זיין אויף דער תורה! נו, זאָלט איהר זשע וויסען...

און ער האט אָנגעהויבען אויפצואווייזען מיט אַ נאָך שאַרפערען "פּלפּול", ווי גרויס די זינד איז פון "אכילת חמץ".

דער גאַנצער דרוש, אייגענטליך, פריהערדיגער און איצטיגער, איז ביי׳ן "שאגת אריה" געווען אַ רינגעלע אין דער גאַנצער קייט פון זיין קאַמפּס-שיטה געגען "פּלפּול". דאָס איז געווען אַ דעמאָנסטראַציע, וואָס האָט געזאָלט בעווייזען, ווי אַזוי מיט׳ן פּלפּול קען מען פערדרעהען דעם געזונטען שכל, קען מען מאַכען פון שוואַרץ ווייס און פון ווייס— שוואַרץ; ווי אַזוי דער פּלפּול, ערנסט גענומען, אַלס מעטאָד, איז געפעהרליך. אין דעם "שאגת אריה" האָט דער פּלפּול געהאַט דעם שטאַרקסטען פיינד און מעכטיגסטען בעקעמפּפער. ער האָט געפיהרט דעם קאַמפּף אויף זיין וואונדערליכען, שאגת אריה׳דיגען שטייגער, דורך אַזעלכע אָרינגינעלע דעמאָנסטראַציעס. נאָך איהם איז געקומען דער גאון און האָט דורך זיין שטרענגער שיטה נאָך ריינער געמאַכט דעם וועג פאַר׳ן ראַציאָנאַליזם. ר׳ חיים׳קע וואָלאָזשינער, דעם גאונ׳ס בעסטער תלמיד, האָט גענומען די טעאָריע און האָט זי פערקערפּערט אין פּראַקטיק. ער האָט אַ שולע בעשאַפען. אָט די דריי האָבען אויס־געלייטערט דעם יודישען מוח אין זייער צייט, האָבען איהם בעפרייט פון פינסטערנעס און אבערגלויבען. האָבען פּלאַץ געמאַכט פאַר׳ן שכל, פאַר דער מענשליכער געזונדער לאָגיק, דערווייל, פערשטעהט זיך, אויף דעם שמאָלען געביט פון תלמוד־שטודיום. אין זייער צייט איז דאָס אָבער געווען אַ דרייסטע רעפאָרם. מעגרעלסאָן און די שפּעטער־דיגע משכילים האָבען דעם קאַמפּס־פעלד ברייטער געמאַכט. זיי

האָבען דעם ראַציאָנאַליזם, דעם „פּשט״, איבערגעטראָגען צום „חומש״ און תנ״ך. נאָך דעם איז שוין פרייער געוואָרען דער וועג צו דער השכלה, צום איינפאַכען, לאָגישען דענקען בכלל.



# רבּי חיים וואָלאָזשינער.

שוין נײַנציג יאָהר, ווי ר׳ חיים׳קע וואָלאָזשינער איז געשטאָרבען, און זעכציג יאָהר, אונגעפעהר, ווי זיין זוהן, ר׳ איצעלע, איז טויט. און דאָך, ווען איהר קומט איצט אין וואָלאָזין, פיהלט א־הר, ווי די נשמות זייערע טראָגען זיך אין דער לופטען, שוועבען, ניט בלויז אַרום דער וואָלאָזינער ישיבה, נאָר אַרום יעדער וואָלאָזינער הויז, זיי לעבען אין די הינגע יודישע גייסטער, ווי זיי וואָלטען זיך ערשט נעכטען געשיידען מיט זיי.

און דערי‌בער קענט איהר ניט האָבען קיין ריכטיגען בעגריף פון וואָלאָזין, ניט בעקאַנט ווערנדיג מיט אָט די צוויי פּערזענליכקייטען, די שטאַרקסטע פּערזענליכקייטען ניט בלויז אין וואָלאָזין, נאָר אין גאַנצען יודישען תחום פאַר דער גאַנצער צייט פונ׳ם פאָריגען יאָהר־הונדערט.

ר׳ חיים׳קע האָט געשטאַמט פון גרויסען יחוס און פון אַ רייכער פאַמיליע. זיין זיידע און זיין פאָטער זענען געוועזען די גבירים פון זייער שטעדטעל. זיין פאָטער איז געוועזען אי אַ למדן, אי אַ פּרנס—דער פיהרער פון דער געמיינדע. אין דער יוגענד האָט ר׳ חיים׳קע געלערנט ביי די גרעסטע רבנים: ביי ר׳ רפאל האַמבורגער און דעם „שאגת אריה״. צו נײַנצעהן יאָהר איז ער אַוועק אין ווילנא, און האָט געלערנט ביים גאון. ער איז געוועזען דעם גאונ׳ס אַ תלמיד ניט אין דעם געוועהנ־

ליבען זין. ער פלעגט פאָהרען דריי, פיער מאָל אין יאָהר אין ווילנא, אָבזיצען דאָרט צו מאָנאַט צייט און קומען צוריק אין וואלאָזין. אזוי האָט ער זיך געפיהרט, ביז ער איז שוין געוועז אליין א טאַטע פון דער־וואקסענע קינדער און בעריהמט פאר א גדול. ר׳ חיים איז געוועזען דעם גאונ׳ס א תלמיד אין דעם ברייטען זין. ער איז געוועזן זיין טרייסטער און הייסעסטער נאָכפאָלגער. נאָך מעהר: ער האָט גענומען דעם גאונ׳ס טעאָריע און האָט פ׳ו ן איהר און פ א ר איהר א שולע בעשאפען. ער איז בכלל געוועזן דער „עזרא״ פונ׳ם ניינצעהנטען יאָהר־הונדערט ביי יודען. אז ניט ער—זאָגען לומדים—וואָלט די תורה פער־געסען געוואָרען. פון אָנהויב איז ר׳ חיים׳קעס רוהם געוועזן בלויז אַן אָבשפּיגלונג פון דעם גאונ׳ס. שפּעטער, צום סוף פון זיין לעבען, איז זיין אויטאָריטעט געוועזן שוין געשטיצט אויף זיין אייגענעם פערדינסט. פון דער וואלאָזינער ישיבה זענען שוין ארויס טויזענדער תלמידים, וואָס האָבען פארנאנדער געטראָגען זיין תורה איבער דער גאנצער וועלט. א חוץ דעם איז זיין ישיבה געוועזן דער מוסטער פאר א גאנצע רייהע שטעדט. פ א ר ר׳ חיים׳ען איז ניט געוועזן קיין ישיבות. מ׳האָט בלויז געלערנט אין די בתי מדרשים. די קלויזניקעס האָבען געגעסען טעג, געלעבט אין הונגער, אין שמוץ, אין פעראכטונג. א „פאטראָן״ איז געוועזן ביי דעם פאָלק עפּעס א מין ווילדע, קרעציגע, אידיאָטישע בעשעפענים: ר׳ חיים האָט פריהער פון אלץ געהייסען, אז זיינע תלמידים זאָלען ניט הייסען מיט׳ן פערעכטליכען נאָמען „ישיבה־בחורים״, נאָר „ישיבה לייט״. ער האָט אויסגעפיהרט די מאָדע פון „טעג״ און האָט איינגעפיהרט די סיסטעם פון „משולחים״—ער פלעגט אליין אויך ארומפאָהרען און נעהמען ביי די גבירים געלד אויף דער ישיבה. די תלמידים פון דער וואלאָזינער ישיבה האָבען ניט בלויז בעקומען אומ־זיסט לעהרע, נאָר אויך פאנסיאָן, ניט מיט דער נאטור, נאָר מיט געלד—ועבענטליכע סומען, וואָס זענען גענוג צום לעבען. יעדער „ישיבה־מאַן״ האָט זיך געקענט לעבען, ווי ער האָט געוואָלט.

די תלמידים פון דער וואלאָזינער ישיבה האָבען דעריבער אויפגעהויבען דעם רעספּעקט צו לומדים, צו לומדות בכלל אין פאָלק.

פאר ר׳ חיים׳ען איז זעלטען געווען צו קריגען וואו א גמרא. דער „שאגת אריה״ אליין האָט געמחט לערנען אין א פרעמדער גמרא. צום סוף פון ר׳ חיים׳ס לעבען איז די צאָהל פון די לומדים, און דער נאָכפרעג אויף ספרים געווען אזוי גרויס, אז אין ליטא גופא האָבען זיך געיאוועט דרוקען און מ׳האָט געדרוקט שס׳ען און אנדערע הייליגע ספרים אין די טויזענדער עקזעמפּליארען, און ר׳ חיים איז שוין געווען אין שטאנד צו געבען זיינע געליבטע תלמידים גאנצע שס׳ען א מתנה.

דעריבער קען מען זאָגען, אז ביין ענד פון זיין לעבען האָט ר׳ חיים וואלאָזינער גענאָסען אזא כבוד, וואָס איז איבערגעגאנגען אין א מורא און ציטערניש. זיין נאָמען האָט מען דערמאָהנט מיט א גרעסערער עהרפאָרכטיגקייט, כמעט, ווי דעם גאונ׳ס. זיין אויטאָריטעט איז געווען אין גאנץ ליטא אונבעשרענקט. ער איז געווען דער גייסטי־גער זעלבסטהערשער פון תחום. אָהן איהם האָט מען ערגעץ ניט געוואגט צו נעהמען א רב, צו טאָן עפּעס איך כלל-זאכען.

ווי גרויס אָט דער דרך ארץ און מורא פאר ר׳ חיים׳ען איז געווען אין תחום, קען דער לעזער זעהן פון דער לעגענדע מיט ברך (לעז: בייראך) דעם גאליציאנער, וואָס איך האָב געהערט אין וואלאָזין און גיב זי דאָ איבער אין תוך.

ברך איז געווען א גאליציאנער עלוי און איז געקומען נעהמען מינסקער רבנות. ווי דער שטויגער איז, האָט ער שבת געזאָגט אין שול. ער האָט געמוזט זיין נאָר אן אונגעוועהנליכער רעדנער, וואָרום מיט זיין זאָגען האָט ער ממש בעצויבערט גרויס און קליין, אָרים און רייך. עס איז געבליבען מ׳זאָל איהם נעהמען פאר א רב.

נאָר אָהן ר׳ חיים׳ען האָט מען אין קיין גרויסער שטאָדט אין דער ליטא ניט גענומען קיין רב. האָט מען געשיקט צו איהם פרעגען. ר׳ חיים האָט געשיקט א בריף אָנפרעגען אין גאליציען: וואָס מיט איהם, מיט ברך׳ן איז דער מעהר. פאר ר׳ חיים׳ען איז געווען ווייניג א שענער רעדנער.

מ׳וויים ניט וואָס פאר אן ענטפער ער האָט בעקומען פון גאַ־ליציען. נאָר אין גיכען האָט ער געשיקט אין מינסק אן עקסטרא

בעפעהל, אז זיי זאָלען ברך דעם גאַליציאַנער ארויסטרייבען פון מינסק. פשוט ארויסטרייבען.

עס איז ענטשטאַנען אַ קאַמפף צווישען די אַלטע און יונגע. איבערהויפט האָבען פאַר ברך'ן געהאַלטען די יונגע גבירים. פאַר דער צייט וואָס מ'האָט געוואַרט אויף אן ענטפער האָט דער גאַליציאַנער דרשן מורא'דיג אויסגענומען ביי דער שטאָדט. די אַלטע האָבען אָבער נעזיגט. מ'האָט געטאָן אַזוי ווי ר' חיים האָט פערזאָגט: מ'האָט דעם קאַנדידאַט אויף אַ רב פשוט ארויסגעטריבען פון שטאָדט.

די יונגע גבירים האָבען גאָר נישט געקענט טאָן. האָבען זיי ווענינסטענס אָבגעטאָן ר' חיים'ען אַ שפּיצעל: האָבען אויסגעריכט צו איהם אַ שליח מיוחד מיט אַ פערזינגלעטען פּאַקעט.

— איסר! — האָט געזאָגט ר' חיים צו זיין זוהן, ערהאַלטענדיג דעם פּאַקעט, — עפען דעם בריף, זעה, וואָס שטעהט דאָרט.

— איסר עפענט דעם בריף און קוועטשט מיט די פּלייצעס.

— וואָס איז? פרעגט ר' חיים, — וואָס שרייבען זיי?

— אַ ליידינער בוינען פּאַפּיר... מעהר ניטאָ ווי צוויי ווערטער און די זענען פערשטריכעלט, „ראשי תבות".

— זאָג, וואָס שטעהט דאָרט?

— „ק"ק" „נ"נ" — מעהר ניטאָ.

— דו ווייסט ניט ווי דאָס מאַכט?

— ניין,

— וועל איך דיר זאָגען. דאָס מאַכט: „קאַליעקאַ קאַליעקו ניע נאַווידזי..."

דערמיט האָבען די יונגע מינסקער גבירים אָנגעוואונקען, אז ער האָט פערזענליכע פּניות: איין „קאַליקער", ד. ה. איין נאָך האָט פיינט דעם אַנדערן. קאָנקורענץ...

אין אַ קורצע צייט אַרום איז ר' ישעיה, אַ וואָלאָזינער יוד, אַ קרוב צו ר' חיים'ען, געקומען צו איהם און געבראַכט איהם אַ גרוס פון ר' הלל'ן, ר' חיים'ס זוהן, וואָס איז געוועזען אַ איידים אין גראָדנאָ.

— אַ צדיק אַ יוד — האָט ער צוגעגעבען צום גרוס.

— וואָס איז? האָט ר׳ חיים געפרעגט, פערוואונדערט אויף דער אַטעסטאַציע.

— אין בית המדרש האָב איך איהם געטראָפען. ער איז געשטאַנען אין טלית... אונטער איהם—א טייך טרע־ען...

— וואָס איז? האָט ר׳ חיים נאָך מעהר פערוואונדערט געפרעגט.

זיינע, ר׳ חיים׳ס, קינדער דארפען זיין שטאָהלענע יודען... ניט קיין וויינענדיגע.

— אין שול האָט א מגיד געזאָגט,—האָט ר׳ ישעיה ווייטער ראפאָרטירט,—ער האָט די שול געליינט... גרויס און קליין צוגאָסען געוואָרען...

— ווער איז דער מגיד? האָט ר׳ חיים זיך אויפגעכאַפּט אומרוהיג און פערדעכטיג.

— ברך... ר׳ ברך... דער גאַליציאַנער.

— איסר! האָט ר׳ חיים א געשריי געטאָן צום זוהן. שוין, חיים ישפאַנען דעם פערד און לויף אין גראָדנא. אליין זאָלסטו אויפ׳ן בימה ארויף און ברך׳ן פון בימה אראָבטרייבען. און גלייך זאָל ער פון שטאָדט ארויס. א טאָג זאָל ער ניט בלייבען. הערסט, איסר! שוין, שפאַן דעם פערד און פאָהר!

איסר איז געקומען אין גראָדנא און האָט איבערגעגעבען קהל דעם טאַטענס אָרדער.

דעמזעלבען טאָג איז ברך דער גאַליציאַנער פון בימה און פון שטאָדט פערטריבען געוואָרען.

עס זענען אוועק נאָך איינינע יאָהר. ר׳ חיים איז שוין אַלט און שוואַך געוואָרען. קוים וואָס ער איז געגאַנגען. האַלב בלינד איז ער געווען. עסען האָט מען איהם געדארפט צום מויל טראָגען—זיין איינענע האַנד האָט זיך געטרייסעלט.

נאָר איין חוש, דאָס געהער, איז ביי איהם, ווי פריהער, שטאַרק געווען.

אמאָל זיצט ר׳ חיים אין זיין חדר, אָנגעשפּאַרט אויף דער גמרא.

ער האָט מעהר אויסוועניג, ווי אינעווייניג געלערנט. א טרייער תלמיד פון גאון, האָט ביי איהם אויך, ביז דער לעצטער מינוט, „לא פסק פומיא מגירסא" די תורה פון מויל נים אויפגעהערט. אין מיטען הערט ער, ווי די טיר פון זיין שטוב עפענט און פערמאכט זיך האסטיג, מיט א קלאפּ.

ר׳ חיים האָט אונרוהיג דעם קאָפּ אויפגעהויבען און די אויגען אנגעשטעלט.

— וואס איז דאָרט?... שרייט ער פון זיין חדר,—ווער פער־מאכט דאָס די טיר?... מיין טיר דאַרף אָפען זיין... פאר אלעמען... יהי ביתך פתוח לרוחה... זאָל דיין שטוב—זאָגען די חכמים—אָפען זיין, פריי פאר אָרימע לייט, פאר אלעמען,

— דאָ איז דאָ,—האט דער זוהן איסר איהם געמעלדעט און־ענטשלאָסען... דאָ איז געקומען... ער וויל... בעט זאלסט איהם אריינלאָזען...

— ווער?...

— ברך... דער גאליציאנער...

— וואָס האט ברך ביי מיר צוטאָן?—האט ר׳ חיים אויסגע־שריען, אָבער באלד דערמאָהנט זיך, וואס ער האט ערשט געזאָגט: יהי ביתך—דיין שטוב זאָל זיין, פתוח לרוחה—אָפען פאר אלעמען.

— זאָל ער אריין! האט ר׳ חיים ערלויבט.

— רבי!... האט ברך געשטאמעלט, נים וואגענדיג צוגעהן נאָהענט צו ר׳ חיים׳ען. איך פערלאנג... איהר... זאָלט מיר... אתשובה... ארויסגעבען...

— איך? א תשובה? האָט ר׳ חיים׳קע געענטפערט,—דיר? ברך׳ן? דו ביזט דאָך א גאון! דארפסט האָבען מיין תשובה? ווייסט אליין וואָס דו האָסט צו טאָן.

מעהר האָט ר׳ חיים נים גערעדט.

ברך איז אוועק.

אין א צייט ארום—דערצעהלט די לעגענדע (און אזוי איז פער־שריבען אין „תולדות הגר״ח") האָט מען זיך דערוואוסט, אז ברך האָ..

זיך געשמר'ט.

נאָר מיר שיינט וואָרהאַפטיגער דער נוסח ווי „פטשאָלקע", ר' ישעיה'ס 93-יעהריגער זוהן האָט מ'ר דערצעהלט. וואָרום ער האָט עס בקבלה פון זיין טאַטען, וואָס איז געווען אַ שטוב-מענש ביי ר' חיים'קען.

לויט אָט דעם נוסח איז אין אַ יאָהר אַרום ברך דער גאַליצ־יאַנער ווידער געקומען צו ר' חיים'ען. דאָס מאָל האָט איהם דער גייסטיגער זעלבסטהערשער פון יודישען תחום אויפגענומען פריינדליך. ברך איז שוין געווען אַ בעל תשובה. ער האָט דאָס יאָהר גלות אָב־געריכט. דאָס האָט ער זיך אַליין אַ תשובה גענומען—אָן אָבקומענעס פאַר זיינע געהיימע זינד, וואָס, אַ חוץ גאָט, האָבען אויף דער וועלט נאָר צוויי מענשען געוואוסט: ער—ברך אַליין, און ר' חיים.

דער וואָלאָזינער גאון האָט איהם אַליין פאָרגעלייגט: פאָהר אַ היין, אין יענער שטאָדט. דאָרט וועסטו רב זיין.

ברך איז אַ היין געקומען. מ'האָט איהם מיט כבוד אויפגענומען. איהם אַ כתב־רבנות געגעבען. נאָר ער האָט אויף דעם „כסא הרבנות" זיך ניט געוואָלט זעצען, וואו די שטאָדט זאָל ניט שיקען אַ שליח מיוחד צו ר' חיים'ען און ניט ברענגען פון איהם אַ בעשיינפערליכע הסכמה.

— וואָס האָט דאָס געקענט זיין פאַר אַן עברה? „האָב איך געפרעגט האַלב ביי „פטשאָלקען", האַלב פאַר זיך אַליין, וואָס ר' חיים האָט דערפאַר אַזוי איינגעשפאַרט און גרויזאַם פערפאָלגט ברך דעם גאַליציאַנער.

— אַן עברה! האָט „פטשאָלקע" אויסגעשריען. דאָס איז, מיינט איהר, אַן עברה, ווי מיר פראָסטע מענשען פערשטעהען. ביי אונז אַן עברה—הייסט מחלל שבת זיין, עסען טרייפס, גנב'ענען... ביי „זיי" אָבער איז דאָס אַנדערס. זיי זענען, פערשטעהט איהר מיך, ביידע געווען די גרויסע קעפּ, די גאונים, די מורא'דיגע מקובלים... און דאָרטען, פערשטעהט איהר מיך, אין קבלה... איז דאָך געגנוג: איין פינטעלע... ניט אַזוי... איז שוין אויס... אַ כופר בעיקר... אַראָב [און] גאַנצען... די אמונה... אויס!... פערשטעהט איהר מיך...

---

נאָך אַ פּאָר לענענדרעך־שטריכען, וואָס מאַכען בולט׳ער די אינ־טערעסאַנטע פּערזענליכקייט פון ר׳ חיים וואָלאָזינער.

אַמאָל איז צו איהם, דורכפאָהרענדיג וואָלאָזין, געקומען צו גאַסט אַ חסידישער רבי. ביי׳ן טיש האָט מען, נאַטירליך, געזאָגט תורה. דער רבי האָט אויף זיין שטוינער געטייטשט דעם „פזמון": אזכרה אלהים ואהמיה—איך דערמאָהן זיך, אַ גאָט, און טו בענקען, בראותי כל עיר על תלה בנויה,—ווען איך זעה יעדע שטאָדט איז שטאָלץ און שען, ועיר אלהים משפלת עד שאול תחתיה—און גאָט׳ס שטאָדט (ירושלים) איז ערנידריגט ביז צום גרוב. דער רבי האָט ערקלערט זיין פּשט: „עיר" איז לשון „התעוררות" ליידענשאַפט, תאוות. נאָך זיין פּירוש קלאָנגט אַלזאָ דער פּערפאַסער פון׳ם „פזמון", וואָס אַלע תאוות נים דער מענש נאָך, נאָר די „עיר-אלהים" די שטרעבונג צו דער געטליכקייט, איז ביי איהם נאָר די לעצטע.

ר׳ חיים האָט אויסגעהערט און געשוויגען.

אויף מאָרגען איז דער רבי ווידער געווען ביי ר׳ חיים׳ען. ר׳ חיים האָט מיט איהם פערפיהרט אַ געשפּרעך וועגען די אייראָפּעאישע הויפּטשטעדט, זייער גרויסקייט, ריינקייט און שענקייט. דער רבי האָט געהערט און געשטוינט: ווי קומט עס, אַז אַזאַ גאון זאָל רעדען אַזעלכע „דברים בטלים". ר׳ חיים האָט דאָס בעמערקט און ערקלערט, אַז דאָס רעדט ער אייגענטליך וועגען נעכטיגער תורה. צו וואָס זאָל מען פּערדרייען דעם איינפאַכען זין? עיר—איז פּשוט אַ שטאָדט און דער „פּיטן" (לעז: פּאָעט) (דער דיכטער) קלאָגט מיט אַן אמת וואָס אַלע שטעדט זענען רייך און גליקליך, נאָר ירושלים איז וויסט און פאַרלאָזען.

ר׳ חיים איז געווען אַ גרויסער ענו און, בכלל, גרויס אַלס פּער־זענליכקייט. דאָס זעהען מיר פון דעם פאַקט, וואָס כאָטש ער איז געווען, ווי געזאָגט, פאַקטיש דער גייסטיגער זעלבסהערשער פון׳ם יודישען תחום אין זיין צייט, פונדעסטוועגען האָט ער זיך נים געהאַלטען

---

פאר קיין רב, נים פאר קיין אב בית דין, און פלענט זיך אונטערשרייי־בען פשוט: „יליד וואלאזין" ד. ה. „דער וואלאזינער", אדער „חיים דער וואלאזינער מלמד". פון דער מאסע כתבים, וואס ער האט גע־לאזען, האט ער פאר זיין לעבען נאר נישט געדרוקט, נאר פאר'ן טויט האט ער געבעטען זיין זוהן, ער זאל דרוקען בלויז זיינעם א קליין ספר'ל „נפש החיים".

אין גענענזאץ צום גאון, וועלכער האט זיין גאנצען לעבען פער־לעבט איינגעשלאסען, איז ר' חיים געווען א וועלטליכער מענש, א גרויסער כלל־טוער, האט גע'שם'ט פאר א מדינה-חכם. שוין נאר צו דער עלטער איז ער געפאהרען אויף א רבנים־אסיפה אין פעטערבורג.

זיין גאנצען לעבען האט ער אבגעגעבען דער ישיבה. ער האט קיינמאל, נים פון זיין שטעדטיל, נים פון וועמען עס איז, נים גענומען קיין גראשען געלד. די ערשטע יאהרען האט ער נאך פון זיין איינענער קעשענע די ישיבה אויסגעהאלטען.

דאס איז געווען אמענש מיט א געבארענעם טאלאנט פון א פאלקס-פיהרער. אין אלץ האט ער זיך געלאזט פיהרען בלויז מיט'ן געזונדען פערשטאנד. ער פלעגט ארויספאהרען אין וועג דוקא אום מאנטאג; האט בעשטימט די חתונה פון זיינעם א זוהן צום סוף חודש, כדי דערמיט צו מאניפעסטירען זיין פעראכטונג צום אבערגלויבען פון פאלק. אין אייראפא וואלט פון אזא גייסט געווים ארויס א קארל־מארקס, אדער א בערנע. די בעדינגונגען פונ'ם יודישען לעבען אין ליטא האבען דעם יודישען זשעני נעהאלטען איינגעשלאסען בלויז אין דעם געביט פונ'ם תלמוד. אבער אפילו אין אט דעם ענגען געביט, איז זיין ווירקונג געווען אונגעהייער. ער האט אויפגעהויבען אין פאלק דעם רעספעקט צו איני־טעליגענץ, האט בעשאפען א גייסטיגען אדעל, אין דער צייט, ווען דער מאנגעבער פון לעבען איז געווען דער אויפגעקומענער נגיד, דער גראבער יונג—דער פרנס־חודש. ער האט איז קאמפף מיט די חסידות, וואס האט זיך כמעט אויסגעוועבט, שוין אין זיין צייט, פון א הארץ-קולט צו א נעצעך־דינסט און א פינסטערן רבי־אישען אבסאלוטיזם, א סך ביינעהאלפען דער אבשוואכונג פון אבערגלויבען אין פאלק, וואס איז

נעווען דעמאָלט שטאַרק פאַרנרעבט און פערווילדעט.

אויף אזא נ׳אופן האט ער, ר׳ חיים וואלאָזינער, רײַן נעמאַכט דעם וועג צו דער נײַסטינער ערוואַכונג פון די רוסישע יודען. זײַן זוהן, ר׳ איצעלע וואלאָזינער, איז שוין נענאַנגען ווייטער פון איהם: ער האָט נעגעבען זײַן הסכמה אויף מענדעלסאָנ׳ס „תרגום אשכנזי", דײַטשע איבערזעצונג פון דער ביבעל. פאַר זײַן אייניקעל, ר׳ הערש ליב, האָט די וואלאָזינער ישיבה אויסנעשריבען צײַטונגען און זשורנאַלען אויף זעקס שפּראַך: העברעאיש, רוסיש, פּויליש, דײַטש, פראַנצויזיש און ענגליש, און די וואלאָזינער ישיבה איז נעוואָרען דער פּלאַנץ-גאָרטען פון דער השכלה.



# ר׳ ישעיה זזכאָזזיצע.

---

איך בין געוועזן אויף זיין קבר, אויף דעם מירער יודישען בית הקברות: אַ קליינער אָרימער שטיין, וואָס איז אַ דריטעל איינגעזונקען אין דער ערד. קוים, קוים וואָס איהר קענט איבערלעזען די מים גראָהען מאָך בעוואקסענע אותיות: „פ״נ החסיד ר׳ ישעיה ב״ר מרדכי״. דער יאָהר איז שוין נים קענטיג. מעהר איז אויפ׳ן קליינעם, אָרימען שטיין נימאָ. די דאָזיגע קורצע אויפשריפט האָט ער, דער פערבאָר־גענער „למד־וואָווניק״, אליין פערפאַסט און מעהר נים געהייסען שרייבען. וואָס אַ יאָהר זינקט אַלץ טיפער דער שטיין אין דער ערד. נאָר אַ געדיכטער שטרויך בעשיצט איהם פון אויבען און פון אַלע זייטען און די לענגענדע אַרום דעם צדיק׳ס גייסט לעבט טריי אין פאָלקסמויל און שיצט זיין אַנדענקען פון פערגעסענהיים.

---

נים ווייט פון דער מיר, אַ ניין וויאָרסט, איז פאַראַן אַ דאָרף זזכאָווימש. נאָך איצט לעבען אין דאָרף ר׳ ישעיה זזכאָוויצער׳ס אייניק־לאָך. נאָר דער מיהל און די קרעטשים, וואָס ר׳ ישעיה האָט געהאלטען אין אָרענדע, זענען שוין נים דיזעלבע. אָבער דער גייסט פונ׳ם למד־וואָווניק שוועבט נאָך ווייט אַרום, און מאַטעס גיבען איבער טריי זייערע קינדער, און זיידעס—די אייניקלאָך, פון דעם הייליגען מאַן,

וואָס איז דאָ אין אַ שטיבעלע אין וואַלד געזעסען, און פון זיין שטיבעלע פלעגט ער אָפט אין די הימלישע פּאַלאַצען שפּאַצירען און אין איין מינוט אין אַלע ווינקלען פון דער ערד פול געווען.

ר׳ ישעיה זוכאָוויצער איז געווען אַ האַלב היסטאָרישע, האַלב לעגענדאַרישע פּערזענליכקייט. אין גאַנץ ליטאַ האָט מען געוואוסט, אַז אין זוכאָוויץ איז דאָ אַ גרויסער צדיק, אַ גרויסער למדן. נאָר ווער, וואָס האָט קיינער ניט געוואוסט צו דערצעהלען. ר׳ ישעיה זוכאָוויצער האָט געלעבט אין איין צייט מיט׳ן ווילנער גאון, מיט ר׳ זלמן לאַדיער; איז געווען—זאָגען יודען—אַזאַ צדיק, ווי דער, און אַזאַ גאון ווי יענער. נאָר דערצעהלען פון איהם האָט מען ביי זיין לעבען גאָר ניט געוואוסט. שוין ביי זיין לעבען איז ער אַ לעגענדע געוואָרען. ער האָט געלעבט ווי אַ פּראָסטער קרעטשמער: ביי טאָג ארום זיין שטוב, אין פעלד, אין מיהל; ביי נאַכט—פערשפּאַרט אין זיין איינזאַמער שטיבעל אין וואַלד. קיין מענשען, קיין חסידים האָט ער צו זיך ניט צוגעלאָזען. קיין מופתים ניט געפּראַוועט, קיין לומדות ניט ארויסגעוויזען; געלעבט ווי אַ פּשוט׳ער יוד, אַ ישובניק.

דאָס האָט גערייצט די פאַנטאַזיע פון פאָלק, און דער עולם האָט זיך גענומען מיט אַלע קרעפטען צו פאָרשען, צו דערגרונטען דעם מהות פון דעם למדן-וואָוניק און וואָס טוט ער אין זיין איינזאַמער שטיבעל אין וואַלד. נאָר אומזיסט! ר׳ ישעיה זוכאָוויצער האָט ניט געוואָלט די וועלט זאָל וויסען פון איהם.

נאָר די גויים פון זיין דאָרף האָבען עפּעס געשפּירט, זאָגט מען, און זיי פלעגען מיט אַ ביזון פערטרייבען זיינע בהמות אין זייערע קאָרן. ר׳ ישעיה פלעגט פערציטערט ווערען פון דעם געדאַנק, אַז זיינע בהמות עסען פרעמדס, טוען אַן אימיצען שאַדען. ווי מ׳פלעגט איהם נאָר אָנזאָגען, אַז זיינע בידלע זענען „אין הזיק״, פלעגט ער לויפען אויף גיך אַליין ארויסטרייבען זיי. אָט דאָס האָבען טאַקע די גויים געוואָלט. „גרזיע שאַיע כאָדזי״—פלעגען זיי זאָגען—„טאַם דשימאָ ראָדזי״—וואו ישעיה געהט, דאָרט געראָט ברויט.

נאָר אין מינסקער סוחר, אַ פרומער יוד,—דערצעהלט די

לעגענדע—האָט זיך פאַרגענומען: ער מוז וויסן, וואָס מיט ר׳ ישעיה׳ן איז דער מעהר. פאַהרען צום „למד־וואָוניק״ איז געווען אומזיסט: ר׳ ישעיה האָט קיינעם ניט צונענומען. אָבער אריינפאָהרען ווי אַן אורח צו איהם אין קרעטשים—דאָס האָט יעדער געקאָנט. ר׳ ישעיה איז געווען דער גרויסער „מכנים אורח״.

איז געקומען אמאָל דער מינסקער גביר, כלומרשט, ווי אַן אָרימער דורכגעהער, צו איהם אויף שבת. פרייטאָג צו נאכט, ווען אַלע ביי ר׳ ישעיה׳ן אין שטוב האָבען זיך צולעגט שלאָפען, האָט זיך דער אורח אויך געמאכט שלאָפענדיג. נאָר ווי עס איז געקומען נאָך האלבע נאכט, איז ער אויפגעשטאנען און שטילערהייד אוועק אין זאָקען צום שטיבעל אין וואלד, וואָס ר׳ ישעיה איז געזעסען. אַ שפּאַלט אין שטי־בעל איז ניט שווער געווען צו קריגען. האָט ער אריינגעקוקט אין שפּאַלט און האָט געזעהן, ווי דאָרט ברענט אַ ליכט און עס שטעהט אַ שווארצע ברעט. אויף דער ברעט זענען געווען אויסגעשריבען די זינד, וואָס ר׳ ישעיה האָט פאַר׳ן טאָג געטאָן. דער „למד־וואָווניק״ אליין איז געשטאנען פאר דער ברעט און געוויינט און געקלאָגט אויף זיינע זינד מיט גרויס בביות און תחנונים. אזוי זענען פארביי עטליכע שעה. ענדליך האָט דער מינסקער גביר דערזעהן, ווי פון אויבען האָט זיך אראָבגעלאָזען איבער דער ברעט אַ ווייסע האנד—האָט אָבגעמעקט פון דער ברעט אַלע זינד און האָט אָנגעשריבען: „וסר עוונך וחטאתך תכופר״. דאָס איז טייטש: דיין זינד איז אָבגעטאָן און דיינע עברות—פערגעבען. דאַן האָט דער צדיק אויפגעהערט צו וויינען און קלאָגען און איז געגאנגען אין שטוב שלאָפען.

ר׳ ישעיה זובאָוויצער איז קיינמאָל פון זיין דאָרף ניט ארויס. ער האָט אויך ערגעץ ניט געדארפט געהן. ער האָט מיט דער ערד ווייניג שייכות געהאט. נאָר אין ווילנער מקוה טובל זיין זיך פלעגט ער געהן אלע ערב שבת. ער פלעגט ארויסגעהן אַ שעה פאַר ליכט בענשען—זאָגען פרומע יודען—און פונקט צו ליכט בענשען קומען צוריק אין זובאָוויץ. ר׳ ישעיה האָט ניט געברויכט פאַר זיין שפּאַציר אין ווילנער מקוה, ניט קיין אויטאָמאָביל, ניט קיין אעראָפּלאַן. ער האָט געהאט

אַ שנעלערע פּליה־מאַשין. ער האָט געהאַט „קפיצת־הדרך״. ער האָט נאָר געדאַרפט דעם „שם״ אַרויסזאָגן, האָט זיך די ערד אונטער איהם געגעבן אַ דרעה, און ער איז אין איין אויגענבליק געווען אין ווילנא, אָדער צוריס ביי זיך אין זוכאָוויץ — אַ פּאָר הונדערט וויאָרסט פון ווילנא.

מ'דאַרף פאַרשטעהן, אַז ר' ישעיה איז ניט אויסען געווען דווקא די ווילנער מקוה, ער האָט געקענט קריגען אַ מקוה נעהענטער, אין דער מיר. נאָר אין דער ווילנער מקוה פלעגט ער זיך אין געהיים זעהן מיט'ן ווילנער גאון, און דאָרטען אָבהאַלטען מיט איהם בעראַטונגען וועגען הימלישע ענינים, אָדער וועגען כלל־ישראל.

אין יענער צייט, דערצעהלען יודען, איז געווען נאָך אַ גרויסער צדיק, ר' ליב חסיד. ר' ליב חסיד איז אויך געווען פון די בעהאַלטענע. ער איז געזעסען אויף אַ ישוב און געווען אַ גרויסער אָרימאַן. נאָר אַז ער פלעגט דאַרפען אויסגעבען אַ טאָכטער, פלעגט ער קומען סיין וויל־קאָמיר. ווילקאָמיר איז געווען אַ שטעדטעל פון לומדים און גבירים. ווילקאָמירער יודען האָבען שוין געוואוסט, אַז, ווי ר' ליב חסיד קומט, דאַרף וועלען פיער הונדערט גילדען אויף „הכנסת כלה״ פאַר זיין טאָכ־טער. מעהר ווי פיער הונדערט גילדען האָט ר' ליב חסיד ניט גענומען. האָט ער געהאַט פאַר פול זיין סומע, האָט מען איהם געמענט געבען טויזענדער, פלעגט ער אָבגעבען צוריק. דעריבער פלעגט שטענדיג זיין אַ קאָנקורענץ צווישען ווילקאָמירער גבירים. יעדער האָט געוואָלט דעם צווייטען פאַרלויפען דעם וועג, כדי ער זאָל חלילה ניט אויסענבלייבען מיט זיין חלק אויף „הכנסת כלה״ פאַר ר' ליב חסיד'ס טאָכטער.

אַמאָל איז ר' ליב חסיד אָנגעפאָהרען אין ווילקאָמיר עפּעס אונ־גערינכם. די ווילקאָמירער גבירים האָבען זיך דערוואוסט, האָט מען איהם אָנגעהויבען טראָגען אויף הכנסת כלה. נאָר צו אַלעמענס בע־וואונדערן האָט ער אָבגעשיקט צוריק, ניט געוואָלט נעהמען ביי קיינעם אַ גראָשען. דער עולם האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט צו פרעגען איינער ביים צווייטען: וואָס איז דער מעהר מיט ר' ליב חסיד? איז ער שוין ניט געוואָרען. נאָך אַ פערלויף פון אַ פּאָר וואָכען איז ר' ליב חסיד געקומען פון וועג צוריק אַ היים און מעלדעט זיין געזינד מיט גרויס

שמחה: איך האָב אייך געבראַכט אַ טייערע מתנה. נאָך איהר בין איך דאס טאַקע געפאָהרען. מ׳האָט זיך געזעצט עסען. דאָס געזינד האָט מיט אונגעדולד געוואַרט, דער טאַטע זאָל שוין אַרויסנעהמען און ווייזען די טייערע מתנה. מ׳האָט אָבגעגעסען. מ׳האָט גענומען בענטשען. פאַרן בענטשען מאַכט ר׳ ליב חסיד צו זיינע קינדער: „הערט צו קינדער, וואָס פאַר אַ שענע מתנה איך האָב אייך געבראַכט; אַז איך וועל זאָגען אין בענטשען „מכל טוב״ זאָלט איהר שווייגען, נישט ענטפערן „אמן״, ווי אַלע מאָל איז ביי אונז דער שטייגער געווען. און אַז איך וועל אויסזאָגען „אל יחסרנו״ אָט דאָ זאָלט איהר ענטפערן „אמן״.

אָט דאָס איז געווען ר׳ ליב חסיד׳ס טייערע מתנה. ביי איהם איז פּלוצלונג געוואָרען אַ שאלה: וואו מ׳דאַרף ענטפערן „אמן.״ צי נאָך „ומכל טוב״, צי נאָך „אל יחסרנו״. און כאָטש ער איז אליין געווען דער גרויסער צדיק און איז געווען אַ גרויסער מקורב צום ווילנער גאון, איז ער אָבער געפאָהרען קריגען אַן ענטפער אויף זיין שאלה צו ר׳ ישעיה זוכאָוויצער. ד. ה. ער איז געפאָהרען זעהן: ווי אַזוי איז זיך ר׳ ישעיה נוהג. צוליב דעם איז ער דאָ דורכגעפאָהרען ווילקאָמיר.

די דאָזיגע לעגענדע, וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר ר׳ ליב חסיד, וואַרפט אונדירעקט אַ שיין אויף דעם גרויסען אויטאָריטעט, וואָס דער בעהאַלטענער למד־וואָווניק האָט געהאַט נישט בלויז ביין פּראָסטען עולם, נאָר אפילו צווישען די גרעסטע לומדים פון זיין צייט.

פון די איבעריגע לעגענדעס וועגען דער פערזענליכקייט פון ר׳ ישעיה זוכאָוויצער וועל איך ברענגען נאָך אַ פּאָר, מעהר כאַראַקטע־ריסטישע. דער פּריץ, ביי וועמען ר׳ ישעיה האָט געהאַלטען אין אָרענ־דע די קרעטשמים און דעם טיהל, פלעגט איהם אַלע ערב פּסח אַריינ־שיקען אַ קעלבעל. אַמאָל—דערצעהלען יודען—האָט דער פּריץ געוואָלט פּרובען זיין ראַנדאַר: צי איז ער באמת אַ צדיק, צי נישט. האָט ער איהם אַריינגעשיקט אַ קעלבעל, וואָס ער האָט אויפגעהאָדעוועט מיט חזיר׳שע מילך. די קעלבעל האָט מען געשאָכטען, איינגעזאַלצען און אָוועקגע־שטעלט אין פאָרהויז. אין עטליכע טעג אַרום נעהמט ר׳ ישעיה פאַרביי,

האָט ער נעזעהן, ווי דאָס פלייש פון דער קעלבעל איז פון אויבען בע־צווינגען מיט אַ שפּינוועבס. האָט ער עס געהייסען ארויסוואַרפען.

אין אַ פּאָר טעג אַרום פרעגט איהם דער פריץ: ווי שמעקט איהם דאָס קאַלבען־פלייש? האָט ר׳ ישעיה מודה׳ געוועזן, אַז דאָס פלייש האט ער ארויסגעוואָרפען, ווי׳ל דאָס שפּינוועבס איז ביי איהם געווען אַ סימן, אַז ס׳איז טרייפס. דאַן האט איהם דער פריץ מודה געווען, אַז ער האָט איהם געוואָלט אויספּרובען.

אַן אַנדער ערב פּסח, דערצעהלען ווייטער יודען, האָט ר׳ ישעיה זיך נעכאַפּט, אַז ער האט פערגעסען די בראַנפען צו פערקויפען אין חמץ. ער האט אויף גיך געהייסען ארויסטראָגען די פעסער מיט די בראַנפען און לאָזען זיי אויפ׳ן פעלד. די גויים האבען אפילו גרויס דרך ארץ נעהאַט פאַר ר׳ ישעיה׳ן, נאָר דער יצר הרע פון בראַנפען האט גובר געווען, און פאַר דער וואָך פון פּסח האט מען ביסלעכווייז אויס־געצאַפּט די ביטערע ביז׳ן דעק. ווי גרויס איז אָבער געווען זייער וואונ־דער, ווען זיי האָבען אויף מאָרגען נאָך יום טוב דערזעהן, ווי מ׳צאַפּט זיי בראַנפען פון די גאָר וואָס אַריינגעטראָגענע פעסער. ס׳הייסט די פעסער זענען פול געווען מיט בראַנפען, כאָטש די גויים האָבען אויסגעצאַפּט.

די אַלע לעגענדעס אַרום דער פערזענליכקייט פון ר׳ ישעיה זוכאָוויצער האָבען אַ וויכטיגע בעדייטונג. זיי ווייזען, אַז דאָס פאָלק האט תמיד נעשעצט דעם פּשוט׳ן יודען, וואָס לעבט נעהענטער צו דער נאַטור, וואָס מאַכט קיין ווערזען ניט פון זיך, וואָס היט זיך צו פערנעהמען אַ פרעמדען גראָשען, און וואָס בעציהט זיך מיט גלייכער ליעבע צו יודען און צו גויים. פון דער אַנדערער זייט ווייזען זיי, ווי שטאַרק ס׳איז נעשעצט געווען אַ הויכע מאָראַלישע יודיש פערזענליכ־קייט אין דער אַרומיגער קריסטליכער וועלט. ס׳איז אַ פאַקט, אַז זעלטען וועלכער גלח געניסט ביי קריסטען אַזאַ רעספּעקט און פער־עהרונג, ווי אַ יודישער חיילינגער—דאָס זעהן מיר בעשיינפערליך אפילו אין אונזערע צייטען.

# די קדושים פון ראָזשינאָי.

---

אין דער געשיכטע פון בלוט־בלבולים אויף יודען פערנעהמט ראָזשינאָי זעהר א בכבוד׳יג אָרט. דער בעריהמטער ראָזשינאָיער בלוט־בלבול איז פאָרגעקומען עטליכע יאָהר נאָך „גזרת ת״ח״, אָדער „גזרת חמעלניצקי״. דער פאַקט פון יענעם „עלילת דם״ האָט געמאַכט אזא איינדרוק אויף די ראָזשינאָיער יודען, אז נאָך איצט רעדט א ראָזשינאָיער יוד וועגען אָט דער בלוטיגער געשיכטע אזוי, ווי דאָס וואָלט נעכטען פאסירט. אין ראָזשינאָי לעבט אַנ׳אור-אור-אור-אור אייניקעל. פון יענע מארטירער, וואָס האָבען פרייוויליג אויף זיך גענומען צו זיין דער קרבן פאר זייער געמיינדע. דאָס שטעדטעל האָט גרויס דרך-ארץ פאר איהם. אין זיין פאמיליע לעבט די טרויעריגע לעגענדע, ריכטיגער די טרויעריגע געשיכטע אזוי פריש, אז, ווען איהר הערט זי דאָ, אין דער שטוב, וואָס שטעהט, דוכט זיך, אויף דעמזעלבען אָרט, וואו די קדושים, זיינע אור־אור־אור־עלטערן, האָבען געוואוינט, דוכט זיך אייך, אז איהר לעבט איבער אלע יענע שרעקען צוזאמען מיט זיי, מיט די אייניקלעך, וואָס דערצעהלען אייך אָט די שרעקליכע היסטאָרישע לעגענדע.

איך גיב דאָ איבער די ראָזיגע טרויעריגע געשיכטע, אזוי ווי איך האָב זי דאָ, אין ראָזשינאָי, געהערט פון דעם אייניקעל פון די קדושים און פון אנדערע שטעדטילדיגע זקנים. איך האָב ד אָ ך די פאקטען

---

קאָנטראָלירט דורך אַנדערע קוועלען פון אַלטע פּנקסים. ווען דער ראַזשינאָיער בלוט-בלבול האָט זיך אָבגעשפּיגעלט, ווייל אין איהם, זיין ראַזשינאָיער עלילת דם, איז, מעהר ווי אין אַ סך אַנדערע בלוט-בלבולים פון יענער אומגליקליכער תקופה, קענטיג זיין פּאָליטישער אונטערשלאַג.

יענע צייט, ביז גזרת ת״ח, איז גראָד געווען איינער פון די ליכ-טיגסטע מאָמענטען אינ׳ם לעבען פון די פּוילישע יודען—ווייל די יודען האָבען זיך דאָ געפונען אונטער דער מאכט פון די פּוילישע קעניגען און מאגנאטען.

אין יענער צייט איז געווען קעניג פון פּוילען דער בעריהמטער קאזימיר, וואָס האָט בעהאַנדעלט פריינדליך די יודען און האָט, לויט דער לעגענדע, געהאט אַ יודישע געליבטע—אסתר׳קע. ראַזשינאַי האָט דעמאָלט אָנגעהערט צום מאגנאט סאָפּיעהא, וועלכע האָט אויך, אַזוי ווי דער קעניג קאזימיר, זיך גוט פערהאַלטען צו זיינע יודען.

ראַזשינאַי איז נאָך דעמאָלט געווען—לויט דער שילדערונג פון אַנ׳אַלטען פּנקס—אַ שטאָדט פול מיט חכמים וסופרים. די אָנגעזעהנסטע בעלעבאַטים זענען דאָ געווען רב טוביה און רבי ישראל באַכראַך. זיי זענען אַ הער געקומען, איינער פון קאָבלענץ, דער צווייטער פון ווינע. ס׳איז מעגליך, אַז דער דוקעס סאָפּיעהאַ, וואָס האָט געוואָלט ענטוויק-לען ביי זיך אין לאַנד האַנדעל, האָט זיי אַליין אַראָבגעבראַכט. אַלענ-פאַלס, זענען זיי ניט געקומען,—ניט געבעטען. זיי האָבען בעקומען געוויסע פּריווילעגיעס ביים מאגנאט, וועלכער האָט זיי געגעבען—לויט דער שילדערונג פון פּנקס—פולע בירגער־רעכט. זיי האָבען זיך געבויט שענע הייזער אין מיטען שטאָדט. האָבען געפיהרט גרויסע געשעפטען, זענען רייך געוואָרען און גליקליך געלעבט. אַ חוץ זייערע עשירות זענען זיי געווען גרויסע לומדים און בעלי-צדקות, האָבען די קינדער זייערע ערצויגען אין תורה און אין גוטע מדות—ווייל אין פּוילען, זאָגט ווייטער דער פּנקס, איז די תורה זעהר טייער און געליבט געווען ביי אַלעמען. אָט די צוויי לייט, ר׳ טוביה און ר׳ ישראל, וועלכע זענען אויך געווען קרובים, האָבען אין גיכען בעקומען אַ שם אין גאַנצען לאַנד, ווי גרויסע

גבירים און לומדים און האָבען געמאַן שדוכים מיט די גרעסטע גאונים.

אַט די כאַראַקטעריסטיק קאָן איינענטליך אָנגעווענדעט ווערען צו דער אַלגעמיינער לאַגע פון דעם יודישען רייכערן און מיטעלן קלאַס אין פוילען פון יענער צייט. אזעלכע אויפגעקלערטע יודען, ווי טוביה און ר׳ ישראל באַכראַך, וועלכע זענען געשטאַנען אין זעהר נאָהנטע געלד-בעציהונגען צו דעם העכערן פוילישען אדעל, האָבען אויף די מאַגנאַטען געהאַט אַ שטאַרקע קולטורעלע ווירקונג. דאָס גופא האָט אָבער געברענט ווי אַ פייער די יעזואיטען, וועלכע האָבען אין דער צייט פון קאַזימיר דעם גרויסען קיין שליטה ניט געהאַט.

ארויסטרעטען געגען דעם קעניג און געגען די שטאַרקע מאַג־נאַטען דירעקט—דערצו זענען די יעזואיטען געווען צו שוואַך. האָבען זיי פריהער געדאַרפט ברעכען די מאַכט פון די הויף־יודען. געגען די הויף־יודען איז שוין לייכטער געווען אָנצורייצען דעם אבערגלויבישען פוילישען המון.

אַט דאָ הויבען זיך אָן וועבען די פעדים פון דעם ראָזשינאָיער עלילת־דם. די יעזואיטען האָבען זיך שטאַרק געגרייט און האָבען פון איהם פיעל ערוואַרט. פונקט ווי די „שוואַרצע״ אין אונזער צייט האָבען זיך שטאַרק געגרייט און אַ סך ערוואַרט פון „מעשה יושטשינסקי״ אין ביילים׳ס פראָצעס.

די אָרגאַניזאַציע און דער גאַנצער נוסח פון דעם ראָזשינאָיער עלילת-דם איז איינענטליך דערזעלבער, ווי ביי יושטשינסקי, ווי אין אַלע בלוט־בלבולים. דער וועג איז אַן׳אויסגעטראָטענער, אַן׳אַלטער.

אין אַ פינסטערער פאַר־פסח׳דיגער נאַכט—דערצעהלט דער אַלטער ראָזשינאָיער פנקס—האָט מען אונטערגעוואָרפען אין ר׳ ישראל׳ס קעלער (דעם קעלער ווייזט מען אייך נאָך איצט אין ראָזשינאָי) אַ טויטען קריסטליכען יונגעל. זיין קערפער איז געווען אין אַ סך ערטער צושטאָכען. אויף מאָרגען איז אַ גרויסער עולם פון פוילישען המון אָנגעפאַלען אויף דאָס הויז און געשריען, אַז דאָס האָבען די יודען אויסגעצאַפט דעם קינד׳ס בלוט צו זייערע מצות, וואָס זיי ברויכען אויף פסח. אַ מאַסע יודען האָט מען פערשמידט אין קייטען און אריינ־

געוואָרפען אין אַ פינסטערע תפיסה. דריי יאָהר האָט זיך געצויגען דער משפט און די גאַנצע צייט איז די שטאָדט געווען אין בעלאַגערונגס־צושטאַנד. די יעזואיטען האָבען דערוויייל געפיהרט אַ מוראדיגע אַגי־טאַציע צווישען דעם המון און האָבען בעקומען איבערן פאָלק אַן אומגע־הויערע מאַכט. עס שיינט, אַז די גרויסע מאַגנאַטען און דער קעניג אַליין, וועלכע האָבען געוויס ניט שטאַרק געגלויבט אינ'ם בלבול, האָבען גאָרנישט געקאָנט מאַן נעגען דער העצע. איבער די אין קייטען געשמידטע יודען און מיט זיי צחאַמען איבער דער גאַנצער שטעדטיל האָט געשוועבט אַ גרויסע געפאַהר: אַלע האָבען זיך געפונען צווישען לעבען און טויט. צוזאַמען מיט זיי איז געווען אין געפאַהר די גאַנצע יודישע בעפעלקערונג אין פוילען. די יעזואיטען האָבען מיט אַ כיוון אָבגעצויגען דעם משפט, כדי דערוויייל צו פיהרען זייער אגיטאַציע און אָנפייערן דעם פאַנאַטיזם פונ'ם המון. די יודען האָבען זיך געלאָזט קאָסטען אַ סך געלד. פופצעהן טויזענד מיט ניין הונדערט און ניינציג גילדען—דערצעהלט דער פנקס—האָט אָבגעקאָסט דער בלוט־בלבול. אָבער זיי האָבען זיך ניט געקאָנט דערשלאָגען זייער רעכט. ענדליך, האָבען זיי אויסגעפיהרט נור דאָס, אַז מען זאָל דעם משפט מעהר ניט אָבלעגען. די יעזואיטען האָבען אָבער געמאַכט, אַז די ריכטער זאָלען זיין נור די פויערים און דוקא פון ראָזשינאָי און דער סביבה, דאָס הייסט פון דעמזעלבען המון, איבער וועלכען זיי האָבען אינגאַנצען געהאַט די שליטה.

אויפ'ן געריכט האָט מען, נאַטירליך, נישט געקאָנט בעווייזען די שולד פון די אָנגעקלאָגטע. דאָס האָט אָבער ניט געשטערט ארויסצוטראָגען זיי אַ טויט־אורטייל. „אַזוי ווי די אמת'ע שולדיגע זענען ניט ענטדעקט,—האָבען גע'פסק'ענט די ריכטער,—ס'איז אָבער קיין ספק ניט, אַז די יודען האָבען יאָ געשאַכטען דאָס קריסטליכע קינד, בכן מוזען צוויי פון די אָנגעזעהענסטע יודען געטויט ווערען פאַר דער גאַנצער געמיינדע".

ר' ישראל און ר' טוביה האָבען אויף זיך פרייוויליג גענומען צו זיין דער קרבן פאַר זייער פאָלק. פריימאָג, ערב ראש השנה,—

דערצעהלט דער פנקס—איז אויסגעפיהרט געוואָרען אויף זיי דער בלוטיגער פסק. די קדושים האָבען פריהער אָבגעזאָגט ודוי און מתפלל געווען צו גאָט און דערנאָך האָבען זיי אויסגעשטרעקט זייער האלז צום הענקער. א גרויסע שרעק און פינסטערניש איז אָנגעפאַלען אויף אַלעמען. די ריכטער האָבען זיי געוואָלט שענקען דאָס לעבען, ווען זיי וועלען אָננעהמען דעם קאטוילישען גלויבען פון „ליעבע און מחילה". אָבער די מארטירער האָבען מיט פעראכטונג אָבגעוואָרפען דעם פאָרשלאג.

די לעגענדע דערצעהלט, אז די אלטע מוטער פון איינעם פון די קדושים האָט זיך דאָך דערשלאָגען צום קעניג, און בעקומען פון איהם א דעקרעט צו בעפרייען די אונשולדיגע. זי איז אויפ'ן וועג אַריין אין א שוהל צו הערען קדושה, מיט די פּאָר מינוט, וואָס זי האָט קדושה געהערט, האָט זי פערזוימט. זי איז אָנגעקומען מיט'ן קעניגליכען דעקרעט דאָן, ווען דער טויט־אורטייל איז שוין געווען אויסגעפיהרט.

ר' טוביה איז צום ערשטען געטויט געוואָרען. זיין אָבגעהאַקטער קאָפּ—זאָגט די לעגענדע—איז ניט געפאַלען גלייך אויף דער ערד, נאָר האָט זיך געדרעהט א שטיקעל צייט אין דער לופטען, און בשעת מען האָט דעם אנדער קדוש אונטער דער האַק געלעגט, האָט ר' טוביה'ס קאָפּ געשריען: אשריך, ישראל! וואויל צו דיר, ישראל!

די בלוט-דורשטיגקייט פון די יעזואיטען איז אָבער דערמיט נים געשטילט געוואָרען. אין א צייט ארום—דערצעהלען מיר ראָזשינאָיער זקנים—האָבען זיי, די יעזואיטען, אַנ'ערב פסח געוואָלט איבער'חזר'ן דעם „עלילת דם". אָבער יענע נאַכט איז פערוואָגעלט געוואָרען דעם דוקעס' שלאָף. ער האט געהערט עפּיס א טומעל. האט ער געשיקט די קנעכט, זיי זאָלען ארונטערגעהן זעהן, וואָס איז דאָס. די קנעכט זענען געקומען צוריק און האבען איהם דערצעהלט, אז איינינע מענשען האָבען געטראָגען עפּעס איינגעוויקעלט און אריינגעוואָרפען צו א יודען אין קעלער. אויף מאָרגען האָט זיך אויפגעהויבען א לארם, פּונקט ווי בשעת דעם פריהערינען בלוט־בלבול. דאָ האָט אָבער דער דוקעס נעפאָדערט א שטרענג געריכט. אויפ'ן געריכט האָבען זיינע דינער אויג

אויף אוינ אנגעוויזען די פאלשקייט פון די עדות און מ'האט זיי געמאן רעמזעלבען פסק, וואס מ'האט געזאלט מאן רעם יודען.

ס'איז קיין ספק נים, אז אט די לעגענדע האט איהר גרונד אין דער ווירקליכקיים. וויסענדיג די שטימונג פון דער ארומיגער צורייצטער פויערשער בעפעלקערונג, האבען די יודען נאטירליך געווארט, ס'זאל זיך איבער'חזר'ן דער בלוטיגער בלבול א לאנגע צייט דערנאך אלע ערב פסח. יעדע פון די ערב פסח'דיגע און פסח'דיגע נעכט, איז רער־ריבער ביי דער אומגליקליכער יודישער בעפעלקערונג געווען מיט אנ'אמת א „ליל שמורים", א וואך־נאכט. מ'האט זיך געריכט און געשטעלט וועכטער, וואהרשיינליך מיט דעם וויסען פון דעם דוקעס, וועלכער האט מעהרסטענטיילס געשיצט זיינע יודען געגען דעם ווילדען צארן פון די יעזואיטען און די פויערים. ס'איז דעריבער נים שווער צו גלויבען, אז עטוואס עהנליכעס צו דער מעשה, וואס ווערט דערצעהלט אין אט דער לעגענדע, האט ווירקליך פאסירט.

אינטערעסאנט איז נאך איינע א לעבעדינע, א פרישע לעגענדע. אין שטעדטיל זאגט מען, אז די אייניקלעך פון די ריכטער, וואס האבען פער'משפט צום טויט די צוויי קדושים, ר' ישראל און ר' טוביה, זענען קיינער נים געשטארבען מיט זייער נאטירליכען טויט. זיי וואוינען הינטערן שטעדטיל, יעדער ראזשינאיער יוד קען זיי. צווישען די אונ־שולדיגע אייניקלעך פון די הענקער און די אייניקלעך פון די מארטירער הערשט ביז היינטיגען טאג א בייזע, א פיינדליכע שטימונג. א געפיהל פון אונבעפרידיגטער נקמה פילט אן די ברוסט פון יעדען ראזשינאיער יודען, ווען ער דערזעהט אויפ'ן מארק די קינדער פון זיינע אמאליגע הענקער.

נאך היינטיגס יאהר,*) איז, ווי עס שיינט, אינגאנצען געשטילט געווארען דאס נקמה-געפיהל אין די נאך איצט געפייניגטע נשמות פון די ראזשינאיער יודען. „דעם פאריגען יום כפור—דערצעהלט מיר אנ'אור־אייניקל פון דעם מארטירער ר' ישראל—בשעת מען האט

*) געשריבען אין יאהר 1912.

געמאַכט אזכרה די נשמות פון די קדושים, איז עמיצער אריינגעלאָפן און דערצעהלט. אז א גוי האָט, שטעבענדיג א חזיר, אריינגעשטאָכן זיך אליין דאָס מעסער אין הארצען און איז געשטאָרבען. אין גיכען האָט מען זיך דערוואוסט, אז אָט דער גוי, וואָס האָט זיך אליין דערשטאָכען, איז דער לעצטער דור פון די קדושים׳ס ריכטער״...

אָט אזוי איז אין ראָזשינאָי די לעגענדע מיט דער ווירקליכקייט צונויפגעפלאָנטערט. די מרה־שחורה פון „גזרת ת״ח״ פון פאַר דריט־האלבען הונדערט יאָהר הענגט ווי א שווערע גיפטיגע, כמארע אין דער לופטען און סמ׳ט נאָך איצט די נשמות. און אזוינע ווירקליכקייטען ווי „מעשה יושטשינסקי״ זענען ווען מסוגל פונאנדערצוטרייבען די כמארעס און מאכען א סוף צום טרויערינען מיספערשטענדניס פון די גרויע, שרעקליבע צייטען.



# דער קדוש פון ביאַלע און זיין צואה.

אין ביאַלע עקזיסטירען לעגענדעס אויך פון אַנ׳אַנדער סאָרט יודישע גבורים. גבורים נים פון קערפּער, נאָר פון גייסט. העלדען מאַרטירער, וואָס האָבען אָבגעגעבען זייער לעבען פאַר׳ן כלל.

אַזוינע לעגענדעס האָב איך אויך געהערט אין אַנדערע שטעדט, ווי אַ שטיינער, אין לובלין, לוצק, רוזשינאַי. נאָר ערגיץ האָבען זיך אָט די לעגענדעס נים דערהאַלטען אַזוי לעבעדיג, ווי אין ביאַלע.

די אָרענע, אויף וועלכער די ראָזיגע העלדען האָבען געווירקט, איז געוועהנליך געוועזען אַ בלוט-בלבול.

אין בלוט-בלבולים זענען די פּוילישע יודען, ווי די ליטווישע, ווי די וואָלינער, קיינמאָל נים זשעדנע געווען. כמעט אַלע מאָל איז מען אָבגעקומען מיט שרעק, מיט תפיסה, מיט אויסקויף-געלד. דער אמת האָט זיך פריהער, אָדער שפּעטער ארויסגעוויזען. דער אמת האָט זיך ארויס־געוויזען, אום דער שענדליכער בלוטיגער ליגען זאָל זיך אויף מאָרגען ווידער בענייען מיט דיזעלבע שרעק, תפיסות, גזרות און תעניתים, און אויסקויף־געלד.

נים זעלטען אָבער האָט זיך די בלוט־דורשטיגע יודען־העצער איינגעגעבען אַזוי צו בעהאַלטען און פערפּלאָנטערן די געהיימע פעדים פון דער בלוטיגער בייקע, אז דעם אמת האָבען אַלע געוואוסט, אָבער ארויפשווימען פון אויבען האָט ער נים געקאָנט, און אַ גאַנצע יודישע

געמײנדע, און אפשר ניט אײנע, איז געװען אין געפאהר אויסגעקװילעט אָדער פערברענט צו װערען לעבעדיגערהײט דורך די הענד פון דעם צורײצטען פינסטערן המון.

אָפטער, װי אַלע מאָל, און װילדער, און סיסטעמאטישער האָבען זיך איבערגע׳חזר׳ט אָט די שרעקליכע בלבולים אין יודישען תחום פון רוסלאנד א צעהנדליג יאָהר נאָכאנאנד נאָך דער „גזרת ת״ח״. די בלוטיגע כװאליע פון דער „חמעלניטשינע״ האָט אויף א לאנגע צײט נאָך דעם געלאָזען אין די הערצער פון דעם צורײצטען קריסטליכען המון ניפט און האס געגען יודען. די יעזואיטען, װאָס האָבען קונציג אויסגענוצט אָט די פײנדליכע שטימונג, האָבען זיך מיט אַלע קרעפטען געסטארעט אײנצופלאנצען זי טיפער און ברײטער אין די הערצער פון די פינסטערע פוילישע מאסען.

אין אזױנע פערצװײפלונגס־מאָמענטען פלעגט ארױסקריכען ערגיץ פון א װינקעל אנ׳אָבגעריסענער יוד, א שוסטער, אָדער א װאַס־סער־טרעגער, אָדער אזױ אנ׳אָרימאן איז דאָס געװען, און האָט געמעלדעט דעם עולם, אז ער איז גרײט צו זײן א קרבן פאר׳ן כלל ישראל. ער װעט אויף זיך נעהמען די שולד און װעט שטארבען, כדי אַלע יודען זאָלען לעבען, זאָלען פרײ זײן.

אין לוצק קאָנט איהר זעהן דעם נאָמען פון אזא פאָלקס־העלד אויף דער פאפירענער מאָװעל איבער דער בימה. אין די טעג פון „הזכרת נשמות״ דערמאָהנט דאָס פאָלק מיט ליעבע און דאנקבארקײט אויך אָט דעם נאָמען.

ביאַלע האָט פערגעסען דעם נאָמען פון אָט דעם „קדוש״, װאָס האָט אָבגעגעבען זײן לעבען פאר זײן פאָלק. איך װײס ניט צי מ׳איז איהם מזכיר נשמות אין שוהל. אָבער אין פאָלק לעבט די לעגענדע שטארקער, װי אין לוצק.

„נאָכדעם, װי מ׳האָט אראָבגעהאקט דעם קדוש דעם קאָפ,— אזױ דערצעהלט די ביאַלער לעגענדע,—האָט דער קאָפ זיך גערדערעהט אויפ׳ן אָרט, װאו דער בלוטיגער פסק איז געשעהן, און אויסגערופען: אזױ פיל און אזױ פיל דורות זאָל װיסט זײן דער אָרט און קײנער זאָל

קיין חויז נים בויען, וואו יודיש אונשולדינ בלום איז פערגאסען געוואָרען".

הונדערטער יאָהרען האָט ביאַלע געהיט די צוואה. קיינער האָט נים געוואַגם צו פערשוועכען דעם אנדענקען פון דעם קדוש. דער וויסטער פלאַץ איז א מאָנומענט געווען דעם, וואָס האָט זיך פאר דער גאַנצער געמיינדע א קרבן געבראַכט.

אָבער דער איצטינער איינגענטימער פונ׳ם פלאַץ, וואו דער בלוטינער מאָרד איז געשעהן, האָט פערגעסען די צוואה און איז אונדאנקבאר געוואָרען דעם, וואָס האָט זיינע זיידעס מיט זיין לעבען פון טויט אויסגעקויפט. בנימין ליב הייסט אָט דער אונדאנקבארער, גייציגער מענש. ער האָט א הויז אויף דעם אָרט געשטעלט, האָט דאָרט דירות און קראָמען געבויט, כדי אנדערע, אזוי ווי ער, זאָלען אין זייער טעגליכען גראַשענעם האָווען זייער דערלייזער פערגעסען.

אָבער דאָס געוויסען פון שטעדטיל איז אונרוהיג און דאָס פאָלק קאָן נישט שענקען דעם אונדאנקבארען גייציגען מענשען. עס איז בעשאפען געוואָרען א לעגענדע, א פרישע לעגענדע, אז באלקעס פאלען פון יענעם הויז, וואָס שטעהט פעררעטעריש אויף דעם הייליגען מאָרד־פלאַץ. דאס ווארפט זיי דעם מארטירערס גייסט. די נשמה פונ׳ם קדוש וויל נים שענקען, וויל נים ליידען די אונדאנקבארקייט פון די, פאר וועמען ער האָט זיין לעבען אוועקגעגעבען.

אין דער דאָזיגער לעגענדע קלינגט אַנ׳אונבעוואוסטער פאָלקס־באַיקאָט. זי ווערט ענערגיש אונטערגעהאַלטען אין שטעדטיל און קיינער וואָגט נים אין בנימין־ליב׳ס הויז זיך א דירה צו דינגען.



# אַמאָליגע פּאָדראַטשיקעס און גבירים.

אַמעשה מיט אַ יודישען פּאָדראַטשיק לייזער דעדליאַן, וואָס איז, צוליב זיין שענער מאַכטער, געוועזן דער ליבלינג פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטען, און צוליב דער זעלבער שענער מאַכטער איז ער געוואָרען פארלאָרען.

---

דער טיפּ פּאָדריאַטשיקעס געהט איצט אויס ביי די רוסישע יודען.

ער געהט אונטער מחמת צוויי סבות: ערשטענס וויל די רעגירונג פון זיי פּטור ווערען און ניט אָב געבן די פּאָדראַדען פאָרשטעהער פונ׳ם שווארץ־מאה׳דיגען אדעל. צווייטענס איז דער עסק פונ׳ם פּאָדראַטשיק פערבונדען מיט הינטער־טיר קריכעריי און כאַבאַר, און דער יונגער דור פון דעם יודישען גבירי׳שען קלאַס זענען כמעט אַלע געשטודירטע יונגע לייט. די אַמביציע ערלויבט זיי ניט צו ערנידריגען זיך צוליב פּרנסה, ווי זייערע טאַטעס טוען, און זיי קלייבען בעסער אויס אַ אינטעליגענטע פּראָפעסיע פון דאָקטאָר, אינזשעניער, יוריסט, וואָס טראָגט וועניגער פּראָפיט, איז אָבער אַ סך מעהר אָנגעזעהן.

דער פּאָדראַטשיק געהט אַלזאָ אראָב פון דער סצענע אינ׳ם יודישען עקאָנאָמישען לעבען. איך גלויב אָבער, אז וועניג פון די לעזער איז בעקאַנט, וואָס פאַר אַ ראָלע ער האָט געשפּילט אינ׳ם יודישען לעבען גאָר אַמאָל. איבערהויפּט אין רוסישען און פּוילישען געטאָ. עס איז גענוג צו זאָגען, אז נאָך איידער אַ געטאָ איז געווען, איז ער, דער

---

פאָדראַטשיק, שוין געקומען. דאָס רוב ניט אַליין געקומען, נאָר איינגעלאַדען פונ׳ם פּוילישען פּריץ. ער איז אָפט געווען דער פּיאָנער, דער פאַרגעהער, דער ערשטער איינוואַנדערער פון יעדען יודישען ישוב. געקומען איז ער אַלס „הויף־יוד״. נאָך איהם, שפּעטער, האָט זיך געצווינגען אין פּוילען, זיין משפּחה, אָדער מיטגלידער פון זיין פריהערדיגער געמיינדע. וואָרום אַמאָל האָבען יודען געלעבט אין ענג געשלאָסענע געמיינדען, וואָס זענען, דאָס רוב, אויך געווען פערקניפּעלט צווישען זיך אין קרובה׳שאַפט אָדער מחותנ׳שאַפט.

דער יודישער פּאָדראַטשיק איז געווען אַמאָל גערעכענט פאַר דעם גרעסטען יודישען גביר. ער איז אויך געווען, אין אַ גויט, דער שתדלן, דער פערטיידיגער פונ׳ם פאָלק. פון דער אַנדערער זייט איז זיין לוקסוס־לעבען געווען, ניט זעלטען, די אורזאַך פון בלוט-בלבולים און אַנדערע צרות אויף יודען.

דער יודישער פּאָדראַטשיק האָט געלעבט נאָך גאָר פון אַמאָל — אַ צעריסענעם לעבען. זיין רייכטום האָט איהם געגעבען די מעגליכ־קייט צו לעבען ברייט, פיהרען זיך ווי אַ שררה. צווישען יודען איז קיין פּלאַץ ניט געווען פאַר אַ פּריוויליגען געזעלשאַפטליכען לעבען. דע־שניט פונ׳ם יודישען לעבען איז געווען אַ בעשיידענער, אַ שטילער. דערצו איז דער קאָנטראַסט צווישען דעם פּאָדראַטשיק און דעם עקאָנאָמישען צושטאַנד פון דער איבריגער יודישער געמיינדע געווען אַ צו שטאַרקער. גאַנץ אָפט איז ער געווען דער איינציגער נגיד, דער איינציגער „בעל צדקה״ און די גאַנצע קהילה האָט געלעבט אַרום איהם. די שול־און חברה-גבאות האָט ניט געקענט בעפרידיגען זיין אַמביציע און עהרגייץ. דערצו איז ער אָפט געווען מעהר וועלטליך, אין רעליג־יעזער הינזיכט—אַ סך פרייער פון זיין געמיינדע. דעריבער האָט זיך דער גרעסטער טייל פון די אַמאָליגע פּאָדראַטשיקעס צו׳שמד׳ט אין אַ גאַנצע רייה בעריהמטע פאַמיליעס פונ׳ם פּוילישען אַדעל שטרעמט דאָס בלוט פון יענע הויף־יודען, וואָס האָבען זיך געשמד׳ט מיט הונדערטער יאָהרען צוריק.

מיט דעם אונטערגאַנג פון פּוילען בייט זיך די פיזיאָנאָמיע פון

דעם יודישען פּאָדראַטשיק. די רוסישע רעגירונג קען זיך אויך אַזוי ווענין בעגעהן אָהן איהם, ווי דער פּוילישער קעניג און מאַגנאַטען. פאַר אַלעקסאַנדער דעם ערשטען און ניקאָלאַי דעם ערשטען ענטוויקעלט זיך שטאַרק די צאָהל פון אזוינע „קרויןדיודען". דער אונטערשייד פון די רוסישע „קרויןדיודען" און די פריהערדיגע פוילישע „הויףיודען" איז אָבער אַ גרויסער. דער „הויף-יוד" איז געוועזען מיט זיין שררה ענגפּערקניפּעלט. דער פּריץ האָט אָהן איהם ניט געקענט אויסקומען אפילו אין זיין געזעלשאַפטליכען און אינטימען פּריוואַט-לעבען. דער „קרויןדיוד" איז אָבער נאָר געוועזען אַ מחותן מיט'ן רוסישען „שררה" נאָר אין געשעפטען, איבערהויפּט, צוליב „כאַבאַר־ביזנעס". אַחוץ דעם איז מען געוועזען פרעמד. דעריבער איז, אין פאָריגען יאָהר הונדערט, דער יודישער פּאָדראַטשיק שוין מעהר „יוד", איז נעהענטער צו זיין געמיינדע, וואו ער זוכט צו בעפרידיגען אַלע זיינע אַמביציעס.

די הויפּטראָלע, אין דער ערשטער העלפט פון פאָריגען יאָהר־הונדערט, האָבען געשפּילט פיער פּאָדראַטשיקעס: לייזער דע־ליאָן, אָדער—דילאָן אין נעסוויזש, דוד איידעלמאַן, שמעריל צוקערמאַן און חיים שמעון קאַהאַן—אין מאָהילעוו.

לייזער דילאָן, לויט ווי נעסווישער יודען האָבען מיר דערצעהלט און זיין אור-אור-אייניקעל, אַ דאָקטאָר אין ווילנא, האָט מיר בעשטעטיגט, האָט געשטאַמט פון אַן איינגעוואַנדערטע פּאָרטוגעזיש-יודישע פאַמיליע, די בעריהמטע יחוס־פאַמיליע דע־ליאָן. זיין מאַמע און זיידע זענען געוועזען הויף־יודען ביי די פּוילישע מאַגנאַטען, וועלכע האָבען אָט די פאַמיליע, אָהן אַ ספק, געבראַכט מיט זיך אין פּוילען פון אויסלאַנד, אַלס זייערע פינאַנץ-פיהרער. לייזער דע־ליאָן איז שוין אָבער געוואָרען פון אַ „הויף־יוד"—אַ „קרויןדיוד" ביי דער רוסישער רעגירונג. ער איז געוועזען אַ פּאָדראַטשיק ביי דער מיליטער אין דער צייט פון דעם ערשטען רוסיש-פראַנצויזישען קריעג, אין יאָהר 1812. ער האָט געטווּם ברענגען אַ סך נוצען דער רוסישער רעגירונג, אַלס קלוגער מענש און בעל עצה. אז זיין ראָלע איז געוועזען מעהר, ווי די פון אַ פּאָדראַטשיק, ווייזט דער פאַקט, וואָס די פּוילישע פּריצים האָבען איהם געהאַסט,

און ער פלעגט שטענדיג אומגעהן אין דער בעגלייטונג פון צווי קאַזאַקען, וועלכע פלעגען נאָך איהם נאָכגעהן אפילו אין שול, און ווארטען אויף איהם אין שול, ביז ער פלעגט אָבדאַווענען און דאַן בעגלייטען איהם צוריק אַ היים. בכלל איז ער געווען פעררעכענט פאַר אַ מין הויכען בעאַמטען ביי דער קרוין. ניט בלויז די קאַזאַקען, וואָס פלעגען איהם בעגלייטען, האָבען איהם געמוזט פאָלגען, — ער האָט געקענט געברויכען מיליטער, ווען און אויף וואָס ער האָט געוואָלט. אזוי האָט ער צ. ב., זייענדיג אין כעס, אויף דעם גראַף טשאַפּסקי, איינער פון די גרעסטע פּוילישע יחסנים, געשיקט צו איהם אין הויף אויף „עקזעקוציע" אַ ראָטע קאַזאַקען. זיי האָבען ביי איהם אין הויף אָנגעמאַכט אַזאַ חורבן, אַז דער האָנאָראָווער אַדעליגער גראַף האָט געמוזט קומען צו דעליאָנען איבערבעטען איהם. דאַן האָט ער אַראָבגענומען די עקזעקוציע.

ווענען לייזער דע־ליאָנס עשירות געהען אום אין פאָלק גאַנצע לעגענדעס. אזוי האָט צ. ב. דער שרייבער פון אָט די צייליען, נאָך אַלס קינד, געהערט פון זיין מוטער ווענען אַ גרויסען נעסוויזשער יודישען גביר, וואָס צו זיין טאָכטער׳ס חופה האָט מען אויסגעשפּרייט די וועג פון שולהויף ביז צו זיין שטוב מיט סאַמעט און נאָך דער חופה האָט מען די סאַמעט אַוועקגעגעבען אָרימע לייט. אין נעסוויזש האָט מען מיר אָט די לעגענדע בעשטעטיגט. נעסוויזשער יודען דערצעהלען, אין דעם נאָמען פון זייערע טאַטעס און זיידעס, אַז מ׳פלעגט זעהן, ווי לייזער דע־ליאָן פלעגט ארויסטראָגען לופטערן גאַנצע קאַסטענס אַסיגנאַציעס.

לייזער דע־ליאָן איז געווען אַ ברייטע האַנד און אַ גרויסער בעל צדקה. די קלענסטע נדבה איז געווען, אַ רענדעל. ער פלעגט אָפט בעזוכען די בתי־מדרשים און, ניט בעמערקט, אריינטאָן די לערנער אין דער גמרא גילדערנע רענדלאַך און האַלבע אימפעריאַלען. פלעגט וואַרפען מיט געלד וואו עס איז נאָר געווען אַ נויט, וועր עס האָט נאָר אויסגעשטעלט אַ האַנד. ער איז געווען ארומגעהאַנגען מיט מעדאַליען, און בשעת אַלעקסאַנדער דער ערשטער, דערצעהלט מען, איז געווען אין נעסוויזש, פלעגט ער איינשטעהן ביי לייזער דעליאָן אין די זאַלען, פלעגט האַלטען זיינע קליינע קינדער אויפן שויס, און

ארומגעהן מיט איהם אליין אונטערן האנד שפאצירען.

אזא כבוד און גדולה האט געמאכט דע־ליאָנס נאָמען בעריהמט צווישען אלע רוסישע יודען, און בשעת עס האט געדארפט פאָרקומען די ערשטע אסיפה אין פעטערבורג וועגען „השכלה״ האבען ווילנער יודען אויסגעקליבען אין דער דאָזיגער קאָמיסיע צוזאמען מיט ר׳ חיים וואָלאָזשינער און אנדערע יודישע גדולים—לייזער דע־ליאָן.

דער סוף פון אָט דעם לעגענדארען יודישען פאָדראטשיק איז געווען א טראגישער. אָבער נאָך א טיפערע טראגעדיע האָט זיך אָבגע־שפילט מיט זיין איינציגער טאָכטער. אויף איהר חתונה בעציהט זיך די לעגענדע, וואָס איך האָב אויבען געבראכט, אז דער וועג פון שולהויף ביזן הויז איז, בשעת איהר חופה, געווען אויסגעלעגט מיט סאמעט.

די דאָזיגע טאָכטער—נעסוויזשער יודען געדענקען גוט איהר נאָמען: זי האָט געהייסען רבקה רחל,—איז געווען א גרויסע גערעטענעם און א מערקווירדיגע פארשוין. זי האָט געזאָלט זיין אזוי בעריהמט אין דער יודישער געשיכטע, ווי „אסתר״ פון דער מגילה און „אסתר־קע״ די געליבטע פון דעם פוילישען קעניג קאזימיר דעם גרויסען, וואָרום אין איהר האָט זיך פערליבט אלעקסאנדער דער ערשטער.

די דאָזיגע לעגענדע, וואָס אין איהר תוך, ליגט, אָהן א ספק, א שטיק אמת, איז איינע פון די ריהרענדסטע, אין טרויעריגסטע. זי נים א דאנקבארען שטאָף פאר א קינסטלער צו בעשאפען פון איהר א מערקווירדיגע דראמע. נאָר איך וועל דערצעהלען די מעשה פשוט, אזוי ווי איך האָב זי געהערט פון דעם מויל פון נעסוויזשער יודען.



# אַלעקסאַנדער דער ערשטער און „אסתר׳קע״ די דריטע.

---

פאַר דער גאַנצער צייט פון דער יודישער היסטאָריע, איז דער פאַל מיט רבקה־רחל, די שענע טאָכטער פון דעם נעסוויזשער יודישען פאַדראַטשיק לייזער דע־ליאָן *) דער דריטער, ווען אַ יודישע טאָכטער געווינט די ליעבע פון אַ קעניג. עס איז שווער צו זאָגען, ווער פון די דריי אסתר׳ס איז געווען שענער. אָבער עס איז קיין שום ספק ניט, אַז „אסתר׳קע״—רבקה־רחל איז געווען די שענסטע פון אַלע דריי—מ אָ ר אַ ל י ש ; איז געווען די ליבליכסטע, די ריינסטע יודישע טאָכטער.

בשעת ביי „אסתר״ פון דער „מגילה״ און ביי אסתר׳קע, די געליבטע פונ׳ם פוילישען קעניג קאַזימיר, איז געווען גערעכענט פאַר אַ גליק צו האָבען אַ געקרוינטען געליבטען, איז רבקה־רחל און איהר טאַטע לייזער דעליאָן פון אַזאַ גליק ניט נתפעל געוואָרען. לויט די יאָהרען ווייזען, איז זי אין יענער צייט געווען אַ קינד בערך פון 13—14 יאָהר. נאָר אַז מ׳זאָל נעהמען אין בעטראַכט, אַז אין יענע צייטען, האָט מען צו 14—15 יאָהר, און זאָגאַר נאָך פריהער, קינדער שוין חתונה געמאַכט, איז ניט שווער צו דערלאָזען דעם געדאַנק, אַז דער

---

*) אינטערעסאַנט איז, אַז דער דאָזיגער גביר האָט וועניג געאַכט אויף זיין שפּאַניש־פּאָרטוגעזישען יחוס און האָט זיך שטאַרק משתדל געווען אין די קאָנטעליאַריעס איבערצומאַכען זיין פאַמיליע פון דע־ליאָן אויף דילאָן.

---

קיסר אלעקסאַנדער דער ערשטער, פּילענדיג זיך מיט איהר, ווי מיט אַקינד, האָט זיך אין איהר פערליבט, ווי אין אַ פרוי.

אינטערעסאַנט איז, אַז אין דער איצט לעבעדיגער פאַמיליע דילאָן, ווייס מען נאָר פון אַלעקסאַנדערס ליעבע צו דער שענער רבקה־רחל, ווי צו אַ קינד, און זיי ווייסען גאָר ניט פון דער ראָמאַנטישער געשיכטע. דער ווילנער דר. דילאָן און זיין מוטער (אַן אוראייניקעל פון לייזער דעליאָן), האָבען מיר איבערגעגעבען, אַז לויט, ווי אין זייער פאַמיליע ווערט די מעשה דערצעהלט, פלעגט אַלעקסאַנדער אָפט נעהמען די מיידעל רבקה־רחל אויפ׳ן שויס, פלעגט גלעטען איהרע רייצענד שוואַרצע האָר און זי האָט געשטיפט מיט זיינע קייזערליכע עפּאָלעטען און אָרדענס. זיי האָבען זיך אָבער געוואונדערט, ווען איך האָב זיי איבערגעגעבען די איינצעלהייטען פון די בעציהונגען צווישען דעם קיסר און דער יודישער שענהיים, לויט ווי נעסוויזשער יודען האָבען מיר דערצעהלט. אָט די איינצעלהייטען ווייזען דייטליך, אַז אַלעקסאַנדער דעם ערשטענס ליעבע פאַר דאָס יודיש קינד איז ניט געווען—קיין קינדער־שפּיל... (דר. דילאָן און זיין מוטער זענען אויף זייער לעבען קיינמאָל אין נעסוויזש ניט געווען).

אָט ווי נעסוויזשער יודען האָבען מיר דעם דאָזיגען מערקווירדיגען ראָמאַן געשילדערט: לויט דעם קיסר׳ס פערלאַנג, פלעגט לייזער דעדליאָן אָפטמאָל שיקען זיין יונגסטע טאָכטער צו איהם מיט אַ שליחות, (דער קיסר פלעגט איינשטעהן טאָקע אין דעדליאָנ׳ס זאַלען) און אַלעקסאַנדער׳ס קאַבינעט איז, מסתמא, געווען נאָהענט צו לייזער דעליאָנס וואוינונג.

אַז די מיידעל פלעגט קומען צום קיסר אין קאַבינעט, פלעגט זי זיך האַלטען זעהר ערנסט און שטעהן נעהענטער צום טיר. אַמאָל האָט דער קיסר געוואָלט צו קיטלען די טיר פון אינעווייניג, איז זי צוגעלאָפען און—אָבגעקייטעלט. ער האָט נאָך אַמאָל געוואָלט צו קייטלען, האָט זי נאָך אַמאָל אָבגעקייטעלט.

ענדליך האָט דער ראָמאַן אָנגענומען אַן ערנסטען כאַראַקטער. אַלעקסאַנדער האָט אָפען געבעטען דעדליאָנען, ער זאָל איהם אָבגעבען

זיין טאָכטער. דע־ליאָן, וועלכער האָט זיך געהאַלטען שטאָלץ און פריי מיט'ן קיסר, האָט באַלד געענטפערט, אַז די יודישע תורה ערלויבט ניט אָבצוגעבען אַ טאָכטער ניט קיין יודען. דער קיסר האָט גאָר נישט בעמערקט דערויף און איז באַלד אוועקגעפאָהרען אין אַ ברוגזער שטימונג.

דע־ליאָן האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט: וואָס האָט ער דאָ געטאָן? ער איז אוועקגעלאָפען צום רב, צו ר' מאיר'קען, און איהם דערצעהלט די מעשה. ר' מאיר'קע, און ער אַליין אויך, האָבען זיך דערשראָקען. דאָס שמעקט דאָך מיט אַ סכנה פאַר אַלע יודען... און וואו עס איז נוגע אין „פקוח־נפש", פאַר'ן כלל ישראל, איז דעם איינ־צעלנעם. דעם פּרט, ניט בלויז מותר. ער איז אויך מחויב צו ברענגען אַ קרבן...

מ'האָט גלייך געזעצט אַ בית דין און דער בית דין האָט גע־פּסק'ענט, אַז דער יודישער טאַטע מעג און מוז ברענגען זיין טאָכטער פאַר אַ קרבן צוליב דעם כלל־ישראל.

לייזער דע־ליאָן האָט גלייך געהייסען שפּאַנען פערד און האָט זיך געלאָזען אָניאָגען דעם קיסר. ער האָט איהם דעריאָגט אין דער שטעדטעל רידאַווקע. ער האָט איהם געמעלדעט זיין איינווילינגונג. עס איז שוין אָבער געווען שפּעט... דער קיסר האָט אַ מאַך געטאָן מיט'ן האַנד: „נע־נאַדאָ"! מ'דאַרף ניט!... און נים רעדענדיג מיט איהם מעהר קיין וואָרט, איז ער געפאָהרען ווייטער.

עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלען, וואָס פאַר אַ מעג יודען האָבען איבערגעלעבט נאָך דער מעשה. מ'האָט ערוואַרט אַ שרעקליכע נקמה. מ'האָט זיך געריכט אויף גזרות.

אין דער אמת'ן איז דאָס געווען אַנגעהערט. ווען דאָס וואָלט געהאָט פּאַסירט מיט דער טאָכטער פון דעם גרעסטען און פאַר־נעהמסטען פירשטען, וואָלט מען אַזאַ צופאַל געהאַלטען פאַר דער גרעסטער עהרע און אַ גליק. דערפון וואָלטען ענטשטאַנען נייע משפחות פונ'ם העכסטען יחוס. דאָס וואָלט פיליכט געווירקט אויף פּאָליטישע געשעהעניסען, וואָלט געשאַפען נייע עפּאָכען אין דער היסטאָריע. די

משפחה דע־ליאָן וואָלט אפשר איצט בעלאַנגט צום העכסטען רוסישען אדעל, וואָלט געווען פערוואנדט מיט׳ן רוסישען קייזערליכען הויף...

נאָר לייזער דע־ליאָן האָט בעסער געוואָלט געבען זיין טאָכטער א וואוילען יודישען יונגעל פאר א מאַן, איידער צו זעהן זי אין דער ראָלע פון א קעניגליכער קעבס־ווייב און אפילו פון אזא גרויסען און מעכטיגען וועלטהערשער, ווי אלעקסאנדער דער ערשטער איז דעמאָלט געווען.

די מורא אָבער פון די נעסוויזשער יודען איז געווען אומזיסט. קיין גזרות, קיין צרות אויף יודען זענען ניט געקומען.

דערפאר אָבער האָט זיך אין גיכען אויסגעגאָסען דער צאָרן אויף לייזער דעליאָן און זיין הויז. מ׳האָט איהם ארעסטירט און בעשולדיגט, אז ער האָט געמאכט פאלשקייטען אין זיינע פאָדראַדען; זיין פערמעגען האָט מען קאָנפיסקירט; זיינע אָרדענס צוגענומען, צוגענומען פון איהם אלע רעכט, און יאָהרען לאנג האָט ער געשמאכט אין טורמע.

דאָס איז אָבער, א פנים, ניט געשעהן גלייך נאָך דער געשיכטע מיט זיין טאָכטער. וואָרום ער האָט נאָך, ווי עס זעהט אויס, צייט געהאט חתונה צו מאכען זיין יונגסטע טאָכטער, די העלדין פון אלעקסאנדער דעם ערשטענ׳ס ראָמאַן. ער האָט זי חתונה געמאכט נאָך מיט מעהר שיק און פּאראַד, ווי די פריהערדיגע קינדער. אָט דער יונגסטער איידעם האָט מיט איהם געטיילט זיין שיקזאל. נאָך מעהר: ער אליין איז שפּעטער בעפרייט געוואָרען. מ׳האָט איהם צוריקגעגעבען זיינע רעכט, זיינע גיטער. דער איידעם אָבער האָט יאָהרען לאנג געפוילט אין אָסטראָג און איז דאָרטען געשטאָרבען.

האָט דער דאָזיגער פאלען פון לייזער רע־ליאָן געהאט א שייכות צו דער אויבען דערצעהלטער געשיכטע מיט זיין טאָכטער? איז דאָס געווען נקמה?...

מעהר איינצעלהייטען וועגען דעם ווייטערדיגען שיקזאל פון אָט דעם יודישען פּאָדראַטשיק און „תקיף״ האָב איך ניט געקענט דערגעהן אין נעסוויזש. ס׳איז מעגליך, אז אלעקסאנדער דעם ערשטענס

פערליבענעם אין דער שענער רבקה־רחל איז געווען בלויז איינער פון די הונדערטער טעמפעראמענט-קאפריזען, וואס טרעפען אפט אין די קייזערליכע הויפען. ס׳איז מעגליך, אז די גרויסע פאליטישע געשעעניסען פון יענער צייט, וואס האבען אלעקסאנדער דעם ערשטען אויפגעהויבען צו דער ראלע פון א וועלט-הערשער, און ער האט אין פאליטישער גרויסקייט און מאכט קאנקורירט מיט נאפאלעאנען, ס׳איז מעגליך, זאג איך, אז, אלס העלד פון א וועלט־דראמע, האט אט דער מעכטיגסטער קיסר פון אייראפא באלד נאך זיין פערלאזען נעסוויזש, פערגעסען זיין ראמאן מיט דער יודישער מיידעל. עס קען זיין, אז דער אונטערגאנג פון דעליאן איז א נאטירליכע פאלגע פון זיין ניט סימפאטישער ראלע פון א מין פיסקאל, וואס ער האט געשפילט פאר דער רוסישער רעגירונג. ס׳איז מעגליך, אז די פוילישע מאגנאטען, וואס האבען פאר איהם מורא געהאט און איהם געהאסט (א סימן זיין קאזאקעדוואך) האבען באלד בעמערקט, אז ער האט אנגעווארען זיין פריהערדיגען חן ביי דעם קיסר, און אזוי ווי זיי האבען געהאט פערבינדונגען אין די רוסישע הויכע פענסטער, האבען זיי אויסגענוצט די געלעגענהייט איהם צו בעגראבען.

פון דער אנדער זייט איז אבער א רעטענים: פארוואס האט זיך אויסגעגאסען דער גאנצער צארן אויפ׳ן איידעם, וואס איז נאך געווען זעהר יונג. און ווען ער האט אין די פאדראדען, אויפ׳ן שטויגער פון אלע פאדראטשיקעס, געמאכט פאלשקייטען, איז ער דאך געווען ניט מעהר, ווי א ווערקצייג אין די הענד פון זיין שווער. ביי וועמען ער איז געווען אין די פאדראד־עסקים.

עס לאזט זיך אויך ניט גלויבען, אז אלעקסאנדער דער ערשטער מיט זיין כאראקטער פון א „גוקס וגוטר”, מיט זיין יעזואטישער נאטור, (ווי עס זאגט אויף איהם עדות זיין איינענער אייניקעל—גרויספירשט קאנסטאנטין מיכאילאוויטש אין זיין ווערק איבער זיין זיידען) זאל לאזען אין גאנצען אונבעשטראפט די „חוצפה” פון א יודעל, וואס האט געוואגט צו שטעלען זיך געגען זיין ווילען, דעם ווילען פון אזא וועלטהערשער, פאר וועלכען, אייראפעאישע קיסארים האבען זיך

נעבוינען.

טרויערינער אָבער איז נאָך געווען דער שיקזאל פון דער שענער רבקה־רחל. פאַראַן נאָך אין נעסוויזש זקנים, וואָס געדענקען איהר. ניט פון יענער צייט פון איהר גלאַנץ, פון איהרע גליקליכע קינדערשע יאָהרען, נאָר פון איהר שרעקליכער, טרויעריגער עלטער. א קינדערלאָזע, אַן עלענדע, א פארלאָזענע, האָט זי זיך, אין גרויס אָרימקייט און נויט, געוואלגערט אין נעסוויזשער הקדש, האלב־וואהנזיניג פון די גרויסע צרות, וואָס זי האָט איבערגעלעבט, און דאָרט אין הקדש איז זי געשטאָרבען.

ניט פארדינט אזא סוף, האָט די, וואָס האָט פערוואָרפען די ליעבע פון א הערשער און ניט געוואָלט פערבייטען די עהרע פון א צנוע׳דיגער יודישער טאָכטער אויף קייזערליכע פאלאצען...



# קושעלעווסקי — דער ערשטער יודישער דאָקטאָר אין רוסלאַנד.

---

ווער פון די עלטערע מינסקער און נעסוויזשער, קלעצקער, סלוצ־קער, און קאַפוליער, און סטובצער יודען האָט ניט געהערט פון דעם וואונדערליכען דאָקטאָר קושעלעווסקי?

די פערזענליכקייט פון דר. קושעלעווסקי פערנעהמט אונבעדינגט אַ וויכטיגען פּלאַץ אין דער קולטור־געשיכטע פון די רוסישע יודען פאַר'ן ניינצעהנטען יאָהרהונדערט.

דער דאָזיגער מערקווירדיגער דאָקטאָר איז אייגענטליך ניט געוועזן דער ערשטער יודישער דאָקטאָר אין רוסלאַנד. יודישע דאָק־טוירים זענען געוועזן אין רוסלאַנד מיט הונדערטער יאָהרען צוריק, נאָך איידער רוסישע דאָקטוירים זענען געוועזן. עס זענען געוועזן אפילו יודישע הויף־דאָקטוירים ביי די אמאָליגע פּוילישע, ליטווישע קעניגען און אפילו ביי די ערשטע רוסישע פירשטען און קיסרים. נאָר דאָס זענען געוועזן יודישע דאָקטוירים, וואָס האָבען געשטודירט אין אויסלאַנד און זענען געוועזן רעקאָמענדירט דורך די אייראָפּייאישע קעניגליכע הויפען, וואו יודישע דאָקטוירים זענען ניט געוועזן קיין זעלטענהייט.

קושעלעווסקי איז געוועזן דער ערשטער יודישער דאָקטאָר, וואָס האָט געשטודירט אין רוסלאַנד גופא. ער איז געוועזן די ערשטע פרוכט

פון דער חשכלה אויפ׳ן רוסישען באָדען.

שוין זיין ווערען דאָקטאר איז פערבונדען מיט לעגענדעס, וואָס כאראקטעריזירען יענע צייט, וועלכע איז אייגענטליך גאָר ניט אזוי ווייט פון אונז.

קושעלעווסקי איז ניט געוועזען קיין דירעקטע קינד פון דער השכלה. אין נעסוויזש, אָדער א דערבייאיגער שטעדטעל, וואו ער איז געבאָרען געוואָרען, איז נאָך דעמאָלט פון דער השכלה קיין שפור ניט געוועזען. און קושעלעווסקי אליין, אפילו ווען ער איז שוין געוועזען דאָקטאָר, האָט צום פריי־גייסט פון דער השכלה קנאפּ וואָס בעלאנגט. ער איז געוועזען און געבליבען א ליבאוויטשער חסיד זיין גאנצען לעבען, און פלעגט פאָהרען צום רבי׳ן גלייך מיט אנדערע חסידים. איהם אליין האָט מען ניט גע־רופען „הער דאָקטאָר״, ווי אנדערע דאָקטוירים, נאר „רבי״. *) ווייל נאָך זיין געוועהנליכען אויסזעהן, און זיי׳ן פיהרונג, איז געוועזען א קנאפּער אונטערשייד צווישען איהם און א רב. כאָטש אין א טאבעל־טאָג, ד. ה. אין א טאָג פון אן עפענטליכען רוסישען יום־טוב, פלעגט ער געוועהנליך קומען אין שוהל און געהן אויף וויזיטען אין א שפּאנע און א „קרעפּק״ (א דרייעקיגע היטעלע פון העבערע רוסישע בעאמטע), ארומגעהאנגען מיט מעדאלען, וואָס ער האָט בעקומען צוזאמען מיט׳ן „משין״ פאָל־קאָווניק, פון דער רוסישער רעגירונג.

אינטערעסאנט איז: ווי אזוי קושעלעווסקי איז געוואָרען א דאָקטאָר. געוואָרען א דאָקטאר איז ער ניט פון זיך אליין, נאר ווייל דער פריץ האָט געהייסען. א לעגענדע דערצעהלט, אז ער איז געוועזען אן איידעם פון ראדזיווילס שניידער. א שניידער פון שלאָס האָט בעלאנגט צו די רייכסטע באלעבאטים פון נעסוויזש. דער אידעאל פון אן אויפגעקומענעם יודישען נגיד איז אמאָל געוועזען צו בעקומען אן איידעם א „צאצקע״—אן עלוי, כדי דורך איהם צו ווערען פערקניפּעלט מיט די „פני״ פון מזרח־וואנד. און אז גאָט האָט געהאָלפען א שניידער

*) דערפון שטאמט, וואָס אין נעסוויזש רופט מען ביז הייגטיגען טאָג א דאָקטאָר—רבי.

צו בעקומען פאַר אַן איידעם אַ וואוילען יונגעל, האָט ער זיך מיט איהם, נאַטירליך, בעריהמט אויך פאַר'ן פריץ. אָפּט פלעגט מען ברייגג:ן דעם איידעם צום פריץ פערהערען, נאַטירליך, ניט אין תורה, נאָר אין חכמה.

נו, האָט קושעלעווסקי דער „עלוי" שטארק אויסגענומען ביי'ם פריץ. און ראַדזיוויל, ועלכער פלעגט נעהמען אַ גרויסען אַנטייל אינ'ם לעבען פון זיינע יודען, האָט ביי זיך בעשלאָסען, אַז איידער זיין שניידער'ס איידעם זאָל זיין אַ רב, אַ מלמד־אַ באַנק־קוועטשער איז גלייכער ער זאָל ווערען אַ דאָקטאָר. און אין איין שענעם פריה־מאָרגען שיקט ער רופען זיין שניידער און מעלדעט איהם זיין בעשלוס.

אַז דער פריץ האָט געהייסען, מוז מען פאָלגען. און דער עלוי קושעלעווסקי האָט איינגעפּאַקט זיין פּעקעל און פון דער נעסוויזשער ישיבה האָט ער זיך געלאָזען אין ווילנער פּוילישען אוניווערזיטעט. דער נעסוויזשער ראַדזיוויל—„פּאַניע קאָכאַנסו" איז געווען ווילנער „וואָיע־וואָדאַ"—אַ מין גובערנאַטאָר—און ער האָט שוין דעם גאַנצען שטודיום גענומען אויף זיין רעכענונג. צוגרייטען זיך צום אוניווערזיטעט האָט ביי דעם עלוי ק. לאַנג נים געדויערט. אין פינף־זעקס יאָהר אַרום איז ער שוין געקומען צוריק אין נעסוויזש געקרוינט מיט'ן טיטעל „דאָקטאָר".

אין אַזאַ נוסח ווערט דערצעהלט די דאָזיגע לעגענדע אין מינסק. אַזוי אונגעפעהר איז זי אויך פערשריבען אין צווייטען באַנד „פּערע־זשיטאָיע" (זאַמעלבוך געווידמעט מאַטעריאַלען פאַר דער קולטור־געשיכטע און געשיכטע פאַר די רוסישע יודען). אין דריטען באַנד לייקענט איינער אָפּ די דאָזיגע לעגענדע. נעסוויזשער יודען אָבער האָבען זי מיר בעשטעטיגט, כאָטש אַ ביסעל אין אַן אַנדער נוסח. אַנשטאַט „ראַדזיוויל" רופען זיי דעם פריץ אָבוכאַוויטש, און אַנשטאַט דעם שניידער, ווערט דערצעהלט די מעשה פון דעם אַרענדאַר. אָבער דער כאַראַקטער פון דער לעגענדע ווערט דערפון נישט געענדערט. דער עיקר איז, אַז די השכלה אין נעסוויזש איז געקומען ניט פון אינעווייניג, נאָר פון דרויסען: דער פריץ האָט געהייסען—ווערט פון אַ רב—אַ דאָקטאָר. איברינגענס ווייזט דער דאָזיגער פאַקט גופא, אַז

נעסוויזש איז קיינמאָל נים געווען קיין שטארק פאַנאַטישע שטאָדט. אַ רב איז אַ ודאי גוט. אַ דאָקטאָר—מהיכי תיתא. אָבער ער זאָל טראָ־גען אַן ארבע כנפות און זאָל האָבען חן בײַ גאָט און בײַ'ן פריץ.

און קושעלעווסקי איז טאַקע געווען אזא דאָקטאָר, וואָס האָט געטראָגען אַ קורצען ראָק און אַ לאַנגען טלית קטן, איז געגאַנגען מיט אַ געגאָלטע באָרד און געפאָהרען צום ליבאַוויטשער רבי'ן, האָט געהאַט אַ שטערן ביז'ן האַלבען קאָפּ, ווי אַ פילאָזאָף, און פלעגט רויכערן דעם טשיבאָק, ווי אַ חסיד. ביי פריצים פלעגט ער גאָר נים עסען, נאָר טיי מיט בולקעס און די זעגען געווען יודישע, וואָס ער פלעגט מיטפיהרען פון דער היים. ער איז געווען אַ בעל צדקה: פלעגט שטיצען אָרימע, איבערהויפּט לומדים. מעהר פון אַלעמען האָט ער ליעב געהאַט קינדער. שבת פלעגט ער נישט שרייבען קיין רעצעפּט, נאָר פלעגט געהען אַליין אין אַפּטייק און הייסען מאַכען די רפואה אזוי און אזוי.

און נישט קוקענדיג, וואָס קושעלעווסקי איז, אזוי צו זאָגען, גע־וואָרען אַ דאָקטאָר לויט'ן קאַפּריז פון פריץ; איז ער דאָך געווען אַ דאָק־טאָר לויט'ן בערוף, אַ מענש, וואָס איז געשטאַנען אויפ'ן שפּיץ פון דער מעדיצינישער וויסענשאַפט פון זיין צייט, אַ גרויסער פּסיכאָלאָג און אידעאַליסט. אַ חוץ דעם—נים קיין טרוקענער מענש, נים געלעבט אָבגעזונדערט פון פאָלק; געווען אַ פרעהליכער יוד, אַ גרויסער וויצלינג און האָט ליעב געהאַט אָבצוטאָן שטוקעס, פונקט ווי „שייקע פייפער" און „מאָטקע חב״ד", וואָס האָבען געלעבט מיט איהם אין איין צייט. זיינע שטוקעס און וויצען געהען אום אין פאָלק, איבערהויפּט אין נעסוויזש, קאַפּוליע, מיר, קלעצק, סלוצק, מינסק—ביז היינטינען טאָג.

זיינע שפּיצלעך און שגעונות, זיין פרומקייט און נאָהנטקייט צום פאָלק האָבען אָבער אויף אַ האָר נים געמינערט זיין אויטאָריטעט אַלס דאָקטאָר. זיין מעדיצינישע רעפּוטאַציע איז געווען אונגעהייער גרויס ביי יודען און ביי קריסטען. פריצים פלעגען צו איהם פאָהרען און רופען איהם צו זיך פון הונדערטער מיילען אַרום. ביי יודען פלעגט ער קיין געלד קיינמאָל נישט נעהמען, נאָר פאַר דער פוהר פלעגט מען דאַרפען בעצאָהלען, אויב דער חולה איז געווען אויסער'ן שטאָדט. נאַטירליך

פלעגט מען זיך ערלויבען מטריח צו זיין דעם „רבי׳ן" נאָר דאַן, ווען דער חולה האָט זיך שוין געראַנגעלט מיט׳ן „מלאך המות", און גאַנץ אָפט פלעגט קושעלעווסקי קומען צו דער לויה, אָדער אפילו נאָך דער לויה פון דעם חולה, צו ווּעמען מען האָט איהם גערופען. נאָר אפילו דאַן פלעגען די אבלים זיין צופרידען זעהן דעם רבי׳ן און הערען פון איהם א גוט וואָרט.

דער צוטרוי צו קושעלעווסקי׳ס א רעצעפּט איז געווען אָהן א גרענעץ. דער פּראָסטער המון און די פּויערים האָבען געהאַלטען, אז שוין די פּאַפּירעל אליין, וואָס ק. גיט, האָט אין זיך א וואונדערבארע קראַפט. ווענען דעם געהען אום אין פאָלק גאַנצע לעגענדעס. אזוי, צום ביישפּיל, דערצעהלען מיר נעסוויזשער יודען—איז געקומען אמאָל א פּויער צו קושעלעווסקי׳ן און האָט זיך געקלאָגט אויף שטעכע־נעס צי ברעכענעס אין רוקען. ק. האָט אָנגעשריבען א שמירעכטס און געוויזען איהם, אויף וועלכען אָרט ער זאָל עס צולייגען צום רוקען. דער גוי האָט פערשטאַנען דעם דאָקטאָר׳ס עצה פשוט. ער האָט גענומען די שמירעכץ, צוגעלעגט צום פעלץ אויף יענעם אָרט, וואו דער דאָק־טאָר האָט אָנגעוויזען און געלעגט זיך מיט׳ן פעלץ אין בעט אריין. אויף מאָרגען—זאָגען נעסוויזשער יודען—איז ער אויפגעשטאַנען געזונט, ווי א שטיין.

אַן אנדער פּאַציענטקע, א גויע, האָט ער פערשריבען א רעצעפּט און געהייסען נעהמען דאָס אין וואַסער דריי מאָל א טאָג. די פּויערטע האָט איינגעווייקט דעם רעצעפּט אין א קריגעל וואַסער און האָט געזופּט די וואַסער, ווי דער דאָקטאָר האָט געהייסען, דריי מאָל א טאָג, און—איז געזונט געוואָרען...

יודען פלעגען האַלטען קושעלעווסקי׳ס א רעצעפּט, ווי א הייליגע קמיע. זיין פּאַפּירעל פלעגט איבערגעהן פון טאַטען צו קינדער, צו קרובים, שכנים, גוטע פריינד. מ׳פלעגט עס נעהמען,—פערשטעהט זיך, ניט ווי די פּויערים, דאָס פּאַפּירעל, נאָר טאַקע די עצם רפואה—צו אלע קרענק. נאָר אָפט פלעגט מען גאָר ניט נעהמען, גלויבענדיג, אז דעם „רבי׳נ׳ס" „רפואה", ד. ה. דאָס פּאַפּירעל וועט שוין העלפען אזוי,

ליגענדיג אונטערן קישען.

איבריגענס פלעגט קושעלעווסקי דער דאָקטאר היילען מיט אזעלכע רפואות, וואָס האבען געקאָסט ניט מעהר, ווי א פּאָר גראָשען און דער חולה פלעגט גאנץ אָפט קענען מאכען זיי אליין. ער פלעגט היילען, דאָס רוב, מיט גראָזען און מיט היניגענישע מיטלען. ק.—זאָגען די מינסקער יודען—פלעגט ניט טאפּען דעם דופק, ניט קלאפּען אין הארצען צו פערשטעהן דעם חולה'ס קרענק. ער פלעגט איהם נאָר א קוק טאָן אין די אויגען און האָט שוין געוואוסט די גאנצע ביאָגראפיע פונ'ם קראנקען.

אין נעסוויזש האט מען מיר געוויזען דעם מויער, וואו ק. האָט געוואוינט. דער מויער האט בעלאנגט צו איינעם אברהם'ל, וואָס איז געוועזען א שכור און איז דעריבער אָרים געוואָרען. פון א באלעבאָס פון א מויער איז ער געוואָרען א זאמד־פיהרער.

ק. האָט קיין מזל ניט געהאט צו קינדער. איין זוהן זיינער איז משוגע געוואָרען און געשטאָרבען אין דער יוגענד. א צווייטער, קושע, איז געווען א פּרעסער, א זויפער און א צולאזענער יונג. אמאָל—דער־צעהלען מיר נעסווישער יודען—איז דער זוהן קושע געקומען צום טאַטען:

— גיב מיר דריי רובל!

— אויף וואָס דארפסטו?

— אן פיהרט מען א וואָגען קאנארייקעס, איך וויל קויפען א פּאָר.

דער פאָטער האט א קוק געטאָן אין פענסטער און מאכט צום זוהן:

— זעה, ווער פאָהרט דאָ?

— אברהם'ל דער זאמד־פיהרער.

— נו, האט קושעלעווסקי געזאגט, זעה, פון דיר זאל ניט ווערען וואס פון איהם. בעהאלט בעסער די דריי רובל אויף קויפען א פערדעל...

דערזעלבינער זוהן—זאגט מען—האט זיך גע'שמד'ט. איז אָבער אויף דער עלטער א וועק אין אויסלאנד און געשטאָרבען א יוד.

— זיין טאטענ'ס זכות איז איהם ביינעשטאנען—זאגט מיר א נע־סווישער יודענע. ווארום קושעלעווסקי דער דאָקטאר איז געווען נאָר פון די הויכע סאָהטען יודען.

# „אסתר די גענעראַלשע".

---

אז אין רוסלאַנד זענען געווען און פאַראַן יעצט געשטודירטע יודען מיט'ן משין „פּאָלקאָווניק"—דאָס ווייס מסתמא יעדער לעזער. עס זענען אויך געווען יודען, וואָס האָבען זיך ארויפגעארבייט, אין דינסט ביי דער רעגירונג, ביז דעם ראַנג פון אַ גענעראַל. אין גוטע יודישקייט האָט אָבער אַ יוד דעם טיטעל „עקסעלענץ"—„וואשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ" ניט געקענט בעקומען. די רעכט, די פּענסיע און דעם כבוד, וואָס אַ גענעראַלסקער טיטעל גיט, זענען אָבער געווען צו „יצר הרע'דיג". און אַ יוד, וואָס האָט בעוויזען ארויפצוקלעטערן אויף די שטאַפּלען פונ'ם דינסט־לייטער ביז „עקסעלענץ" האָט זיך געווענליך ניט אָבגעשטעלט פאַר געוויסע „פאָרמאַליטעטען", וואָס זענען איהם געשטאַנען אין וועג, אבי צו דערגרייכען די „רויטע ליאמ־פּאַסען" פון אַ גענעראַל. אַ יוד—אַ גענעראַל איז אין רוסלאַנד קיינמאָל ניט געווען.

אָבער, ווען עס איז ניט געווען קיין גענעראַל אַ יוד, איז דערפאַר געווען אַ גענעראַלשע-אַ יודענע. און טאַקע אַן אמת'ע, אַ כשרה יודענע, וואָס האָט געדאַוועגט דריי מאָל אַ טאָג און געלייענט „תחינות" און דעם „צאינה וראינה".

דאָס איז ניט קיין אנעקדאָט, נאָר אַ פאַקט. אזא אַנטיקעל האָט טאַקע געקענט זיין נאָר אין ווילנא, דעם אָרט פון אַ סך אַנדערע

---

יודישע אנטיקען. גערופען האָט מען איהר „אסתר די גענעראַלשע״.

דערצעהלט האָט מיר די מעשה איהרער א פלימעניק—קינקולקין, וואָס געדענקט נאָך זיין מוהמען, „אסתר די גענעראַלשע״, זעהר גוט. געשטאָרבען איז זי כמעט ערב דער רוסישער רעוואלוציע. געלעבט האָט זי איבער הונדערט יאָהר. פון די הונדערט יאָהר האָט זי א יאָהר פופציג געלעבט פון איהר גענעראַלסקע פענסיע.

אז זי פלעגט קומען איין מאָל א מאָנאַט אין קאזנאַטשייסטווע אין איהר אַלטפרענקישער „סובע״ מיט'ן „קאַפּטור״ אָבנעהמען די פענסיע, פלעגט זיך דער רוסישער טשינאָווניק פון דער קאַזנאַ־טשייסטווע שטעלען און דערלאַנגען איהר מיט דרך ארץ דאָס געלד מיט די ווערטער: איזוואָלטע פאָדפיסאַטסיא, וואַשע פרעוואָסכאָ־דיטעלסטוואָ, ס'הייסט: בעווילינגען זיי אונטערצושרייבען, אייערע עקסעלענץ...

ווי אַזוי קומט די יודענע אסתר צו ווערען א גענעראַלשע?

דאָס איז געווען אין די גוטע צייטען פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטען, אין דער ערשטער העלפט פון זיין רעגירונג. אין יענע טעג, ווען עס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבען צו בלאָזען,—אויסדריקענדיג זיך אויפ'ן מליצה־שטויגער—„דער ערשטער ווינטעלע פון השכלה״. די רוסישע רעגירונג האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען צו מאַכען „יודען פאַר מענשען״: „אָבצוטאָן פון זיי דעם פינסטערן וואָלקען פון פאַנאַטיזם״ און „לאָזען אויף זיי שטראַהלען די ליכטיגקייט פון דער אייראָפּייאישער ציוויליזאַציע״.

דעמאָלט איז פאָרגעקומען א מערקווירדיגע קאָנקורענץ צווישען דער רוסישער רעגירונג און דער פוילישער אין דער שטרעבונג „מזכה״ צו זיין יודען מיט אייראָפּעישע בילדונג. די רוסישע און פוילישע אוניווערזיטעטען האָבען זיך מיט אמאָל פאַר זיי געעפענט. און בּין ווילנער פוילישען אוניווערזיטעט, וואָס איז ביז דעמאָלט געווען פערמאַכט פאַר יודען, האָט זיך געיאָוועט דער ערשטער יודישער דאָקטאָר קושעלעווסקי, וואָס האט בעקומען זיין בילדונג אין רוסלאַנד. דער וואונדערליכער קושעלעווסקי, וואָס איז שוין ביי זיין לעבען

געוואָרען כמעט אַ לעגענדאַרע פּערזענליכקייט אין יודישען תחום. אין יענער צייט און פונ׳ם זעלבען ווילנער אוניווערזיטעט, איז אויך ארויס די ערשטע געשטודירטע יודישע דאָקטאָר־אַקושערין—אסתר די גענעראַלשע.

ווי אזוי אַ יודישע פאַמיליע אין ווילנא האָט זיך, מיט הונדערט יאָהר צוריק, דערוועגט צו לאָזען שטודירען אַ מיידעל, און דערצו נאָך מאכען איהר פאר א דאָקטאָרקע,—דאָס איז אַ רעטעניס, וואָס איך האָב געסטאַרעט זיך צו לייזען און האָב ניט געקענט. איהר פּלימעניק קינקולקין האט וועגען איהר פריהערדיגער ביאָגראפיע, וועגען איהר ערציהונג אין דער יוגענד. מיר נאָר נישט געקענט זאָגען. דער פאקט אָבער, וואָס עס האט זיך בעוויזען אַ יודישע פרוי—אַ „דאָקטאָרקע״, אַ געשטודירטע אַקושערין, איז געווען צו יענער צייט אזא מערקוויר־דיגקייט, אז מ׳איז געוואהר געוואָרען פון איהר אין פּעטערבורג, אין רוסישען קייזערליכען הויף, און אין ניבען איז זי געוואָרען דער קייזערינס לייב־אַקושערין.

אין קייזערליכען הויף האָט זיך די ערשטע יודישע אַקושערין ניט געפיהלט גוט. אזוי ווי דער ערשטער יודישער דאָקטאָר קושעלעווסקי, איז אויך די ערשטע יודישע אַקושערין—געווען אַ פרומע. די בילדונג האָט גאָר נישט געענדערט אין זייער רעליגיעזער וועלט־אנשויאונג. אלס לייב-אַקושערין האט זי געמחט געהמען אַן אנטייל אין אלע הויפישע עפענטליכע פּאַראַדען, פּייערטעג און באַלען. זי האט זיך אָבער צו סיין עסען און טרינקען אין הויף ניט צוגעריהרט. האָט גע־פיהרט איהר איינגעשלאָסענעם, שטרענג רעליגיעזען לעבען. אין קייזערליכען הויף האט מען עס געמוזט דולדען; ווייל מ׳האָט זיך צופיל גענויטיגט אין איהר. ענדליך, נאָך אַ גאַנצע רייהע יאָהרען דינען אין הויף, האט זי זיך אָנגעגעבען אין דימיסיע, און דאָס האט מען ווידער־יהר געמוזט בעווילינגען.

צוליב איהר דימיסיע איז ארויס אַ קריג און אַ בעהאַלטענע ...אה צווישען איהר און איהר משפּחה. די מעשה דערפון איז, אז זי האט געדאַרפט נאָך אין גאַנצען איינינע יאהר דערדינגען איהר טערמין.

דאן וואָלט זי געהאַט גרויסע מתנות, פּריווילעגיעס און—דער עיקר—אַ רייכע פּענסיע, וואָס וואָלט געקענט מאַכן גליקליך איהר אליין און איהר גאַנצע פאַמיליע. אסתר די גענעראַלשע האַט אָבער ווייניג געהאַלטען פון ערדישען גליק. האַט געקוקט מיט בעדויערן אויף איהר נייצינער פאַמיליע און האַט, אפילו אַרויסגעהענדיג אין דימיסיע, געלעבט ניט אין איהר היימישען קרייז, נאָר אין איהר בעזונדער נייסטיגער וועלט, אַרומגערינגעלט מיט וויסענשאַפטליכע ביכער אין איינציגע שפּראַך און מיט הייליגע מוסר-ספרים און תחינות.

מ׳ווייס ניט אַקוראַט, צי האָט אסתר די גענעראַלשע אַמאָל חתונה געהאַט, צי ניט. וואַהרשיינליך—ניט. איהר פּריווילעגירטע ראָלע פון אַ הויף־דאַמע און אינטעליגענטע פרוי צוזאַמען מיט איהר פרומקייט האָבען איהר אָבגעריסען אי פון דער געהויבענער געזעל־שאַפט פּנ׳ם הויפישען אַדעל, אי פון איהר פריהערדיגער יודישער ספערע. אָט דאָס האָט געמוזט זיין, אָהן אַ ספק, די אורזאַך פון איהר פערזענליכער לעבענס-טראַגעדיע. איהר פּלימעניק, סינקולקין, האָט מיר דערצעהלט. אז אַמאָל האָט זי געלאָזען אַרעסטירען זיין פאָטער, ד. ה. איהר ברודער, אויף דריי מעת לעת, דערפאַר, וואָס יענער האָט איהר דערעסען מיט זיינע טענות, פאַרוואָס זי איז אַרויס אין דימיסיע פאַר דער צייט. איהר פאַמיליע האָט דאָס איהר קיינמאָל ניט געקענט שענ־קען. „אונזערע קינדער און קינדסקינדער וואָלטען געווען גליקליך", האָט זיך בעקלאָגט איהר פּלימעניק ס. „ווען זי וואָלט ניט געווען אַזוי פרום".

„אסתר די גענעראַלשע" האָט געהאַט, אַ חוץ איהר טיטעל, און פּענסיע, אַ בעזונדער איינענהענדיג פּאַפּיר פון קייזער, צי פון דער קייזערין,—אַ דאַנק פאַר איהר טרייען דינסט. זי האָט פון דעם פּאַפּיר קיינמאָל קיין געברויך ניט געמאַכט. נאָר איינמאָל—דערצעהלט איהר פּלימעניק און זיין פרוי—האָט זי אַרויסגענומען די פּאַפּיר, און דאָס איז געווען צוליב אַזאַ מעשה:

אין גאַס, אין שכנות נעבען איהר וואוינונג, האָט אַ גוי אָנגע־שלאָגען און צובלוטיגט אַ יודיש קינד. זי האָט דאָס ניט געקענט פאַרטראָגען, איז אוועק אין פּאָליציי־הויז און געווענדעט זיך צום

פריסטאוו מיט אקלאנע, און האָט פערלאנגט מ׳זאָל דעם גוי ארעסטי־
רען. דער פריסטאוו האָט איהר אָנגעקוקט מיט פערוואונדערונג און
געזאָגט: „וואָס איז דאָס דיין עסק, אלטע זשידאָווקע?"

— שווייג, דו, בוראָטשניק! האָט זי אויף איהם געגעבען א טופּ
מיט׳ן פוס,—ווענען „דוצט" דו?

ביי די רייד האָט זי אוועקגעלעגט אויפ׳ן טיש איהר פּאַפּיר. ווי
דער פריסטאוו האָט עס אקוק געטאָן, איז ער אפערשטיינערטער
געוואָרען. ער איז איהר געפאלען צו די פיס און מיט אציטערנדיג קול
געשטאמעלט: זייט מיר מוחל, אייער עקסעלענץ...

קריגען דאָס פאָטאָגראפישע בילד פון דער ערשטער יודישער
געשטודירטער אקושערין איז מיר נים געלונגען. ווי אן אמת פרומע
יודינע—זאָגט איהר פאמיליע—האָט זי זיך קיינמאָל נים געלאָזט
פאָטאָגראפירען.



# קינקולקין — דער אַנטיקוואַר.

קינקולקין דער אנטיקוואר, ד. ה. דער הענדלער מיט אלטע ביכער־אנטיקען איז אויך איינער פון די מערקווירדיגסטע יודישע טיפּען פונ׳ם אלטען דור. ער איז געוועזן א ברודער פון אסתר דער גענעראלשע, האָט אויך געלעבט אריבער הונדערט יאָהר און איבערגעלעבט זיין שוועסטער מיט עטליכע יאָהר. אין דער יודישער פּרעסע, אפילו אין די ווילנער יודישע צייטונגען איז וועגען זיין טויט נאָר ניט געוועזן דערמאָהנט. דערפאַר איז אויף זיין לויה געוועזן די גאַנצע פּוילישע אינטעליגענץ און אריסטאָקראַטיע. א הספד האָט געמאַכט אויף זיין קבר ניט א רב, נאָר א גענעראל. און אויב יודישע צייטונגען האָבען וועגען איהם גאָר נישט געשריבען, איז פול געוועזן מיט איהם די גאַנצע אייראָפּעאישע פּרעסע. בעזונדערס אָבער—די פּוילישע בלעטער און זשורנאַלען. אומעטום איז דאַן געוועזן געדרוקט זיין ביאָגראַפיע מיט זיין בילד.

מיט וואָס זשע האָט קינקולקין זוכה געוועזן צו אזא גרויסען רוהם און דוקא אין דער גוי׳אישער וועלט? קינקולקין איז געוועזן א פּשוט׳ער יוד. האָט זיך מיט׳ן יודישען געזעלשאַפטליכען לעבען ניט אינטערעסירט. ער פלעגט פּינקטליך דריי מאָל א טאָג גערן דאַווענען אין שוהל. בין מנחה למעריב פלעגט ער זיצען ביי׳ן שיעור, הערען עין יעקב, מדרש אין ר׳ ישראל סאלאַנטער׳ס קלויז.

און דאָך פלעגען קומ׳ען צו איהם די גרעסטע פּוילישע געלעהרטע

אין אַריסטאָקראַטען פון אלע עקען וועלט „גאַ גאָוועגדע״, ס׳חייסט אויף אַ שטועם. אַלע זיינע ווערטער פלעגט מען דרוקען — טאַקע אין דעם פשוט׳ן זין פונ׳ם וואָרט. פּוילישע דיכטער, געלעהרטע, היסטאָריקער, זשורנאַליסטען פלעגען מיט איהם שטונדען־לאַנג פערברייינגען און פאַרנאָטירען ביי זיך יעדען געשפרעך מיט איהם.

וואָס זשע איז דאָס געווען פאַר אַ מעשה? פאַרוואָס האָט אָט דער פּשוט׳ער, תמימות׳דיגער יוד, וואָס האָט כמעט ניט געקענט ניט קיין יודיש, ניט קיין פּויליש, געהאַט אַזאַ חן אין דער פּוילישער געזעלשאַפט?

דאָס ערקלערט זיך דערמיט, וואָס קינקולקין איז געווען אַן „אַנטיקוואר״, האָט געהאַט אַ געשעפט אין ווילנא פון אַלטע ביכער־אַנטיקען. צופעליג זענען די ביכער געווען פּוילישע און ניט יודישע. איז ער, קינקולקין, געבליבען פרעמד דער יודישער וועלט. דערפאַר אָבער איז זיין בוכהאַנדלונג געוואָרען אַ היסטאָרישע אין דער געשיכטע פון דער פּוילישער קולטור און ליטעראַטור. קינקולקינ׳ס בוכהאַנדלונג דאַטירט פונ׳ם יאָהר 1793.

בשעת דער אַלטער קינקולקין האָט געעפענט זיין קרעמיל, כמעט אויפ׳ן זעלבען פּלאַץ, וואו זי געפינט זיך איצט, אין ווילנא, אויף דער ברייטער גאַס, איז ער געווען דער ערשטער און איינציגער יודישער אַנטיקוואר אין ליטא און פּוילען. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס קיין איין פּוילישער געלעהרטער, דיכטער און גלאַט אינטעליגענט האָט איהם ניט געקענט מיידען. די פּוילישע שריפטשטעלער האָבען שטאַרק ליעב געהאַט דעם תמימות׳דיגען, זעהר אָריגינעלען און טיפּישען יודישען אַנטיקוואר. די דיכטער מיצקעוויטש און סיראָקאָמליא זענען געווען זיינע פערזענליכע פריינד. צוליב זיין פריינדשאַפט מיט דעם לעצטען פּוילישען דיכטער, האָט ק. זאָגאַר געליטען. בשעת דעם לעצטען פּוילישען אויפשטאַנד האָט מען אַרעסטירט דעם יודישען אַנטיקוואר צוזאַמען מיט זיין פריינד, דעם דיכטער סיראָקאָמליא.

אָט דאָס איז די אורזאַך, פאַר וואָס דער נאָמען קינקולקין איז בעריהמט אין דער גאַנצער פּוילישער וועלט. זיין זוהן, שוין אויך אַ

נראָהער יוד, צו ועמען עס איז איבערגעגאַנגען בירושה דער איבער הונדערט יאָהריגער אנטיקוואר־געשעפט פון פוילישע ביכער האָט מיר געוויזען א גאַנצען פּאַק צייטונגען און זשורנאַלען, פראַנצויזישע און פוילישע, פון אַלע עקען וועלט, וואו עס איז געווען געדרוקט די ביאָגראַפיע מיט דעם בילד פונ'ם אַלטען ק. באַלד נאָך זיין טויט.

ווי געזאָגט האָט ער געלעבט מעהר, ווי הונדערט יאָהר. ער האָט געפיהרט זעהר א פּינקטליכען לעבען. ביז דעם לעצטען טאָג איז ער געווען געזונד און פלעגט געהן דאַוונען אין שוהל דריי מאָל א טאָג.



# דער „ווילנער באַלעבעס׳ל״.

(די לעבענס־דראַמע פון אַ יודישען מוזיקאַלישען געני).

---

זעכציג יאָהר איז אוועק זינט ער איז געשטאָרבען, און זיין אנדענקען לעבט צווישען די ווילנער יודען, אזוי ווי ער וואָלט ערשט נעכטען זיך געשיידען פון זיי. און כאָטש זיין אנדענקען איז פריש, האָט אַלעס וואָס מען דערצעהלט וועגען איהם אַ כאַראַקטער פון אַן אַלטער, אַלטער לעגענדע. הערט איהר זיך אָבער איין אין דער לעגענדע, באַמערקט איהר, אַז די לעגענדע איז אייגענטליך קיין לעגענדע ניט, יעדער שטריך אין איהר איז אזוי טריי דער פערזאָן, און דער צייט, און דער סביבה, אין וועלכער ער, דער העלד פון זיי, דער „ווילנער באַלעבעס׳ל״ האָט געלעבט, אַז איהר איבערצייגט זיך לייכט, דאָס די אונגלויבליכע מעשה איז אַן אמת׳ע, איז געווען אַ ווירקליכקייט. און ווען די ווירקליכקייט שיינט לעגענדאַריש, איז דאָס דערפאַר, וואָס זי איז אַ ראָמאַנטישע און אַ טראַגישע, אַ קלעמענדע און אַ האַרצנרייסענדע, ווי איהר בעגעגענט זעלטען אין די סאַמע פאַנטאַסטישע אויסגעקלערטע מעשיות און ראָמאַנען. די טראַגעדיע פונ׳ם ווילנער „באַלעבעס׳ל״ דאַרף נאָך ערשט געשריבען ווערען, און זי וועט געשריבען ווערען. וואָרום זי איז זעהר עהנליך צו דער טראַגעדיע פונ׳ם יודישען פאָלק, און קיין ראָמאַן, און קיין היסטאָרישע אונטערזוכונג איז ניט פעהיג אזוי טיף צו כאַראַקטעריזירען דעם מאָמענט פון דער יודישער

גייסטיגער ערוואכונג, אין בעגין פון דער השכלה־עפּאָכע, ווי די דראַ־
מאַטישע פּערזאָן פון דעם ווילנער באַלעבעס׳ל.

דער גיהנום פון די גייסטיגע יסורים, וואָס די ערוואַכטע יודישע יוגענד האָט געהאַט אויסצושטעהן אין יענער שרעקליכער און דאָך טיף אינטערעסאַנטער צייט, עטנדעקט זיך פאַר אונז, ווען מיר עפענען די צוויי טראַגעדיעס, די דענקמעלער פון יענער צייט: דער „פּוילישער יונגעל" פון לינעצקי און ליליענבלום׳ס „חטאות נעורים". אָבער פון די טיפסטע נשמה־יסורים, פון דער האַרץ־טראַגעדיע, פון יענע ערשטע שוואַלבען פון דער השכלה, האָבען מיר נאָך קיין דענקמאָל נים. און אָט דער דענקמאָל וועט זיין די געשריבענע דראַמע פון דעם ווילנער באַלעבעסל׳ס טראַגישען לעבען און די ערהאַלטונג און פערשפּרייטונג פון זיינע זיסע נגונים, וואָס האָבען געווירקט מיט אַזאַ צויבער אויף די הערצער פון זיין דור

רב יואל דוד לעווענשטיין—אַזוי האָט זיך גערופען מיט זיין נאָמען דער „ווילנער באַלעבעס׳ל"—איז געווען אַ חזנ׳ס אַ זוהן. זיין פאָטער האָט געהייסען ר׳ הירש ליפּאַיער (ליבאַוועער יודען רופען לי־באַווע—ליפּאַי) און איז געווען ווילנער שטאָדט־חזן. די יודען פון באַלטישען נעגענד האָבען, נאָך אַ צייט, איידער עס האָט זיך אָנגעהויבען די השכלה אין דער ליטא, געהאַט אַ שטרעבונג צו בילדונג. בשעת דער פאָטער לעווענשטיין איז אַריבער אויף הזנות פון ליבאַו קיין ווילנא, איז דער קליינער יואל אַלט געווען זעקס יאָהר. נאָך אין דער פריהער קינדהייט האָט ער אַרויסגעוויזען שטאַרקע סמנים פון אַ אונגע־וועהנליכען טאַלאַנט, און דער פאָטער האָט פיעל געזאָרגט פאַר זיין ערציהונג. מיט נאָהענט פון אַ הונדערט יאָהר צוריק האָט דער ווילנער חזן שוין געהאַלטען צו זיין זוהן נים בלויז די טייערסטע מלמדים, נאָר אויך לעהרער אויף פּויליש און דייטש. אויך לעהרער אויף פידעל און קלאַוויר. צו עלף יאָהר האָט דער קליינער יואל דוד שוין געדאַווענט אין ווילנער גרויסער שוהל פאַר׳ן עמוד אויף אַ בענקעלע. זיין דאַווענען האָט געמאַכט אַזאַ רושם, אַז ריינקע יודעלס, די ווייב פון מאַטע סטראַשון, איינער פון די גרעסטע ווילנער מיוחסים, גבאים און גבירים,

האָט בעשלאָסען דעמזעלבען שבת אין דער ווייבערשער שוהל, אַז דער קליינער חזן מוז ווערען איהר איידים. באלד טאקע האָט מען געשריבען מיט מזל תנאים. צו דרייצעהן יאָהר איז ער שוין געווען אַ באַלעבעס׳ל. אין אַ יאָהר אַרום איז געשטאָרבען זיין פאָטער, און דער פערצעהן יאָהריגער יואל דוד איז געוואָרען אויף זיין פאָטער׳ס פלאַץ אויבער־חזן אין דער גרויסער שוהל פון דער גרעסטער יודישער קהילה אין ליטא. דאָס איז געווען אַן אונערהערטע זאַך. די גבאים פון דער גרויסער שוהל האָבען געוואָלט ווענינסטענס דעם „כתב חזנות״ אָבהאַלטען אויף עטליכע יאָהר, ביז דער נייער חזן וועט האָבען אַ „חתימת זקן״—אַ שפור פון אַ באָרד. נאָר דאָ האָט שיער ניט אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציע פונ׳ם המון, ווערכער האָט מורא געהאַט, מען זאָל דעם אַנטיקעל ניט אויסכאַפּען אין אַן אַנדער שטאָדט, און האָט זיך איינגעשפּאַרט: ניין, דוקא שוין אַ „כתב־חזנים״ און טאַקי מיט פולע געהאַלט.... פיער רובל אַ וואָך, וואָס איז דעמאָלט, איבריגנס, געווען, גאַנץ פיינע שכירות פאַר אַ חזן.

דער המון האָט אויסגעפיהרט. די גבאים האָבען נאָר מיט מיה אויסגעקעמפּפט ביי דער מאַסע כאָטש „טוספים״ פאַר דעם חזן שני, ר׳ ליבעלע קאַנטאר, דעם ראַבינער און דאָקטאָר קאַנטאָר׳ס אַ זיידע, לאָזענדיג פאַר דעם פערצעהן יאָהריגען אויבער־חזן „כל נדרי״—דער שפּיץ יחוס פון אַלע תפילות.

דער „באַלעבעס׳ל״ האָט געהאַט אויף אַלעמען, אָהן אַן אויסנאַם, און מעהר פון אַלעמען, אויף דער יודישער מאַסע, אַ בעצויבערנדע ווירקונג. נאָך איצט זאָגען ווילנער באַלעבאַטים, אַז עס זענען נאָך ניט נעבאָרען געוואָרען די נאָטען, וואָס מ׳זאָל קענען מיט זיי פערצייכענען דעם באַלעבעסיל׳ס „נגונים״. אַז ער פלעגט זיך שטעלען זאָגען „ותערב״ אָדער „ברח דודי״, פון פסח׳דיגען פיוט—דערצעהלט מיר ציונסאָן, איינער פון די ווילנער זקנים־משכילים, וואָס געדענקט נאָך דעם „באַלעבעס׳ל״ און זיינע נגונים, פלעגט די גאַנצע פאָדלאָגע פון „בית המדרש״ פערגאָסען ווערען מיט טרערען. נאָר „ותערב״ „מן המצר״ „הלל״ „מקדש מלך״ (אין קבלת שבת) און „ומפני המאנו״ זענען בכלל

פון די ריהרענדע שטיקער אין דער יודישער שוהל־מוזיק. דער ווילנער „באלעבעסל״ האט נאר געדארפט עפענען זיין מויל אפילו אין „אדון עולם״ די גאנץ געוועהנליכע שלום־תפילה פון יעדן שבת־דיגען דאוונען — און ביים ענטציקטען עולם האבען זיך שטראמען טרערען געגאסען, געגאסען.

נאר נים יודען אליין. קריסטען פון פערשידענע נאציאנען, קלאסען און ראנגען פלעגען א יום טוב, א שבת, בעזאנדערס ביי „כל נדרי״ אנפילען די יודישע שוהל און טיף אין דער נשמה בעגייסטערט ווערען פון דעם יודישען נאכטיגאל׳ס ריהרענדע נגונים. דער בעריהמ־טער פוילישער קאמפאזיטאר מאניושקא, דאמאלדיגער פראפעסאר פון ווארשאווער קאנסערוואטאריום האט איהם אמאל געהערט און איז צוגעשמידט געווארען צום יונגען יודישען חזן. ער האט איהם בעזוכט, געלאדען צו זיך, געגעבען איהם אליין לעקציעס אין מוזיק און געמיהט זיך אויף איהם צו ווירקען, ער זאל לאזען די חזנות, זאל פאהרען קיין אויסלאנד ענטוויקלען און פערפאלקאמנען זיין טאלאנט. ער האט איהם פארגעזאגט, אז איהם שטעהט פאר א גלענצענדע צוקונפט, אז מיט זיין נאמען וועט קלינגען די וועלט.

אין דער צארטער, ווייכער, מעלאנכאליש־געשטימטער נשמה איז ענטשטאנען א קאמפף. דאס איז געווען א קאמפף צווישען דער ענגער, פערשטיקטער וועלט פונ׳ם יודישען געטא און דער ברייטער פרייער וועלט ארום, וואס האט איהם גערופען, געצויגען צו זיך. דער קאמפף איז געווען א דאפעלטער: צווישען איהם און דער סביבה, אין וועלכער ער האט געלעבט, און צווישען דער אלטער וועלט־אנשויאונג פון דעם יודישען עלוי און דער נייער—פון א אייראפעאישען קינסטלער. מאניושקען האט געקאסט פיעל מיה, ביז איהם איז געלונגען איינצר רעדען דעם באלעבעסיל׳ס שווער און שווינער, זיי זאלען איהם אב־לאזען אין ווארשע אויף א קאנצערט. אין אמת׳ן איז געווען געפלא־נעוועט, אז לעווענשטיין זאל לאזען די חזנות, און מיט דער הילף פון זיינע יודישע און קריסטליכע גוטע פריינד, אוועק אין אויסלאנד און אנקומען אין בערלינער קאנסערוואטאריום. די מיטלען האט ער

נעדאַרפט בעקומען דורך אַ קאָנצערט, וואָס מאַניושקא האָט פאַר איהם צונעגרייט אין ווארשא.

אום דער יונגער יואל דוד זאָל ניט געשטרויכעלט ווערען, האָט מען איהם געשיקט אַרומגערינגעלט מיט אַ סוויטע פון פרומע עהרליבע יודען. בעזונדערס האָט נעדאַרפט אויף איהם אַכטונג געבען שייקע פייפער—זיין באַס. נאָר די אַלע פאָרזיכטס־מיטלען האָבען ווענינ נעהאָלפען. דער בּאַלעבעסיל איז אין ווארשא דאָך געשטרויכעלט געוואָרען.

זיין אויפהאַלטען זיך אין ווארשא איז בעדעקט מיט אַ נעבעל פון לעגענדען. וויפיעל מענשען איך האָב ניט געפרעגט, סיי די זקנים, וואָס האָבען איהם אַליין געקענט, סיי די יודען, וואָס וויסען גוט די גאַנצע ווילנער היסטאָריע פון פאָריגען יאָהרהונדערט, האָט קיינער ניט נעוואוסט צו זאָגען עפּעס בעשטימטעס. בעקאַנט איז נאָר, אַז מיט זיין קאָנצערט אין ווארשא האָט דער „באַלעבעסיל" געמאַכט אַ געוואַלדיגען רושם. די גאַנצע פּוילישע אַריסטאָקראַטיע און די גרעסטע לייט פון די רוסישע מיליטער-בעאַמטע—פון דער יודישער בעפעל־קערונג רעדט מען שוין ניט—האָבען איהם אויף די הענד געטראָגען. מ'האָט איהם מיט בלומען פערוואָרפען. אַ יונגע טאָכטער פונ'ם גראַף פּאָסקעוויטש, איינער פון די גרעסטע פּוילישע מיוחסים, איז, נאָכ'ן קאָנצערט, צו איהם צוגעגאַנגען, איהם אויפגעהויבען די געדיכטע קרויזע שוואַרצע האָר, און, פאַר'ן גאַנצען טויזענד־קעפּיגען עולם, איהם אַ קוש געטאָן. אַ לעגענדע דערצעהלט, אַז נאָך פריהער, פאַר'ן קאָנ־צערט, באַלד ווי דער „ווילנער באַלעבעסיל" איז אָנגעקומען אין ווארשא, איז ער געגאַנגען אַליין שפּאַצירען איבער די ווארשעווער גאַסען. ער איז געגאַנגען פאַרביי אַ רייכען פּאַלאַץ און האָט דערהערט שפּילענדיג פּיאַנא. ער האָט זיך אָבגעשטעלט, זיך צוגעהאָרכט. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום שווייצער און געפרעגט: ווער שפּילט דאָס. „דעם גראַף פּאָסקעוויטשעס טאָכטער"—האָט דער שווייצער געענטפערט. „געה מעלד"—האָט געזאָגט דער באַלעבעסיל, אַז איינער וויל אריין און דער שפּילערין עפּעס זאָגען. דער שווייצער האָט נאַטירליך בעקוקט

מיט בעוואונדערונג דעם מאָרנעם זשיראק פון קאָפּ ביז די פיס און איז, פונדעסטוועגן, אוועק איבערגעבען די שליחות. לעווענשטיין איז געבעטען געוואָרען ארויפצוקומען אין הויז. די פוילישע געזעלשאפט, וואָס האָט אויבען פערבראכט מיט דער יונגער פּאַניענקע, האָט זיך פון אָנהויב פערוואונדערט: וואָס קען דאָס זיין פאר א זשידאָק? נאָר באלד איז בעשלאָסען געוואָרען, אז דאָס האָט מסתמא גאָט זיי צר געשיקט א יודעל אויף צו מאכען מיט איהם שפּאַס. יואל דוד איז אריין און האָט פערלאנגט צו זעהן די פּאַניענקע אליין. דאָס האָט נאָך פרעהליכער געשטימט די קאמפּאניע פון די פוילישע אדעלינע יונגע לייט. זיין בקשה האָט מען ערפילט. צו איהם איז ארויס די שפּילערין און פרעגט איהם, וואָס פערלאנגט ער? ער האָט איהר ערקלערט, אז געהענדיג פארביי האָט ער איהר געהערט שפּילען און בעמערקט אייניגע פעהלערען, וויל ער איהר אויף זיי אויפמערקזאם מאכען. די גאַנצע חברה האָט אויסגעשאָסען אין א געלעכטער און האָט באלד גענומען אויסטראכטען עפּעס א שטוקע, וואָס אָבצוטאָן דעם עזות׳דיגען, משוגענעם זשידאק. נאָר די פּאַניענקע איז געוואָרען רויט און האָט איהם פון העפליכקייט ווענען געפרעגט: וואָסערע פעהלערען? ער האָט געבעטען ערלויבנים צו זעצען זיך ביי דער פּיאַנא, ווענט ער איהר ווייזען. אָט דאָ איז די שטימונג פון די יונגע לייט נאָך פרעהליכער געוואָרען. מ׳האָט איהם געלאָזט שפּילען, און חברה האָט בעשלאָסען טאקי דאָ, בשעת מעשה, ביים שפּילען אָבטאָן איהם א שפּיצעל.

אָבער דער באַלעבעס׳ל האָט נאָר גערארפט בעריהרען די קלאַווישען און די גאַנצע געזעלשאפט, איז, ווי פערכשופ׳ט, צו די ערטער צוגעשמידט געוואָרען, און די פּאַניענקע איז אין אונמאכט געפאלען. פון דעמאָלט אָן איז דער באַלעבעס׳ל אָן אָפּטער איינגעהער ביים גראף פּאשקעוויטש געוואָרען, און שטונדען לאנג פלעגט ער מיט דער פּאַניענקע אין מוזיקאַלישע געשפרעכען, אָדער אין שפּילען פער־ברענגען. ער פלעגט דאָס טאָן אָב׳גנב׳ענדיג זיך פון זיינע בעגלייטער, געהיים.

דער קלאַנג איז נאָך ווילנא געקומען, אז עפּעס איז מיט׳ן

באלעבעס׳ל ניט גלאַט. מ׳האָט איהם געשריבען, ער זאָל צוריק אַ׳היים קומען. אָבער ער האָט זיך ניט געאיילט... מ׳ווייס ניט גענוי, וואָס צווישען איהם און פּאַסקעוויטשעס טאָכטער איז פאָרגעקומען. נאָר פּלוצלונג האָט ער אויפגעהערט צו בעזוכען דעם גראַף. איין דעה וויל האָבען, אַז צווישען דעם יודישען חזן און דער גרעפין, וועלכע איז געווען זעהר שען און געראָטען און האָט בעזעסען אַ נשמה פון אַ קינסטלערין, האט זיך אָנגעפאַנגען אַ ראָמאַן. איהרע עלטערן און ארומיגע האָבען דאָס בעמערקט, מ׳האָט זיך בעמיהט צו פערמיאוס׳ן דעם „ושיר״ ביי דער יונגער גרעפין. דערמיט האָט זיך פעראייניגט די קנאה פון די קריסטליכע ארטיסטען, און, פילייכט נאָך מעהר, די אונרוהיגקייט פון די עלטערן און אייפערזוכט פון די אריסטאָקראַטישע בעלנים אויף דער האנד און הארץ פון פּאַסקעוויטשעס טאָכטער. דער באַלעבעס׳ל האָט בעמערקט אַ ענדערונג אין דער האַלטונג צו איהם פון די אַרומיגע, איז ער געגוג שטאָלץ געווען אום צו שוינען זיין ווערדע. ער האָט אויפגעהערט צו בעזוכען פּאַסקעוויטשעס הויז. דער קוש פון דער יונגער גרעפין דעם באַלעבעס׳ל אויפ׳ן קאָנצערט, איז, פילייכט, געווען אַ דעמאָנסטראַציע געגען די פּאַראורטיילען און דער בעליידיגענדער האַלטונג פון איהר געזעלשאַפט צו דעם געניאַלען יודישען קינסטלער. פילייכט איז דאָס אויך געווען אַן אויסברוך פון צערטליכער ליבע, וועלכע איהר פאַמיליע און זיינע אַרומיגע האבען געוואָלט דערשטיקען.

נאָך דעם האט זיך אָנגעהויבען דעם ווילנער באַלעבעס׳לס טראַגעדיע, וועלכע ער האָט בעהאַלטען טיף אין זיין צאַרטער קינסט־לערישער נשמה, פון פרעמדע מענשען. אין וואַרשוי איז ער אַרויס־געטראָטען עטליכע מאָל. מ׳האט איהם מיט בלומען פערוואָרפען, מיט פּרעזענטען פערשאָטען. די גרעסטע מאַגנאַטען האבען איהם צו זיך געלאַדען און גרויס כבוד איהם אָבגעגעבען. זיין איבערגעגעבענער פריינד און לעהרער מאַניושקא האָט פאָרבערייטונגען געמאַכט איהם נאָך אויסלאַנד אויסצופיהרען. די גאַנצע פּרעסע און געזעלשאַפט איז פול געווען מיט די וואונדערליכסטע מעשיות וועגען דעם בעצויבערנדען טאַלאַנט פון דעם יונגען ווילנער יודישער חזן. מ׳האָט איהם פאָר־

געזאַנג וועלטבעריהמטקייט, עשירות, גדולה, אונשטערבליכקייט.

נאָר אינמיטען אָט די אַלע רווישינגע געשפּרעכען אַרום זיין פּערזאָן, איז דער „ווילנער באַלעבעס׳ל״, פלוצלונג, אנשטאט אין אויסלאַנד—צוריק נאָך ווילנא געפאָהרען. און דאָ זענען אויך די מעשׂיות ניט קלאָר. אַ טייל זאָגען, אַז שווער און שווינער צוזאַמען מיט די ווילנער גבאים, וועלכע האבען ניט געוואלט אָנווערען אַזאַ טייערע כלי, האבען אָנגעווענדט אַלערליי מיטלען איהם אָבצוהאַלטען פון אויס־לאַנד. אנדערע זאָגען, אַז ער אַליין האט ביי זיך ניט געקאָנט בעשליי־סען, און דערווייל נאָכגעגעבען. ווידער אנדערע מיינען, אַז דער רעש׳דינער „קבלת פנים״ אין ווארשא, צו וועלכען דער שטילער, פערטראַכטער, פרומער חזן איז ניט געוואוינט געווען, צוזאַמען מיט דעם אונגעוועהנליכען ראָמאַן, האָבען צו שטאַרק אויף זיין הארץ און נשמה געווירקט, און זיין גייסט האָט ניט געקאָנט אויסהאַלטען דעם קאַמפף צווישען צוויי וועלטען, וועלכע האָבען איינע די אנדערע אין זיין שוואַכען בוזעם געשטורמט.

דער באַלעבעס׳ל איז געבליבען חזן אין ווילנא. אָבער אינגאַנצען אומקעהרען זיך, צו דער אַלטער וועלט האָט ער שוין ניט געקענט. צו ענג איז איהם געוואָרען, אי אין דער היים, אי אין שוהל. גראָד זענען איהם, מיט אַ קורצע צייט פריהער, זיינע צוויי קינדער, וועלכע ער האָט, ווי אַ צערטליכער פאָטער, היים געליבט,—געשטאָרבען. זיין ווייב איז איהם פריהער קיין פּאָר ניט געווען. איצט איז זי איהם געוואָרען אין גאַנצען פרעמד. ער האָט זיך געוואָלט מיט איהר גט׳ן, דאָס האט געבראכט צו גוואַלדיגע מחלוקת און סקאַנדאַלען. מ׳זאָגט, אַז שווער און שווינער האבען דעם דאַמאָלסדיגען גובערנאַטאָר אריינגעמישט. ער האָט פעררופען דעם באַלעבעס׳ל צו זיך און איהם מיט זיין גובער־נאַטאָר׳מאַכט געדראָהט. נאָר לעווענשטיין איז שטאָלץ געווען. ער האט דעם גובערנאטאר אפילו אויסהערען ניט געוואָלט. „דו ביזט איינער אין אַ גובערניע״, האָט איהם דער שטאָלצער קינסטלער געענטפערט, „און איך—אין צוואנציג, און אפשר מעהר. איך האב פאר דיר קיין מורא ניט״. אַ טייל גבירים און אנדערע שטאָדט-מענשען

האָבען געהאַלטען זיין צד, צורישען זיי אויך דער, אין יענער צייט, גרעסטער ווילנער גביר—דער בעריהמטער יודל אָפּאַטאָוו. דער גם איז געשעהן. אָבער דער „באַלעבעסל האט שוין פון זיין פרייהייט ניט געקענט פּראָפּיטירען. זיין שטילע, צאַרטע נשמה האָט ניט אויסגעהאַלטען און ער איז אַריינגעפאַלען אין אַ מעלאַנכאָליע. דערזעלבער גביר אָפּאַטאָוו האט איהם נאכהער געהאַלטען ביי זיך. שטאָרט האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען איהם צו ראַטעווען. נאָר עס האט גאָר נישט געהאָלפען. איינזאם פלעגט דער „באַלעבעסל״ זיצען ביי זיך אין צימער אָדער געהן ערגיץ אין זייטיגע געסלעך אליין. צייטענווייז פלעגט ער זיך פערטראַכטען און אָנהויבען ברומען זיינע ליבלינגס-נגונים, דאָ; איז אין אַ מאָמענט, שוואַרץ געוואָרען, די גאַס אַרום זיין הויז פון מענשען, און די שטיינער פלעגען פערגאָסען ווערען מיט טרערען. אַ מאָל פלעגט ער שטיל, אזוי ווי פאַר זיך, זיצענדיג אין וואַנע, אַ זונג טאָן דעם בעוואוסטען פיוט „משוי ממים״, און, ווי צוגעצויגען פון אַ מאַגנעט, זענען שוין צעהנדליגע מענשען הינטער די ווענט, צופאַלען געוואָרען פון געוויין. זעלטען פלעגט טרעפען אין זיין קראַנקהייט איינצעלנע ליכטיגע מאָמענטען. דאַן האָט מען מיט אַלע מיטלען זיך געסטאַרעט אריינצובעקומען איהם אין שוהל. נאָך איהם איז נאָכגעגאַנגען אַ „קדר״ ד. ה. אַ טאָטער מיט אַ געפלאָכטענעם בייטש. זיינע פריינד האבען געגלויבט, אז דער טאָטער מיט זיין שפּרוך און בייטש האבען די מאַכט אָבצואוועגדען פונ׳ם קראַנקען די „מרה שחורה״. כדי אינמיטען דאַווגען זאָל איהם ניט בעפאַלען די „מרה שחורה״, איז ביין עמוד געבען איהם געשטאַנען דער קדר מיט׳ן בייטש. אין די ליכטיגע מאָמענטען, בעזור כענדיג זיינע פריינד און בעקאַנטע, פלעגט ער דאַרט, אזוי ווי אויפכאַפּען זיך און אַ זונג טאָן. דאַן האָבען זיך שוין אַרום יענער שטוב אויפגעמאכט טיר און פענסטער, און מענשען זענען געשטאַנען אויף די קעפּ כאַפּען עפּעס אַ טאָן זיינעם. נאָר ווען ער האט בעמערקט די אויפמערקזאמקייט פון די אַרומיגע, פלעגט ער גלייך אויפהערען, און קיין מאַכט אין דער וועלט האט איהם ניט געקענט צווינגען, אָדער אפילו דורך געבעט ווירקען, ווייטער צו זינגען.

ווילנער האבען איהם ליעב געהאט, ווי טאטע און מאמע זייער געראָטען איינציג קינד. ער איז געווען זייער צויבער, זייער טרייסט, זייער שמערץ, זייער לוסט. און איצט, ווען ווילנער רעדען וועגען „באלעבעס׳ל״ שפירט מען די זעלבע בענקשאַפט און ענטציקונג, גלייך ווי ער וואָלט נאך ערגעץ געלעבט, און מ׳האָפט, אז ער וועט נאך קומען. מ׳האט בשום אופן זיך ניט געקענט פאָרשטעלען, אז דער נאכטיגאַל איז אויף אייביג פערשטומט. שטאָדט האט זיך פיעל געלאָזט קאָסטען. מ׳האָט דעם קראַנקען געפיהרט אין אויסלאַנד. אויסלאַנד האָט אויף איהם גוט געווירקט. ער איז בעסער געוואָרען. דאַן האָבען דאָקטוירים געראָטען ער זאָל ארומפאָהרען איבער דער פּראָווינץ, דאָס וועט איהם צעשטרייען. דער מיטעל האט ווירקליך געהאָלפען. דער באַלעבעס׳ל איז געזונד געוואָרען. צו ווילנא׳ס פרייד איז קיין שיעור ניט געווען. נאָר ניט לאַנג האָט זי געדויערט. עס האָט זיך צונעמשעפּעט צו איהם א האַלדז־שווינדזוכט. מ׳איז געלאָפען אין ווארשוי. דאָרט האָבען אַלע זיינע פערעהרער יודען, ווי קריסטען די וועלט איינגעלעגט. אָבער עס האט נישט געהאָלפען. ער איז געשטאָרבען און מקובר געוואָרען אין ווארשוי—א יונגער מאַן פון פיער און דרייסיג יאָהר.

אָט אַזוי האָט זיך געענדיגט די טראַגישע לעבענס־קאַריערע פון איינעם פון די מערקווירדיגסטע יודישע גאונים אין 19-טען יאָהרהונדערט. א וואונדער איז, וואָס ניט איינער פון זיינע צויבער־נגונים, נאָך וועלכע יודען און קריסטען פלעגען אויסגעהן, איז ניט פערצייכענט אין נאָטען. ווילנער יודען זאָגען, אז עס זענען נאָך ניט בעשאַפען געוואָרען די נאָטען, וואָס זאָלען קענען איבערגעבען דעם באַלעבעסל׳ס טענער. אָבער אין אמת לעבען דעם „ווילנער באַלעבעסל׳ס״ נגונים אין פאָלק. אָהן א נאָמען, ווי גלגולים פון הייליגע נשמות בלאָנדזשען זיי אום אין פאָלק. אונבעוואוסטע חזנים, פאָלקס-טאַלאַנטען, פלעגטען איין פונקען פון זיי אין זייערע נגונים, און ווען און וואו זיי קומען צום הארץ פון פאָלק נעהמען זיי געפאַנגען זיין נשמה, גיסען אין איהר הייליגע ענטציקונג.

# דער „תקיף“.

דער מערקווירדיגסטער טיפ פון א יודי־שען „תקיף“ אין פאָריגען יאָהרהונדערט, איז אָהן א ספק, דער בעריהמטער ווילנער גביר יודיל אָפּאַטאָוו. דאָס איז געווען א מענש, מיט דעם געבאָרענעם טאַלאַנט פון א קהל־שען פיהרער. ער אַליין איז געווען א פּראָסטאַק, האָט געשטאַמט פון דעם נידריגסטען אָרימען קלאַס אין ווילנא, און נאָר א דאַנק זיין אונגעהייערער פּערזענליכער ענערגיע איז ער געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון אזא גרויסע, בעריהמטע יודישע געמיינדע, ווי די ווילנער. פאַר יודיל אָפּאַטאָוו האָט ניט בלויז געציטערט ווילנער יודישער קהל, פאַר איהם האט געהאַט דרך ארץ די ווילנער פּאָליציי, די נידריגע און די העכערע. יודיל אָפּאַטאָוו האָט קיינעם ניט געקענט פאָרשטעלען העכער און שטאַרקער פון זיך. עס געהט אין ווילנא א ווערטעל: „זיי קריגען זיך איבער יודיל אָפּאַטאָוורס נאָז“. דאָס הייסט ניט, אז יודיל אָפּאַטאָוו האט געהאַט א אונגעוועהנליכען נאָז. דאָס בעווייזט נאָר, אז ניט בלויז יודיל אָפּאַטאָוורס פּערזענליכקייט איז געווען א טעמא פאַר אונענדליכע געשפּרעכען ביין ווילנער עולם, נאָר זיין גאַנצע פיגור איז געווען צוגלידערט: מען האָט גערעדט וועגען זיין נאָז, וועגען זיינע אויגען זיינע ליפּען, וועגען זיין יעדען קעהר און ריהר. קורץ: אי

ביי זיין לעבען, אי נאָך יעצט, אפילו, פינף און דרייסיג יאָהר נאָך זיין טויט *) איז ער געווען און געבליבען דער העלד פון לעגענדעס און מעשיות, אנעקראָטען און וויצען אָהן א צאָהל, ווי דאָס איז זעלטען געווען דער פאַל מיט אנדערע אנטיקען, וואָס ווילנא האָט גענוג געהאַט.

יודיל אָפּאַטאָווס פריהסטע יוגענד, איז בעדעקט מיט א וואָלקען פון לעגענדעס. מען זאָגט, אז, אלס יונגעל, איז ער געווען א שטיוועל־פוצער, א פראָפעסיאָן, וואָס איז שוין לאַנג פערשוואונדען אין דער ליטא, איז אָבער, גאָר אמאָל געווען שטאַרק אין דער מאָדע. ער איז געשטאַנען—זאָגט מען—אויפ'ן שוהל־הויף מיט א בענקעל, א בערשטעל און א פושקע שוה־וואַקס, און האָט, פאַר א קאָפּיקע, געפוצט די שטיוועל יעדען איינעם, וואָס האָט פערלאַנגט. וואָסערע מדרגות יודיל אָפּאַטאָוו איז דורכגעגאַנגען פון א שטיוועל־פוצער ביז א פּאָדראַטשיק, ווייס קיינער נישט. נאָר מען ווייס, אז ער איז פּלוצלונג געוואָרען א גביר. און ניט פשוט א גביר, נור א גביר מיט אזא שטאַט, וואָס פאַר איהם, און נאָך איהם, האָט קיינער אין ווילנא ניט געזעהן: מיט איינענע פערד און קאַרעטען, מיט לאַקייען און שווייצאַרען ביי דער טיר. אָהן א דאָקלאַד ד. ה. אהן א פריהערדיגע מעלדונג, האט קיינער צו איהם ניט נעקענט אריינקומען. דאָס איז געווען מיט 60—50 יאָהר צוריק, ווען קיין איין ווילנער יודישער גביר איז ניט איינגעפאַלען צו לעבען מיט אזא שיק. און דאָך האָט קיינער ניט געוואוסט, צי יודיל אָפּאַטאָוו איז ווירקליך א גביר. א סך מיינען, אז כאָטש ער האט זיך אויפגעפיהרט פירסטליך, האָט ער קיין איינענס ניט געהאַט אפילו א קאָפּיקע. עס איז זאָגאר ביז היינטיגען טאָג א סוד, מיט וואָס יודיל אָפּאַטאָוו האָט זיך בעשעפטיגט. נור איינינע גיבען זיך איבער בסודי סודות—אזוי ווי זיי וואָלטען נאָך איצט מורא האָבען פאַר איהם—אז דער ווילנער „תקיף" האָט פשוט געהאַנדעלט מיט פאַלשע פּאַפּירענע געלד. די קלאַנגען זענען געגאַנגען נאָך פאַר זיין לעבען, און מען זאָגט, אז וויפיל מסירות

*) געשריבען אין 1909

יודיל אָפּאַטאָוו האָט אויף זיך ניט געהאַט, האָבען די מסירות און רעוויזיעס קיינמאָל גאָר נישט ארויסגעבראַכט. וואָרום יודיל אָפּאַטאָוו — אַזוי זאָגט די לעגענדע — האָט געהאַט פאר זיינע פאַלשע געלד דעם זיכערסטען אָרט, וואָס קאָן נאָר געבען. מען האָט זיי פערקויפט אין „קאַזנאַטשייסטוואָ״ (קרויןקאַסע) גופא.... און צוליב אָט די „ביזנעס״ האָט טאַקע יודיל אָפּאַטאָוו געהאַט בעקאַנטשאַפט אין הויכע, גאָר הויכע פענסטער. די אָרטיגע נאַטשאַלסטוואָ איז פאר איהם געווען בטל. ער איז געווען פערבונדען דורך זיינע „ביזנעס״ מיט די גרעסטע לייט אין פעטערסבורג. ווי ווייט יודיל אָפּאַטאָורס תקיפות האָט דערגרייכט, ווייזט דער פאַקט, אַז אויף זיין „אָרדער״ האָט מען געשמיסען אין דער פּאָליציי יעדערן, אויף וועמען ער האָט נאָר אָנגעוויזען. איז ער געווען אויף איינעם אין כעס האָט ער געשיקט צו דער פּאָליציי אַן „אָרדער״ אויף יענעם׳ס נאָמען. גלייך האָט מען יענעם צוגענומען אין צירקעל און מ׳האָט איהם דאָרט „אריינגעשאָטען״ אַזוי פיעל, וויפיעל יודיל אָפּאַטאָוו האָט געהייסען. אַמאָל, דערצעהלט מען, איז יודיל אָפּאַטאָוו אין כעס געווארען אויף זיינעם א יודישען משרת, ער האָט איהם געגעבען א צעטעל און געהייסען אוועקטראָגען אין פּאָליציי־הויז. דער משרת איז אָבער ניט געווען קיין נאַר. און האָט זיך אָנגעשטויסען, מיט וואָס דער „צעטעל״ שמעקט. ער האָט בע־געגענט אין גאַס א בעקאַנטען, געגעבען איהם עטליכע קאָפּיקעס און געבעטען — אַזוי ווי ער אליין איילט זיך ערגעץ אין א שליחות — אריינ־צוטראָגען דעם צעטעל דערביי אין צירקעל. קוים האָט מען אָבער דעם צעטעל געעפענט, האָט מען דעם ארימען יודען געכאַפּט און גלייך „מכבד״ געווען, אקוראַט נאָכ׳ן „אָרדער״. יענעם׳ס ווייב איז געקומען מיט א געשריי צו יודיל אָפּאַטאָוו, וועלכער האָט זיך שוין פריהער אָנגעשטויסען, אַז די מעשה איז אריבער ניט גלאַט, ווייל דער משרת האָט ניט בלויז ניט אויסגעזעהן, ווי א געשכראָפּטער בעל תשובה, נאָר אויף זיינע ליפּען האָט נאָך געשוועבט א ביטערער שמייכעל. אָפּאַטאָוו האָט איהם אָבער מעהר גאָר נישט געטאָן. דער איינפאַל איז איהם געפעלען געווארען, און דער משרת איז געווען ביי איהם דערפאַר

ארויסגענומען.

נאָך מעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר יודיל אָפּאַטאָווס „תקיפות״ איז ווייטערדיגער פאַקט, וואָס אַ סך ווילנער עלטערע יודען געדענקען. יודיל אָפּאַטאָוו איז געפאָהרען אין זיין פאַעטאָן מיט זיינע לאַקייען איבער ווילנער גאַסען. ערגעץ אין אַ ענגער געסעל האָט ער זיך אָנגעשטויסען אָן אַ קאַרעטע, אין וועלכער עס איז געפאָהרען דער פּאָליציימייסטער.

— שטעה—ווער איז דאָרט? האָט יודיל אַ געשריי געטאָן—לאָז דעם וועג.

— שטעה! ווער איז דאָרט? האָט דער פּאָליצמייסטער אויס־געשריען,—פערקעהר זיך אָן אַ זייט.

— קאַק סמייעש? ווי אַזוי וואַגסטו? האָט יודיל אַ דונער געטאָן, ארויסשפּרינגענדיג פון פאַעטאָן!

— זשיד! האָט דער פּאָליצמייסטער איהם אבגעדונערט צוריק.

— חזיר! האָט יודיל אַ שניט געטאָן און האָט דערלאַנגט דעם פּאָליצמייסטער צוויי פלאַמעדיגע פעטש, געזעצט זיך געלאַסען אין זיין קאַרעטע און געהייסען זיין קוטשער פאָהרען.

מאַנאַטען לאַנג האָט געשטורמט ווילנא מיט דער דאָזיגער געשעהניש. עס זענען געפלויגען עסטאַפעטען פון ווילנא אין פעטערבורג, פון פעטערסבורג אין ווילנא. נור געענדיגט האָט זיך מיט גאָר נישט. יודיל איז געפאָהרען אין פעטערבורג און עס איז געוואָרען רעכט.

פעטש האָט יודיל אָפּאַטאָוו ניט געזשאַלעוועט, אַפילו אין די שפּעטערדיגע יאָהרען, ווען אַרויסגעבען אָרדערס אויף שמיץ האָט מען שוין ניט געקענט. עס איז געווען אין ווילנע אַ פּאָעט משה חאשקעס. ער האָט געשריבען פון ווילנע קאָרעספּאָנדענצען אין „המליץ״. אין איין קאָרעספּאָנדענץ האָט ער קריטיקירט יודיל אָפּאַטאָוו. אין ווילנע איז דאַן אַ קאָרעספּאָנדענט געווען קענטיג. משה חאשקעס האָט יעדער ווילנער יוד געקענט. פון דער קריטיק האָט מען גערעדט אין גאַנץ שטאָדט. דאָס איז געווען אַ גרויסע וואַג־שטיק צו „בעשרייבען״ אויפ׳ן „בלאַט״ דעם פורכטבאַרען „תקיף״.

אַמאָל האָט יודיל אָפּאַטאָוו בעגעגענט משה חאשקעס אין

גאָס. ער האָט איהם אָבגעשטעלט.

— קום אַהער, דו, שרייבעריל. דער „קריטיקער" האָט זיך אָבגעשטעלט און געקוקט שטאָלץ אויף זיין „בעל סבר". אַרום איז באַלד געוואָרען אַ רעדעל.

— דאָס האסטו מיך קריטיקירט אויפ'ן בלאַט?

— אפשר ניט אמת? האָט געזאָגט דער „עזות פנים".

— דו ווייסט אָבער, אַז איך קען אויך קריטיקירען?

— איהר?! און משה חאשקעס האָט פערביסען אַ שמייכעל אויף זיינע ליפען.

ניט בלויז ער, נאָר גאַנץ שטאָדט האָט געוואוסט, אַז יודיל אָפּאַטאָוו איז אַן „עם הארץ", קען מיט צרות חתמ'ענען זיין נאָמען.

— יע איך!... האָט יודיל אָפּאַטאָוו געענטפערט, און אַראָבגעלאָזען האשקעס'ען צוויי פעטש מיט זיין אייזערנער האַנד.

אָט דאָס איז יודיל אָפּאַטאָוו'ס קריטיק—האָט ער קאַלטבלוטיג בעמערקט און איז אוועק רוהיג זיין וועג.

יודיל אָפּאַטאָוו איז בטבע ניט געוועזן קיין „קמצן". ער האָט געגעבען אַ סך געלד אויף קהל'שע זאַכען. נאָך גבאות און כבוד האָט ער זיך ניט געיאָגט. ער איז געוועזן צו הויך, צו פיעל „תקיף" איהם זאָל צופרידען שטעלען אַ פעטע „עליה" אין שוהל און נאָך אַזעלכע כבודים, נאָך וועלכע עס יאָגען זיך קליינע ברואים.

אויף ווילנער יודישע קהל-פיהרער האָט ער געקוקט מיט פעראַכטונג און פלעגט זיך אָפט אויסדריקען וועגען זיי גראָב. אויפ'ן שטוינער פון געוועזענעם שטיוועל-פוצער. די דאָזיגע בעציהונג זיינע צו „קהל" כאַראַקטעריזירט אַ פאַקט, וואָס איז מעהר עהנליך צו אַן אנעקדאָט, פון וועלכען ווילנא האַלט זיך נאָך היינט אין די זייטען פון געלעכטער.

עס איז אַמאָל געגאַנגען עפּעס אין אַ נצחון צווישען דעם „תקיף" און „קהל". אָפּאַטאָוו האָט עפּעס געהייסען „אַזוי זאָל געטאָן ווערען". קהל האָט דאָס ניט געקענט, אָדער ניט געוואָלט דערלאָזען. אימיצער האָט בעמערקט דעם „תקיף":

— וואָס וועט ד'רויף זאָגן ווילנא?

— ווילנא!? האָט דער תקיף אויסגעשריען, זאָל מיר גאַנץ ווילנא... דערביי האָט ער געזאָגט אַ ווערטעל, וואָס איז ניט בעקוועם צו ברענגען אין דרוק.

דאָס ווערטיל, איז, ווי אויף פליגלען, אין איין מאָמענט, צוטראָגען געוואָרען איבער'ן גאַנצען שטאָדט. קהל האָט זיך געפיהלט שטאַרק בעליידיגט. ס'איז געבליבען, מען זאָל אַזאַ גראָבקייט דעם „תקיף" ניט שענקען. אָבער וואָס טוט מען? וואָס קען מען געגען איהם טאָן? מ'האָט גערופען „מאָטקע כאַבאַד", און ער האָט זיך שוין אָנגענומען פאַר אַ פּאָר רובל, אָבצורעכענען זיך מיט'ן גראָבען יונג, אויף זיין, מאָטקע כאַבאַד'ישען, שטייגער.

אויף מאָרגען נאָך מיטאָג, ווען דער טורא'דיגער „תקיף", האָט, ווי זיין שטייגער, געכאַפּט אַ נאָכ־וואַרמעסדיגען דרעמיל, איז אַריינגעלאָפען צו איהם אין קיך, אַ פערסאַפּעטער, אָהן אָן אָטעם, מאָטקע כאַבאַד. די דינערשאַפט האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו איהם:

— וואָס איז רב מאָטקע?

— גיכער... וואו איז רב יודיל... קהל האָט מיר געשיקט... מ'זיצט אין קהל־שטיבעל...

— ער שלאָפט האָט מען איהם געמעלדעט.

— גיכער... קהל... וועקט איהם אויף!.. האָט מאָטקע געסאָפּעט.

— וואָס זייט איהר, משוגע, רב מאָטע?...

די שטוב לייט האָבען משונה'דיג אויף איהם אויסגעשטעלט די אויגען. פון מאָטקע כאַבאַד איז ווירקליך געוועזן אַ משוגעת. גאַנץ שטאָט האָט געוואוסט, אַז ווען יודיל אָפּאַטאַוו שלאָפט נאָך וואַרמעס, טאָר מען איהם ניט וועקען, עס מעג אונטערגעהן די וועלט. און ווער עס האָט געוואָגט צו שטערען איהם פון זיין שלאָף, איז שוין קיין גאַנצער פון זיין גראָבען שטעקען ניט אַרויס. נור מאָטקע איז ניט אָבגעשטאַנען.

— איך זאָג אייך: קהל... עקסטרא... סכנות נפשות... מ'האָט מיך געשיקט צו רב יודלען... איך זאָל ניט אָבטרעטען... מ'וואַרט אין קהל־שטיבעל... איך מוז זעהן רב יודלען... סכנות נפשות...

אַלע אין שטוב זענען געוואָרען פאַרציטערטע: די מענשען, די ווייב און די קינדער.

— זאָגט וואָס, רבי מאָטע, וואָס איז געשעהן?

— איך קאָן ניט, האָט מאָטע נאָך אַלץ געסאַפּעט,—נור איהם אַליין... אַזוי האָט מיר קהל געהייסען...

מ׳האָט גאָר נישט געקאָנט מאַכען. די ווייב האָט זיך איינגע־שטעלט אין סכנות און איז געגאַנגען וועקען דעם „תקיף".

אין אַ מינוט אַרום איז יודיל אָפּאַטאָוו אַריינגעלאָפען ניט טויט, ניט לעבעדיג, אין שלאָפראָק, אַ צעטומעלטער, אַ צעשראָקענער...

האַ!... וואָס איז געשעהן? פרעגט ער בלאָנדזשענדיג ווילד מיט די אויגען אין אַלע זייטען.

— רבי יודיל — האָט מאָטקע געשטאַמעלט, צוזויפּגעצווינגע כלומרשט פון שרעק: קהל האָט מיך געשיקט צו אייך... עקסטרא... מ׳האָט זיך אויפגעקליבען אין קהל־שטיבעל...

רייד! וואָס איז! ווערטער! האָט יודיל געשריען אַלץ מעהר צעשראָקען און ברענענדיג פאַר אונגעדולד.

מאָטקע האָט געשטאַמעלט מיט אַ כלומרשט פערצווייפעלטער שטים: קהל האָט מיך געשיקט... פרעגען... אַנטקעגען דעם, הייסט דאָס, וואָס איהר האָט נעכטען געהייסען... גאַנץ ווילנא... ווייס ניט קהל... צי מיינט איהר: מיט סניפּישאָק צי אָהן סניפּישאָק?...

אָפּאַטאָווען האָט זיך געוואָלט ווערען אַ מחותן מיט דעם גביר פאַרנעס, דעם גרעסטען יחסן פון ווילנא. פאַרנעס האָט אַרויסגעטרי־בען דעם שדכן, וואָס האָט איהם פאָרגעלעגט ווערען אַ מחותן מיט דעם געוועזענעם שטיוועל־פוצער, אָבער דער ווילנער „תקיף" האָט געזאָגט, אַז ער מוז ווערען אַ מחותן מיט דעם גרעסטען ווילנער יחסן. און ער האָט אויסגעפיהרט. פאַרנעס איז געווען אַ פּאָדראַטשיק. האָט יודיל אָפּאַטאָוו גענומען קאָנקורירען מיט אַלע זיינע פּאָדראַדען. אין עטליכע יאָהר צייט איז פאַרנעס געוואָרען אַן אָרימאַן. דאַן האָט ע־רעמזעלבען שדכן, וואָס ער האָט פריהער אַרויסגעטריבען, אויפגענומען מיט כבוד, און פאַרנעס׳ זוהן איז געוואָרען יודיל אָפּאַטאָווס איידים.

אז אנטאָקאלסקי, דער קינסטלער, איז געוואָרען בעריהמט; ער האט געהאט צו טאָן מיט פירשטען און מאגנאטען, און ווילנא האט געהאט דורך איהם גרויס כבוד, האט יודיל אָפּאטאָוו געזאגט, אז ער איז פאר איהם א גוטער חתן, פאר זיין טאָכטער. און אזוי איז געווען. דער וועלט־בעריהמטער בילד־שניצער אנטאָקאלסקי איז געוואָרען זיין, יודיל אָפּאטאווס, איידים.

דער ווילנער תקיף האט געפיהרט א פרייען שטאט, בשעת מען האט נאָך אין ווילנא פערפאָלגט פאר אן אפיקורסיש ביכעל.

ער האָט געהאלטען צו זיינע קינדער פאר א לעהרער דעם בע־ריהמטען העברעאישען דיכטער מאפו, וועלכען ער האט אָבער מכבד געווען מיט א שטעקען, און יענער איז קוים, מיט די ביינער, פון איהם אנטלאָפען. דערפאר האט מאפו, שפעטער, ארויסגעשטעלט דעם תקיף פאר דעם העלד אין זיין בעריהמטען ווערק „עיט צבוע“.



# דער לעצטער יודישער פריץ.

בעקאנט געוואָרען בין איך מיט איהם, מיט'ן לעצטען יודישען פריץ, מיט יאָהרען צוריק. און דאַן האט ער אויף מיך א שטארקען איינדרוק געמאכט. זינט דעמאָלט האב איך איהם ניט געזעהן. איך האָב אויף איהם פערגעסען.

דערמאָהנט האָב איך זיך אויף איהם צופעליג. איך בין פארביי געפאָהרען, אויף מיינע רייזען איבער יודישע שטעדט און שטעדטלאך, פארביי יענע פעלדער און וועלדער, וואו איך האָב זיך, אין מיין יוגענד, מיט איהם בעגעגענט. בין געווען ניט ווייט פון יענעם שטעדטעל, וואָס האָט איהם, דעם לעצטען יודישען פריץ, געבאָרען, און וואו ער האָט דאַן, ווי מ'האָט מיר געזאָגט, דערלעבט זיינע לעצטע יאָהרען.

די אומשטענדען האָבען מיר אָבער ניט ערלויבט אָבצושטעלען זיך דאָרט און זעהען זיך מיט איהם. דער צוג האָט מיך שנעל אוועק־געטראָגען ווייטער און ווייטער פון איהם. אָבער פערגעסען האָב איך איהם שוין ניט געקענט. א לאַנגע צייט האָב איך געטראכט וועגען איהם, ביז אנדערע מענשען און אנדערע געדאַנקען האָבען איהם ווידער ארויסגעשטויסען פון מיין זכרון.

א פאָר יאָהר זענען אוועק. איך האב אָן איהם אין גאנצען פערגעסען. ביז א צופאל, גאַנץ אונערוואַרט פאַר מיר, האָט מיך, אין אַן אַנדער אָרט, ווייט, ווייט פון יענע וועלדער און פעלדער, ווייט פון

יענער רוהיגער, שטילע, אָבגעלעגענער ליטווישער שטעדטעלע. גע בראכט נאָהענט צו... זיין קבר.

דאָס איז געווען אין א פוילישע יודיש-פאבריק שטעדטעל. דאָס שטעדטעל איז אנייע מאָדיש: דריי פערטעל—פערבויט מיט הויכע קוימענס, ברייטע גאסען, אלעען, גלאטע אספאלטענע טראָטואַרען, שענע פערפוצטע מויערן, נאָכ'ן ווארשעווער סטיל, עלעקטרישע בע־לייכטונג און נאָך אזעלכע בעקוועמליכקייטען פון א אינדוסטריעלען צענטער. אָן א זייט, אָבער פון שטעדטעל, אין אן עק, טוליעט זיך ענג דאָס אלטע שטעדטעל מיט זיינע איינגעהויקערטע, צוקרימטע נידריגע הילצערנע הייזלעך מיט צעבראָכענע שינדעל-דעכער... דאָ לעבען די פראָלעטאריער, די יעניגע, וואָס שפּילען צו „העגד״ פאר יענע הויכע פראכטפאָלע געביידעס מיט די סך פענסטער, מיט קליינינקע שיי־בעלאך. הארט דערביי איז אויך דער בית עולם פונ'ם שטעדטעל. דאָ זענען די מתים-הייזלעך און מצבות, אויך אזוי אָרים, עלענד, אויפגע־שטיקט אין איין קופּקע, ווי די וואוינונגען פון די לעבעדיגע, דאָרט, אביסעל העכער. איבריגענס זענען די איינגעפאלענע און צו דער ערד געבויגענע, אָדער אין דער ערד איינגעזונקענע שטיבלאך און מצבות געווען בלויז עטליכע. דער איבריגער פלאץ פונ'ם „בית חיים״ איז געווען פשוט פארזייט מיט אלטע, האלב צעבראָכענע, האלב צעפוילטע מיט מאָך בעוואקסענע ברעטלאך, אויף וועלכע די אויפשריפטען זענען שוין לאנג אָבגעמעקט געוואָרען דורך דער גרויזאמער האנד פון דער צייט. יענע שטעדטעל פון די הויכע קוימענס מיט די אלעען, מיט די שענע מויערן, עלעקטרי און טעלעפאָן האָט נאָך ניט געהאט דאָ איהרע פאָרשטעהער. דאָרט איז נאָך אלץ יונג, האלט אין רעכטען לעבען, שטרעבען און האבעווען,

נאָר איין קבר האָב איך בעמערקט אין אָט דער קופקע ענג אָנגע-וואָרפענע, פון מאָך פערגרויטע ברעטלאך און מצבות, וואָס איז געווען איינגאנצען א קאָנטראסט צו דער ארומיגער עלענדער און פערלאָזענער מתים-שטעדטעל. אויפ'ן קבר איז שטאָלץ געשטאנען א שענע, א טייערע מצבה מיט פריש אויסגעהאקטע מיט גאָלד בעפארבטע

בוכשטאבען: „פה נקבר... אט דא איז מקובר געוואָרען״...

איך האב איבערגעלעזען דעם נאָמען. ער איז מיר געווען זעהר בעקאנט. איך האב נאָכגעפרעגט ביי מיין בעגלייטער, און דער געדאנק, וואָס האָט מיר א בליץ געטאָן אין מוח, באלד ווי איך האָב איבער־געלעזען די אויפשריפט, האָט זיך ארויסגעוויזען פאר ריכטיג: דאָס איז געווען דער קבר פון דעם לעצטען יודישען פריץ.

ווי קומט ער א הער? אָט דער שטאָלצער פאָרשטעהער פון דעם אָבגעלעבטען יודישען פריצים־שטאנד? וואָס פאר א שיקזאַל האט איהם אויסגעריסען פון זיינע פעלדער, סטאינעס, פאָרניקעס, פאראב־קעס, און אַלטע פריצישע פאקאָיעס, דארט, טיף אין דער ליטא, און איהם פערווארפען א הער אין דאָס פוילישע פאבריק־שטעדטעל, אין דעם „תוהו ובהו״ פון רויך, עלעקטרי און פראָלעטארישע „הענד״.

ביז וואנען איך האָב בעקומען אן ענטפער אויף מיינע שאלות האב איך נענוג צייט געהאט צו דערמאָהנען זיך די פערגאנגענהייט פון דעם דאָזיגען מערקווירדיגען טיפּ. בשעת איך בין מיט איהם בעקאנט געוואָרען, איז ער געווען א יוד נאָהענט צו זיבעציג. גרייז־גראָה. אָבער, נאָך דעמאָלט, הויך, ברייט־שולטערדיג און שטארק, ווי א דעמב. זיין טראָט—אייזענפעסט, זיין וואָרט געצעהלט, זיין בליק—אָדלער־שארף און פירשטליך־בעפעהלעריש. עטוואָס מאיעסטעטישעס איז געווען ארויסגעגאָסען אין זיין גאנצער פיגור, און בשעת מ׳האָט איהם צוגע־געפיהרט זיין ליבלינגס־פערד, און ער האט זיך שטאָלץ און זיכער געזעצט אויף איהם רייטען, האט ער דאן אויסגעזעהען, ווי א פעלד־מארשאל, וואָס האט צו קאָמאנדירען איבער א גאנצע ארמעע.

נאָך דאַן איז ער געווען א בילד־שענער מאנספערזאָן. נאָר אין דער יוגענד—זאָגט מען—איז ער געווען שטארק עהנליך צו ניקאָלאי דעם ערשטען. און מ׳האָט איהם טאקע גערופען: „ניקאָלאי״.

די ביאָגראפיע פון אָט דעם יודישען פריץ, איז ניט ווייניגער מערקווירדיג, ווי ס׳איז געווען זיין אויסערליכע פּאָסטאציע. געבאָרען אין א קליין שטעדטעל אין מינסקער גובערניע, אין זעהר אן ארימער פאמיליע, האט ער זיך, אלס יונגעל, געמוזט לערנען פאר א שוסטער.

ז'ער שוסטער־בענקעל איז אָבער געווען צו קליין פאַר זיינע אונגעהייערע אונטערנעהמונגס־פעהיגקייטען. אי ניכען ווארפט ער דעם אָהל און קאַפּיל און לאָזט זיך צום ניעמאָן—די דאָזיגע טייך, וואָס איז געווען די שפּייזערקע פון טויזענדער יודישע פאַמיליעס און אַ סך פון זיי עשירות נעגעבען.

פון אָנהויב לאָזט ער זיך מיט די שיפען, אלס פּשוט'ער טאָג־ארבייטער קיין אויסלאנד. דערנאָך הויבט ער אָן אונטערצוהאנדלען מיט קאָנטראַבאנדע. דערנאָך פיהרט ער שוין אליין שיפען מיט געטריידע קיין „גינספעריק", ס'הייסט: קיין קעניגסבערג, און לייפּציג. פריהער, אלס אָנגעשטעלטער, פון אַ פּוילישען פּריץ. דערנאָך אלס שותף זיינער, און שפּעטער—אלס יורש פון זיינע גיטער, וועלכע יענער האָט פערשכורט. דערנאָך, ווען די באַהנען האָבען דערשלאָגען דעם געטריידע־האנדעל, האָט ער, דער יודישער פּריץ,] אַ טייל פון זיין קאַפּיטאַל אריינגעלעגט אין די בענק, אַ טייל אריינגעטאָן אין די באַלעבאַטישקייט פון זיין „פּאָסעסיע", און דער פריהערדיגער באַלעבאָס פונ'ם הויף, דער פּוילישער פּריץ, האָט ביי איהם אַ פּענסיע בעקומען און זיינע קינדער געניאַנטשעט. צוליב דעם האָט דער יודישער פּריץ זיין גאַנצען לעבען געטראָגען די פאַמיליע פונ'ם פּוילישען פּריץ וועמען ער האָט גע'ירש'ענט.

דאָס הויפּט כאַראַקטעריסטישע פונ'ם יודישען פּריץ איז געווען —זיין איינגעבאָרענער שטאָלץ. דאָס איז געווען דער שטאָלצעסטער יוד, וועמען איך האָב געקענט. באַטש ער איז געווען אַן אויפגעקומענער נגיד און אַ פּראָסטער, (האָט קוים געקענט דעם „הצפירה" לייענען) דאָך איז אין זיין האַלטען זיך ניט געלעגען קיין פּוסטע אָנגעבלאָזענקייט, נאָר אַ נאַטירליכער בעוואוסטזיין פון אַ שטאַרקען ווילען, פון אַ „סעלף־מעיד־מען", אַ מענש וואָס האָט אלעס אליין זיך צו פאַרדאַנקען.

אין אמת האָבען איהם אלע ארומיגע יודישע פּריצים גענומען פאַר אַ מוסטער, סאַי אין געשעפטליכע, סאַי אין הויזליכע פיהרונגען. ביי זיך אין הויז איז ער געווען אַ אונבעשרענקטער זעלבסטהערשער. אלעס אין שטוב און אין הויף האָט געציטערט פאַר זיין בליק. ריידען

האָט ער ניט נעדאַרפט. ער האָט בכלל ווינציג גערעדט. אַלץ—פון די פּאַראַבקעס ביז דער איינענער ווייב און קינדער און אייניקלאַך—האָט געהאַט פאַר איהם אָבשיי, געמישט מיט שרעק. אז ער פלעגט דורכ־געהן אין הויף, צי אין שטוב, האָט זיך אַלץ געשטעלט פאַר איהם, אפילו די ווייב. ריידען עפּעס איהם אנטקעגען האָט קיינער ניט געוואַגט. און דאָס איז געווען ניט דורך זיין שטרענגקייט, נאָר דורך דער הוילער מאַכט פון זיין שטעל, פון זיין בעפעהלעריש-מאַיעסטעטישער פיגור, פון זיין בליק אַליין.

אַ יודען האָט דער יודישער פּריץ ניט ליעב געהאַט. זיינע יודישע אָנגעשטעלטע (אַ פּאָר יודען—אַ פּאַקטער און אַ עקאָנאָם, האָט ער געמוזט האָבען אין זיין הויף), אפילו זיין אייגענעם ברודער—אַ גרויסער למדן—וואָס איז געווען ביי איהם אַ בוכפיהרער, האָט ער בעהאַנדעלט כמעט מיט פעראַכטונג. און דאָס איז געווען ניט אזוי פון שלעכטקייט, נאָר וויל זיי, די יודישע מענשען, האָבען זיך מעהר פון די גויים, געבויגט און געציטערט פאַר איהם. דערפאַר האָט ער רעספּעקט געהאַט פאַר דעם, וואָס האָט געהאַט שמאַלץ און מוט צו שטעלען זיך איהם אנטקעגען.

ביי דעם יודישען פּריץ איז געווען, ווי ביי אַלע יודישע פּריצים — אַ פּאַרניק, אַ סטאַניע, אַ קוה־שטאַל, אַ שטוב פאַר פּאַראַבקעס, אַ באָנדאַרניע, אַ סטאָליאַרניע, אַ בעזונדער שטיבעל פאַרן רבי'ן און לעהרער. דאָרט איז שבת אויך געווען אַ מנין, וואוהין עס פלעגען זיך צונויפקומען פון די אַרומיגע נאָהענטע ישובים די עטליכע יודען, וואָס האָבען דאָרט געוואוינט, און פלעגען דערפאַר, אַלע שבת נאָכ'ן דאַווענען, איינגעלאַדען ווערען אין די „פּאַקאָיעס" אויף לעקאַך און בראַנפען.

כמעט יעדען טאָג זענען ביין יודישען פּריץ געווען אורחים. דאָ פלעגט קומען אַ רב מיט אַ חבור; דאָ אַ מגיד; דאָ גלאַט אַ שענער יוד אויף „הכנסת כלה", דאָ אַ משולח פון אַ ישיבה. די אַלע מהודר־דיגע אורחים פלעגט מען לאַדען צום טיש. יעדער פון זיי פלעגט דאַרפען זאָגען תורה, אויף וועלכע דער יודישער פּריץ איז ניט געווען אַ שטאַרקער מבין און ליבהאָבער. אזוי איז שוין אָבער געווען דער מנהג. נאָך דער תורה פלעגט זיך געוועהנליך דער יודישער פּריץ נאָכפרעגען ביי די אורחים:

וואָס טוט זיך ביי די אנדערע יודישע פּריצים. די אורחים זענען, אויף אזא נ׳אויפן, געווען אַ מין לעבעדיגע פּאָצט פאר די יודישע הויפען. דורך זיי פלעגט אויך דער ישוב־מענש, דער יודישער פּריץ, זיך דער־וויסען, ווי לעבט דער און יענער רב, און וואָס ס׳הערט זיך גלאַט אויף דער ווייסער וועלט. נאָר די „סמעטענע״ פון די אורחים פלעגט דער פּריץ, נאָכ׳ן עסען, ארייַנרופען צו זיך אין חדר. דאָס איז געווען איינע פון די גרויסע זכיות.

ניט נעהויבענע אורחים, אַ שטויגער, ווי: מלמדים, פּשוטע בעל דרשנ׳ס, סתם שנאָרער, קבצנים, דורכגעהער, פּאַסקעדנטרענער, קאַראַ־בויניקעס, קאַטערינטשיקעס פלעגט מען געבען עסען אין קיך, ערלויבען צו נעכטיגען, און אויף מאָרגען עפּעס געבען אין האנד. ניט געגעסען און מיט ליידיגען פלעגט קיינער ניט אוועק. די נעהויבענערע פלעגט מען, נאַטירליך, אַ חוץ אַ שענער נדבה, יעדערן נאָך זיין גראד, אָב־שיקען צו דער סטאַנציע, אָדער צו דער נאָהענטסטער שטעדטעל אויף אַ הויפּישען פערד.

ווען אזעלכע געסט, אַ שטויגער, ווי אַ פּאַקענטרעגער, אַ קאַראַ־ביינִיק, אַ יוד מיט ים־חזירלאַך און מזל-צעטעלאַך, אַ קאַטערינשטשיק, זענען ביין פּריץ אליין ניט געווען קיין מהודר־דיגע געסט, פלעגען זיי אָבער שטאַרק חן האָבען ביי דעם פּריץ׳ס קינדער און אייניקלאַך, און סתם אין הויף. מ׳פלעגט מיט זיי פערברייננען גאַנצענע אָוועגדען, איבערהויפּט אין די ווינטער-נעכט, וואָס זענען אזוי לאַנגווייליג אויפ׳ן ישוב. אזוינע אורחים איז מען געווען זעהר גערן, ווייל דורך זיי פלעגט מען וויסען, וואָס ס׳טוט זיך ערגעץ׳ אויסער דעם הויף׳ אויף דער ווייסער וועלט. אמאָל פלעגט אָנקומען אין הויף אַ זינגער, אַ קונצען-מאַכער, אַ שפּילער, דאַן איז געווען אין הויף „אַ פּיקניק״. ס׳פערשטעהט זיך, אז אזעלכע לייט פלעגען זיך ניט טאָרען ווייזען דעם פּריץ אויף די אויגען. די „ספּעקטאַקלעך״ מיט די „קאָנצערטעך״ פלעגען מוזען פּאָר־קומען ביין פּאַקטער, אָדער ביי די פּאַראָבקעס אין שטוב, אין דער אנוועזענהייט און מיט דער שטאַרקער אַקטיווער בעטיילינונג פון דער הויפּישער יונגנד, מיט די קינדער און אייניקלאַך

אָן דער שפּיץ.

די קינדער און אייניקלאך, ביי דעם יודישען פּריץ, זענען ער־צויגען געוואָרען אויפ׳ן אלט פרענקישען שטייגער. אין די שקאָלעס און גימנאזיעס האָט מען זיי ניט געשיקט לערנען. מ׳האָט געהאַלטען אין הויף צו זיי אַ רבי׳ן, אָדער אַ לעהרער, וואָס האָט זיי געדאַרפט לערנען לשון קודש, רוס, דייטש, אריפמעטיק ביז „דראָב״ און אַ ביסעל פראַנצויז. דעם לעהרער אָדער רבי׳ן, אָדער ביידע צוזאַמען, האָט מען געהאַלטען ביז די קינדערשע חתונות. אז די תלמידים אָדער תלמיד׳קעס זענען געווען שוין חתנים און כלות זענען זיי געווען פון לערנען שוין פריי. דערפאַר האָט דער לעהרער געהאַט אַן אַנדער עובדא: ער האָט געדאַרפט, ניט זעלטען, שרייבען זיי „ליעבע-בריוועלאך״ און בריף צו די מחותנים, מחותנת׳טעס און זייער גאַנצער משפחה.

אָט אַזוי האָט זיך געלעבט דער לעצטער יודישער פּריץ און האָט ניט בעמערקט, ווי אַלץ אַרום אין דער וועלט האָט זיך שטאַרק געביטען. אַרום איהם איז געוואָרען אַלץ שיטערער און שיטערער אין יודישע פּריצים. די שטאָדט און די עמיגראַציע האָבען זיי איינגעשלונ־גען, צעשטערט זייערע נעסטער און געענדערט אינגאַנצען זייער לעבענס-אַרט און פּסיכאָלאָגיע. נאָר דער לעצטער יודישער פּריץ האָט זיך געהאַלטען פעסט: זיך ניט געוואָלט אונטערגעבען. אַלע זיינע זיהן, טעכטער און אייניקלאך זענען שוין לאַנג אויסגענעבען געווען אין דער שטאָדט. אַ גרויסען טייל האָט איינגעשלונגען לאָדז. אַ קלענערען טייל האָט אפילו דער ים אָבגעריסען. דער גורל האָט זיך שוין אונטערגערוקט אַלץ נעהענטער, נעהענטער צו איהם אליין. דער אַלטער האָט אָבער פון סיין שטאָדט, פון קיין ים ניט געוואָלט וויסען. זיין שטאָלצער גייסט האָט זיך ניט געקענט שיידען מיט די פרייע פעלדער אַרום, מיט דעם געדיכטען וואַלד דערביי, מיט דעם סיווען איינגעהאָבערטען, שטאָל־צען, ווי ער אליין, סטאַיענעם פערד. עס האָט אָבער גאָר נישט גע־האָלפען. ער האָט זיך געמוזט שיידען.

זיין איינגסטער זוהן, וואָס איז מיט איהם מריי געבליבען צווישען די פעלדער, האָט געמוזט, נאָך זיינע קינדער, קיין לאָדז אוועק. די

קאַרגע ליטווישע פעלדער האָבען נים געקענט געבען מעהר אַלעמען צום לעבען. מ׳האָט געמוזט ראַטעווען די איבערגעבליבענע ביסעל „מזומן״ און זוכען זיך אַ נייעם נעסט צו בויען.

אָט אַזוי איז דער איינציגער טרייער זוהן מגולגל געוואָרען אין אַ פוילישע—פאַבריק־שטעדטעל, איז געוואָרען אליין אַ פאַבריקאַנט. דער אַלטער איז אָבער אַוועק נים ווייט פון הויף אין זיין קליינע געבורטשטעדטעל. אין שטאָלצער איינזאַמקייט, נעהענטער צו די קברים פון זיינע פאָטער׳ס זיינע לעצטע יאָהרען צו פאַרברייננגען און דערנאָך לעבען זיי זיין לעצטע רוהה צו געפינען. דאָס איז איהם אָבער נים בּעשערט געווען. צי די איינזאַמקייט איז איהם אונמעגליך צו פאַרטראָגען געווען, צי די בענקשאַפט נאָך די קינדער האָט איהם געצווינגען, — ער איז אָבער באַלד אַוועק נאָך זיי. בעזעצט זיך אין דער רויכערדיגער, רוישענדער, האַוועדינער שטעדטעל, אין אַ וועלט, וואָס איז איהם אינגאַנצען פרעמד געווען.

דער גלות האָט נים לאַנג געדויערט. דער זוהן, וואָס איז ערצויגען געוואָרען אויף די פעלדער, צווישען סטאַיענע פערד און פאַראָבקעס, האָט נים געטויגט פאַר דער פאַבריק. ער האָט „צונעבאַקט״ אַ שענע פאַר טויזענדער, האָט ווי עס איז געראַטעוועט אַ ביסעל געלד, אַוועק אין זיין אַלטער היים, גענומען אַ „הויף״ אין אַרענדע און גענומען לעבען אויף דעם טאַטענס אַלטען שטייגער. דער אַלטער פריץ אָבער, דער טאַטע זיינער, האָט זיך עס נים דערוואָרט. ער האָט געפונען זיין אייביגע רוהה אויף אַ פרעמדען בית עולם, ווייט פון די זייניגע, אונטער דעם אונערטרעגליכען פייפען פון די פאַבריקען. אמת, געבליבען זענען דאָרטען, נים ווייט פון איהם, אין די פאַבריקען, אַ פּאָר אייניקלאָך זיינע. זיי קומען אָבער דעם אַלטען זיידען נים געוואָר ווערען. עלענד און פאַ־לאָזען איז דער קבר פון דעם לעצטען יודישען פריץ.

# דער בוכאַרער „בעל מקובל".

צווישען די פּאַרצייטיגע יודישע טיפּען, וואָס איך האב געפינען אין „אָהילעוו, ביי דער פאמיליע איידעלמאַן אין אלבאָם האט אויף מיך געמאכט אַ בעזונדערע איינדרוק אַ בילד פון אַ יונגען יודען אין אַ שענער מזרח־קליידונג. אויף מיין פראגע: ווער איז דאָס? האט מען מיר ערקלערט: דאָס איז דער בוכארער „בעל מקובל".

שוין דער נאָמען „בוכארער יוד" אליין שמעקט ביי אונז מיט לעגענדע, מיט די „עשרת השבטים". בפרט נאָך אַ „בעל מקובל" דער־צו. איך בין געווען נייגיריג צו וויסען: וואָס איז דאס פאר אַ פּערזאָן? און ווי קומט ער צו זיי אין אלבאָם?

דערויף האט מען מיר דערצעהלט אזא מערקווירדיגע געשיכטע:

דער דאָזיגער בוכארער יוד האט געהייסען ר' חיים. זיין שווער איז געווען איינער פון די גרעסטע בוכארער גבירים. די בוכארער יודען ווייסען ניט און האלטען ניט פון תלמוד. זיי האלטען אבער פון קבלה. און לערנען איהם. זיינע שווענער פלעגען קומען יעהרליך קיין ניזשני אויפ'ן יאריד מיט באוועל און טייערע בירוזא־שטיינער. ער איז געזעסען ביי שווער און שווינגער אויף קעסט און געלערנט „קבלה". ס'האט זיך איהם פערוואלט אין „ארץ ישראל". כדי אבצוציהען איהם פון דעם געדאנק, האבען זיינע שווענער איהם אמאל גענומען קיין ניזשני אויפ'ן יאריד. דא האט ער זיך דערוואוסט, אז אין ליטא איז דא אַ צדיק

(ר׳ מענדעלע ליבאוויטשער), וואָס איז קלאָר אי „נגלה״, אי „נסתר״, ד. ה. אי תלמוד אי קבלה. ער האָט דעריבער בעשלאָסען צו לאָזען זיך אין ליבאוויטש. אויפ׳ן וועג איז ער אריינגעפאָהרען אין מאָהילעוו. דאָ האָט ער מיט זיין אונגעוועהנליך שענער, שלאנקער פיגור געמאכט אן אוננעהייערן איינדרוק. ביי דעם גביר איידעלמאַן האט מען איהם אָב־געגעבען א שאלקע און געבעטען ער זאָל דאָ בלייבען אויף א צייט לערנען. ער האט געבראכט מיט זיך טויזענד רובל פון דער היים. דער פלאַן איז איהם געפעלען געוואָרען. ער האָט געדונגען א מלמד, איינעם פון די גרעסטע לומדים אין מאָהילעוו פון יענער צייט (דאָס איז געווען מיט א פופציג יאָהר צוריק) און זיך געזעצט לערנען. געקליידט איז ער געווען אין א שטריימעל און א זופּעצע פון טייערן, קאָלירטען און געבלומ־טען זיידענשטאָף. שבת פלעגט ער טראָגען, אנשטאט דער קאָלירטער —א ווייסע זיידענע קאפּאָטע. ראש חודש האָט ער געטראָגען ווידער אן אנדער מלבוש, אָבער אלץ פון זייד. ראש השנה—א סאפּאָטע פון ווייסען זיידענשטאָף, אויבען א חאלאט פון אנטיק — ווייסען מאָרע.

געפיהרט האָט ער זיך אזוי: אלע מאָג האָט ער געפאסט. ביי נאכט נאָך מעריב, פלעגט ער אָנבייסען: א טשאַיניק טיי, און דערביי עסען ראָזינקעס, מאנדלען, פייגען, טייטלען, פיסטאשקעס, בולקע און לימאָן. נאָכ׳ן עסען פלעגט ער לערנען, און דערנאָך, א ביסעל צולעגען זיך שלאָפען. פּונקט האלבע נאכט פלעגט ער אָבריכטען חצות און וויינען דערביי מיט ביטערע בכיות. שבת האָט מען איהם געדאַרפט דערלאַנגען דריי קעפּ פיש. ער פלעגט עסען די אויגען פון די פיש. (וואָס, על פי קבלה, ווערט דאָס גערעכענט פאר זעהר וויכטיג). פאר ראש השנה האָט ער געפאסט פיער מעת לעת. נאָכאנאנד, גאָר נישט אָנבייסענדיג ביי נאכט, ווי אלע מאָל. ראש השנה ביי נאכט האָט ער געמאכט קדוש. נאָך קדוש האָט ער גע׳חלשט.

מיר האָבען זיך אלע שטארק איבערגעשראָקען, דערצעהלט מיר איידעלמאנס טאָכטער, א פרוי פון נאָהענט צו זיבעציג יאָהר, דעמאָלט נאָך א יונגע ווייבעלע, אָבער ער איז באלד געקומען צו זיך, האָט אונז

בערוהינגט: דאָס איז אַלע יאָהר אַזוי,—האָט ער אונז ערקלערט. אַלע טאָג פאַר מנחה פלעגט ער געהן אין מקוה. פרייטאָג, פלעגט ער געהן אין באָד. די וועש, וואָס ער פלעגט אויסטאָן, איז געווען קלאָר ווי די זון, גלייך, ווי ערשט אָנגעטאָן. אויף זיינע בגדים איז קיין שפּרינקעלע ניט געווען. לערנען פלעגט ער אין צוויי פּאָר תפילין. „שמחת תורה" האָט ער געטאַנצט און געשפּרונגען גלייך מיט אַלעמען. „שבת בראשית" האָט מען ביי אונז געהוליעט ביז שפּעט ביי נאַכט, ער אויך. נאָר ווי עס איז געקומען צוועלף ביי נאַכט, איז ער פּלוצלונג געוואָרען אַן אַנדערער. זיין פּנים האָט זיך פערצווינגען מיט אַ טיפען טרויער. ער איז אַוועק צו זיך אויבען אין זיין שטיבעל, האָט זיך געזעצט אָבריכטען חצות און געוויינט ווי אַ קינד.

ביי'ן רבי'ן אין ליבאַוויטש. האָט ער פערבראַכט איין טאָג. אַז ער איז געקומען, דערצעהלט דער אַלטער לעווין,—איידעלמאַנס איידעם, דעמאָלט אַ יונגער מאַנטשיק פון 18—20 יאָהר,—האָבען מיר איהם געפרעגט: מה ראיתם? ס'הייסט: וואָס האָט איהר דאָרט גע־זעהן? (מיר פלעגען מיט איהם זיך קענען אויפריידען נאָר אויף לשון קודש) האָט ער געענטפערט: הבנים אינם יודעים מאומה והרב חולה, על כן לא דברתי עמהם. ס'הייסט די קינדער וויסען גאָר נישט און דער רבי אַליין איז קראַנק, האָב איך דעריבער מיט זיי ניט גערעדט.

„ביי אונז, דערצעהלט איידעלמאַנס טאָכטער, די אַלטע פרוי לעווין, האָט ער פערבראַכט אַ יאָהר צייט. דערנאָך איז ער אַוועקגע־פאָהרען אַ היים. ער האָט אָבער אין בוכאַרע ניט געוואָלט זיצען. עס האָט איהם געצויגען אין „ארץ ישראל". האָט ער גענומען די קינדער און איז מיט זיי אַוועק. דאָרט אין „ארץ ישראל" האָט ער געקויפט אַ שטוב און געלעבט פון דירה געלד. אַזוי ווי ביי די בוכאַרער, ווי אויך ביי די ארץ ישראל—יודען מעג מען האָבען צוויי ווייבער, האָט ער דאָרט חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערער. די ווייב האָט דאָס דערהערט, איז זי געקומען אין „ארץ ישראל". דאַן האָט ער גע'גט די צווייטע ווייב און גענומען איבער אַ נייעס די ערשטע.

מיט צוועלף יאָהר צוריק,—דערצעהלט איידעלמאַנס טאָכטער,

— האָבען מיר געהאַט אַ גערוס פון איהם דורך דעם בעוואוסטען שרייבער יחיאל מיכל פינעס. ס׳איז מעגליך, אז ער לעבט נאָך איצט.

דאָס בילד פונ׳ם בוכאַרער „בעל מקובל” שטעלט פאָר אַ בילדשענעם יונגען יודישען מאַנספערזאָן פון אַ יאָהר עטליכע און צוואנציג פון אַ טיף אָריגינעלען יודישען מזרח־טיפּ. עפּעס פירשטליכעס, גייסטיג ערהאבענעס איז אויסגעגאָסען אין אַלע שטריכען פון זיין פּנים און פון זיין שלאַנקער, שטאָלצער פיגור. ווען אַ קינסטלער זאָל וועלען מאָלען די געשטאַלט פון אַ שבתי צבי קען ניט געבען קיין מעהר אָריגינעלע, מעהר כאַראַקטעריסטישע, ווי די פיגור פון דעם דאָזיגען מערקווירדיגען בוכאַרער „בעל מקובל”.



# יודישע גבירים און זייער פיהרונג מיט הונדערט יאָהר צוריק.

---

צווישען די בילדער, וואָס געפינען זיך אין אַט דעם באַנד, וועט דער לעזער בעגעגענען אַ גרופּע טיפּען און בילדער וואָס ווייזען יודישע קליידונג, ספּעציעל פרויען־קליידונג, מיט הונדערט יאָהר צוריק. אויף די דאָזיגע בילדער האָב איך זיך צופעליג אָנגעשטויסען אין מאָהילעוו, אין אַ יודיש־אַריסטאָקראַטיש־הויז. זיי רופען אונז צוריק אין דאָס לעבען פון אונזערע באָבעס און עלטער־באָבעס אין יענע אַלטע גוטע צייטען, ווען די יודישע פאַמיליע איז נאָך געווען פּאַטריאַרכאַל; דער פיהרונג ביי יודישע גבירים איז געווען שטאַרק אָריגינעל, איבערהויפּט פון די גבירים—בעלי צדקות, גבירים—לומדים און שטאָרט־פיהרער.

אויף מיינע רייזען איבער׳ן יודישען תחום האָב איך תמיד געזוכט אַזוינע שפּורען פונ׳ם אַמאָליגען יודישען לעבען. ליידער איז ביי היינטיגע יודישע גבירים כמעט אינגאַנצען פערשוואונדען די אַמאָליגע אונגעקינסטעלטקייט, רוהיגקייט און פּאָעזיע. אויף די מעבעל, אויף דער קליידונג, אויף די שטריכען פון געזיכט, אויף יעדען קעהר און ריהר ליגט קאַריערע־זוכענעס און אונרוהיגע, גראָבע יאָגענעס נאָך לוקסוס און תאוות. מען רייסט פון זיך אָב דעם אַלטען יודישען לעבען, פערניכטעט יעדען שפּור פון אַמאָליגער שענקייט, פון אַמאָליגע

פריידען אוןליידען. עס איז טרויעריג צו זעהן ווי אומעטום פער־שווינדען, אפילו פון די שולען, די קינסטלערישע שניצונגען, די איידעלע, ערהאבענע מאלעריי פון ווענד און באלקען. אלעס ווערט פערשמירט, פערנרעבט; אומעטום הערשט נאָר דער נעלד-נאָם.

נאָר אין אַ פּאָר ערטער האָב איך, אויף מיינע רייזען, געפינען שפּורען פון אמאָליגען יודישען פיהרונג: אין רוזשינא, ביי דער אלטער יודישער יחוס־פאמיליע פינעס, און אין מאָהילעוו ביי די אייניקלאך פון דעם אמאָליגען אריסטאָקראטישען גביר דוד איידעלמאַן. ביי די פינעסעס האָט זיך דערהאלטען די גאנצע הויזליכע באלעבאטישקייט און פערפוצונג, כמעט אין דערזעלבער געשטאלט, וואָס זיי האָבען געהאט מיט הונדערט יאָהר צוריק. די מעבעל, די בילדער אויף די ווענד, די זילבערנע, מעשענע און קופערנע כלים, דער חנוכה־לעמפּעל, קדוש־און הבדלה־בעכער, בשמים־פושקע און אתרוג־האלטער. אלעס געהט איבער פון דור צו דור כמעט אונגעריהרט. אלעס שטעהט כמעט אויף דעמזעלבען אָרט, ווי עס איז געשטאנען פאר די באבעס און זיידעס. די אומשטענדען זענען גראָד גינסטיג אָט דער אלטער משכיליש־אריס-טאָקראטישער יודישער פאמיליע. זיי זענען נים אזוי רייך, ווי אמאָל, זענען נאָך אָבער ניט געריהרט פון זייער באָדען, ניט צעריסען דורך עמיגראציע און באנקראָטען.

ווענינער איז געבליבען דער גייסט פון אמאָליגען לעבען אין דער פאמיליע לעווין—די אייניקלאך פונ'ם אמאָליגען מאָהי־לעווער יודישען גביר, בעל צדקה און תקיף—דוד איידעלמאן. דערפאר ווערען אָבער די זכרונות פון אמאָל אָבגעהיט דאָ אזוי טייער ווי אין רוזשינאי. נאָך מיט 50—60 יאָהר צוריק האָט מען זיך דאָ גע־פיהרט האלב־אייראָפּעאיש: געפאָהרען אין די גרויסע שטעדט, אין אויסלאנד, געלאָזט זיך פאָטאָגראפירען, געהאלטען פון אמאָליגע מאָדעס. אָבער אלץ אין דעם אלטען יודישען סטיל. דאָס ווייזען די בילדער פון זיידעס און באבעס, פעטער'ס און מוהמעס, וואָס האָבען זיך דאָ דערהאלטען ניט שלעכט.

פריהער פון אלץ וויל איך ווענדען די אויפמערקזאמקייט פון די

לעזער אויף די צוויי פּאַטריאַרכען פּונ׳ם אַלטען מאָהילעוו: דוד אייר־דעלמאַן און שמעריל צוקערמאַן. די בילדער זענען גענומען אין זייערע בעסטע, מיטעלע יאָהרען. דעריבער זענען זיי דאָ נאָך יונג. אָבער אויףביידען ליגט אַן אָריגינעלער שטעמפּעל פון יודישע גבירים־לומדים און תקיפים. טיפער ערנסט, דורכדרינגענדע בליקען פון קאָפּ־מענשען, שטאָלצער זעלבסטבעוואוסטזיין און הרחבה—ליגט אויףביידע פּנים׳ער, נאָר בעזונדער אריגינעל, אין אָט דער הינזיכט, איז דער פּנים, די שטאַטור פון שמעריל צוקערמאַן. ביידע זענען געווען די גרעסטע גבירים, די „פּני״ פון שטאָדט, מיט 60—70 יאָהר צוריק. ביידע זענען אויך געווען צווישען זיך שטאַרק בעפריינדעט. זענען אָבער ניט געווען גלייך אין יחוס. שמעריל צוקערמאַן איז געווען אַ גביר דורך ירושה און ערציהונג. איידעלמאַן איז געווען אין דער יוגענד—אַ מלמד און זיין גביר׳עשאַפט האָט ער געהאַט צו פערדאַנקען זיך אליין, זיין פּערזענליכער ענערגיע און אונטערנעהמונגס־פעהינקייט. אזוי ווי שמעריל צוקערמאַן איז ער אויך געווען אַ גרויסער פּאָדראַדטשיק ביי דער מיליטער, האָט געהאַט מעדאַלען און אַ בעזונדער טשין „דירעקטאָר פון דער טורמע״, וואָס קיין יוד האָט עס ניט זוכה געווען צו זיין. ער האָט זיך דערשלאָ־גען צו אָט דעם טשין דורך אַ סך כּאבאר. זיין מיין איז געווען צו מקיים זיין „פּדיון שבויים״. ער האָט ווירקליך אַ סך יודען ארויסגענומען פון געפענגנים. מ׳דערצעהלט גאַנצע לעגענדעס וועגען די פערשיידענע ארטען, אויף וועלכע מ׳פלעגט אַמאָל אונטעררוקען די בעאַמטע כּאַבאַר.

צוקערמאַנס שיקזאַל איז, צום ענדע, געווען עהנליך אויף דער־ליאַנ׳ס. ער האָט געהאַט אויף זיך שווערע בעשולדיגונגען, און דעמאָלט איז געווען דער פּסק שטרענג. מ׳האָט איהם פערמשפּט צום טוים. נאָר ראָטשילד, זאָגט מען, האָט זיך פאַר איהם אויסגעסטאַרעט אַ מחילה. וועגען צוקערמאַנס עשירות געהען אויך אום מעשיות, אַז מ׳פלעגט פיהרען צו איהם גאַנצע פוהרען אַסיגנאַציעס. נאָך איהם איז געבליבען אַ בעריהמטע ביבליאָטעק, וועלכע איז אָבער פערלאָרען געגאַנגען פאַר דער שטאָדט.

אחוץ אַט די צוויי פּאַדראַטשיקעס דאַרף מען נאָך דערמאָנען די אַמאָליגע מאָהילעווער גבירים חאַטשע ראַטנער און חיים שמעון קאַהאַן. חאַטשע ראַטנער איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ חכם. האָט ניט געליטען קיין רב און, בכלל, כלי קודש. חיים שמעון קאַהאַן איז געווען אַ גרויסער „הדרת פנים", אַ אינטעליגענטע נשמה. זיין שטוב איז געווען אָפען פאַר אַלעמען. „אַן אָפענע האַנד און אַן אָפענע האַרץ", זאָגען אויף איהם, מאָהילעווער יודען, דערמאָהנענדיג איהם מיט גרויס דרך ארץ. איבערהויפּט איז ביי איהם אָפען געווען די שטוב פאַר חסידים. יעדער חסיד האָט געמעגט קומען צו איהם, עסען און טרינקען, ווי ביי זיך אין דער היים, טאָגען און נעכטיגען און וויילען אַזוי לאַנג, וויפיעל איהם האָט זיך אַליין געגלוסט. ער איז געווען מיט יעדערן אַ ברודער. פאַהרענדיג אין וועג פלעגט ער ניט דורכלאָזען אַ קרעטשים — אומעטום נעהמען אַ ביסעל בראַנפען, ניט אַזוי פאַר זיך, ווי — נעבען צו לייזען און מכבד זיין די אורחים. אַ פאַקט פון קרעטמערשער עהרליכקייט דערצעהלט מען פון זיינער אַ פלימעניצע, אַ קרעטמערקע, ציפּע פיינעל קאַהאַן. געקומען צו איהר אַמאָל, אַ קונד קויפען שניט־סחורה. מ'איז ניט דורכגעקומען אין מקח. ווען ער איז אַוועק האָט איהר פערדראָסען. „מ'האָט געדאַרפט לייזען", האָט זי געזאָגט צו די מענשען אין קראָם. דער קונד האָט זיך אויך בעקלערט און בעשלאָסען צו געבען דעם פרייז, וואָס זי האָט געבעטען. ער איז אריין און גע־הייסען געבען די סחורה. מ'האָט איהם אָבגעשניטען די סחורה. אַז ס'איז געקומען צום בעצאָהלען האָט מען ביי איהם גענומען נאָר אַזוי פיעל, וויפיעל ער האָט דעם ערשטען מאָל פאַרגעלעגט. אַ וואָרט — איז פערפאַלען! — האָט די קרעטמערין דערקלערט. איך האָב דאָ, צווישען זיך, גערעדט, אַז מ'האָט אייך געדאַרפט לאָזען פאַר'ן פרייז.

צו יענער צייט איז געווען רב אין מאָהילעוו דער בעריהמטער „מלבים", אָדער, ווי מ'האָט איהם גערופען: דער „קעמפּענער". דער „קעמפּענער" איז בעריהמט אויף דער גאַנצער וועלט מיט זיין פּירוש (דעם „קעמפּענער'ס" פּירוש) אויף „תנך", און מיט זיין ספר וועגען די „שמות הנרדפים", ד. ה. סינאָנימען — פערשידענע ווערטער אין לשון

ידיש, וואָס האָבען אַן עהנליכע בעדייטונג, ווי צ. ב. „שמחה“ און „ששון“ „צער“ און „ראנה“. דער פּירוש איז בעשטאַנען אין פערענט־פערן אַלע שווערע ווערטער פון „תנך“, אויף דעם גרונד פון גראַמאַ־טיקאַלישע ערקלערונגען. דעם קעמפּענערס פּירוש איז נאָך ביז היינ־טיגען טאָג שטאַרק בעליבט ביי אַ סך לומדים און אַלט־וועלטיגע משכילים. דער קעמפּענער איז געווען זעהר פרום, איז אָבער אויך געווען וועלטליך. האָט געקענט עטליכע אייראָפּעאישע שפּראַכען. אַ חוץ וואָס ער האָט בעזעסען גרינדליך די העברעאישע. אין מאָהילעוו איז ער געווען אַזוי בעליבט, אַז מ'פלעגט פאָהרען צו איהם פון ארום און ארום פרעגען עצות, ווי צו אַ גוטען יודען. צוליב אָט דעם קעמפּע־נער, איז ענטשטאַנען אין שטאָדט אַ הייסער קאַמפּף צווישען חאַטש־ע ראַטנער—זיין שטאַרקסטער געגנער, און חיים שמען קאַהאַן—זיין הייסעסטער אָנהענגער. דער קאַמפּף האָט זיך געענדיגט מיט אַמסירה אויפ'ן „מלבים“, אַז ער וויל איינפיהרען אַ נייע סעקטע ביי יודען. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די רעגירונג האָט איהם ארויסגעשיקט, אָדער ער האָט געמוזט אַנטלויפען, פון רוסלאַנד.

רעדענדיג וועגען מאָהילעווער יודישע פּאָדראַדטשיקעס דאַרף מען נאָך דערמאָהנען דעם פּאָדראַטשיק, ישראל ראַטנער, וואָס האָט אויך בעקומען דעם טיטעל „פּאָטאָמסטווענני פּאָטשאָטני גראַזשדאַנין“ ד. ה. עהרענבורגער, פאַר זיך און קינדס-קינדער. ער האָט געלעבט נעהענ־טער צו אונזער צייט. צו דער לויה פון אַלעקסאַנדער דעם 3-טען האָט מען איהם געשיקט קיין פּעטערבורג אין דער יודישער דעפּוטאַציע. ער האָט געהאַט אַ בעלמע אויפ'ן אויג. צוריק פון פּעטערבורג איז ער געקומען אָהן דער בעלמע. שטאָדט האָט זיך פערוואונדערט. פאַר בעקאַנטע, וואָס האָבען איהם געפרעגט: וואו איז אַ הינגעקומען די בעלמע? האָט ער דערקלערט, אַז, ווי ער איז געקומען אויפ'ן פּאַראַד פון דער לויה און דערזעהען דעם נייעם קיסר, איז ביי איהם פון „איטתא דמלכותא“, ד. ה. פון גרויס אימה, וואָס ער זעהט דעם קיסר, די בעלמע אראָב־געפאַלען.

# דער שמש מיט'ן ביינערנעם גאַרטעל.

---

אזוי ווי ביאַלע און נעסוויזש האָט מאָהילעוו אויך געהאַט איהר „גבור״, אויף וועלכען מ'האָט דערצעהלט, אז ער איז געבאָרען געוואָרען מיט א ביינערנעם גארטעל אויף די לענדען. זיין נאָמען געדענקען ניט נעגוי מאָהילעווער יודען. אָבער די מעשה, ווי ער האָט געראַטעוועט די מתים פון די „בורסאקעס״ איז געבליבען אין זכרון פון אַלט און יונג און מאָהילעוו, אזוי לעבעדיג, ווי זי וואָלט ערשט נעכטען פאַסירט.

די מתים האָט מען געדאַרפט טראָגען דורך א געסיל, וואו עס איז געוועזן א בורסע, ד. ה. א קריסטליכע שולע. אין דער גאַס, וואו די בורסע איז געוועזן, האט קיין יוד ניט געקענט דורכגעהן פון די „בורסאקעס״, די שקצים, הייסט עס, וואָס האבען געלערנט אין דער בורסע. פאַר די בורסאקעס איז ניט געוועזן געשריבען ק י י ן געזעץ. זיי פלעגען אָנפאַלען אויף דעם יודען מיט שטעקענס, מיט שטיינער און שלאָגען איהם ביז צום טויט. קלאָגען זיך האָט ניט געהאָלפען.

אויף א לויה פלעגט דעריבער שטענדיג מוזען געהן א גרויסער עולם מענשען. דאָס פלעגט אָבער ווייניג העלפען. פון הינטער די פאַרקאַנעס פלעגען די שקצים פאַרוואַרפען די לויה-לייט מיט שטיינער. יעדע לויה האט שטענדיג געקאָסט קרבנות און איז געוועזן דעריבער פערבונדען מיט סכנות. ס'איז אָבער קיין אנדער וועג ניט געוועזן און קלאָגען זיך האָט ניט געהאָלפען. אָפט פלעגט טרעפען, אז די לויה-לייט

---

פלענען זיך צולויפען און לאָזען אין טויט שרעקעניש דעם בר־מנן אליין. איבער וועלכען די בורסאַקעס פלעגען זיך איזדיעקעווען. ערשט אין טיפער נאַכט פלעגט וואַגען דער שמש ברענגען דעם מת צו דער קבורה.

שטאָדט האָט געזוכט עצות וואָס צו טאָן און גאָר נישט גע־קענט אויסטראַכטען. ביז עס איז געוואָרען קברות־מאַן דער שמש מיט׳ן ביינערנעם גאַרטעל. ער האָט זיך אָנגענומען אויסלייזען איין מאָל אויף אלע מאָל די לעבעדיגע און די טויטע פון די בורסאַקעס.

און אָט ווי אַזוי ער האָט עס אויסגעפיהרט.

באלד, ווי ער איז „קברן״ געוואָרען, האָט ער זיך אליין געמאַכט א לעבעדיגע לויה. ד. ה. ער האט זיך אָנגעטאָן אין „תכריכים״, אריינ־געלעגט זיך אין דער מטה און געהייסען זיך טראָגען, ווי דער שטוינער, בענגלייט פון אַן עולם־יודען דורך דער בורסע־געסיל. ווי זיי זענען געקומען צו דער בורסע האבען זיך, ווי תמיד, געוואָרפען די שקצים מיט שטיינער. די לויה־לייט זענען זיך צולאָפען און דער „בר־מנן״ איז געבליבען. די בורסאַקעס—צו איהם. נאָר פלוצלונג איז דער „מת״ אויפגעשטאַנען, האט זיך געלאָזען צו זיי און גאָר אויפ׳ן פשוט׳ן שטוי־נער, מיט א שטעקען, אַזוי צו קיילט און צוביילט, אז אויף מאָרגען האָבען יודישע רופאים, זיי דערוויישט אלעמען אין די בעטען טויט־קראַנקע. עטליכע זענען קאַליקעס געבליבען אויף זייער גאַנצען לעבען. אין בורסע־געסיל ווערט נאָך ביז היינט דערצעהלט צווישען די גויים דער מופת, ווי אַזוי דער טויטער זשיד האָט זיך אויפגעכאַפּט און זיך נוקם געווען אָן די בורסאַקעס.

אָבגעטאָן זיין ארבייט האָט דער שמש דער „בר־מנן״ זיך ווייטער אוועקגעלעגט רוהיג אין דער מיטה. חברה קדישא איז אונטערגעקומען און איהם אוועקגעטראָגען אויפ׳ן „בית עולם״. דאָרט האָט דער „בר־מנן״ מיט „חברה״ גענומען א ביסעל בראַנפען. און ער האָט עס כשר פערדינט: פון יענעם טאָג אָן פלעגען די בורסאַקעס אַנטלויפען וואו פעפער וואַקסט, ווי זיי האָבען נאָר דערזעה׳ן פון ווייטען א יודישע לויה.

# דער „גבור" פון ביאַלע.

די ביאַלער יודען געדענקען נאָך גוט, ווי עס האָט זיך גערופען זייער „שמשון הגבור". דער נאָמען איז טריי איבערגעגעבען געוואָרען פון זיידען צום איניקעל, פון טאטען צום זוהן, און דינט אלס טעמא ניט איין דור פאר בית-המדרש-שמועסען אין די לאַנגע ווינטערדיגע אָווענדען.

ער האָט געהייסען שמעון־ליב—אַ דער וואונדערליכער יוד, א וואסער-טרעגער, צי אַ שניידער איז ער געווען. און לעבען האָט ער געקאָנט נור אונטער די וואונדערליכע ראדזיווילס, די יעניגע פריצים, וואָס פלעגען זיך אין סאמע זומער „מאָנטשקעס"*) מאַכען, און זייער קאָמש איז אין בערען געשפּאַנט געווען.

ויהי היום, איז דער פירסט ראדזיוויל דורכ׳ן שטעדטיל, אין מיטען תמוז, אויף אַ „מאָנטשקע" געפאָהרען. ווי אין רעכטען שבט־פּראָסט איז זיין שליטען אויף אַ צוקער־שליט-וועג געפלויגען, פון אַ דריילונג „אָדלערס" געטראָגען.

איז צונעגאנגען שמעון־ליב, פּאַוואָלע, פון אַ זייט, האָט אָנגע־כאַפּט מיט דער האַנד אַ זיים פון שליטען, און די דריי אָדלערס פון ראדזיווילס בעסטען פערד־שטאַהל, זענען פּלוצלונג, ווי אין דער ערד

*) שליטוועגען פון מעהל־צוקער.

איינגעוואקסען, פערגליווערט געוואָרען.

דער שליט־וועג איז גוט: וואָכענלאַנג האָבען אויף איהם די פּאראָבקעס־געהאָרעוועט; דער שליטען איז נאָך בעסער, און לייכטער און פלינקער פון איהם זענען די אָדלער־פערד. אָבער עס העלפט נישט: שמעון ליב האָט דריי פינגער אין שליטען ארייננעשטעקט, און די דריי אָדלער־פערד האָבען שטעהן געמוזט.

ראַדזיוויל האָט זיך אומגעקעהרט און האָט דערזעהן אַזאַך, וואָס זיינע אבות אבותיו וואָלטען עס ניט געגלויבט. אַ פערשלומפּערט יודעל מיט אַ צוריסען ברילי׳ק האָט זיך ערלויבט מיט איהם, מיט ראַד־זיוויל׳ן, אַ שפּאַס צו מאַכען.

נור אנשטאט אין כעס צו זיין, איז דער מאַגנאַט אראָב פונ׳ם שליטען, און האָט דעם יודען אַ קלאַפּ געטאָן איבער׳ן פּלייצע: ביזט אַ כוואַט, שימאָנקע! אזעלכע האָב איך ליעב! דו ביזט שטאַרק, שימאָנקע! איך וויל דיר אָבער ווייזען נאָך אַ שטאַרקערן פון דיר: אַ מאָסקאַל, אַ קאַצאַפּ פון סאַמע מאָסקווע. וועסטו איהם איינלעגען — בעקומסטו פינף רענדלעך.

אין אַ וואָך ארום האָט מען שמעון ליב׳ן צו ראַדזיוויל׳ן אין הויף געבראַכט. דאָרט האָט געדאַרפט פאָרקומען איינע פון די שענסטע פערוויילונגען ביי דער פּוילישער שליאַכטע פון יענער צייט: אַ צוויי־קאַמפּף, אַ באָקס צווישען צוויי גבורים — צווישען דעם דאַרען „זשידאָק" שימאָנקע און דעם גראָבען רויטען קאַצאַפּ פון סאַמע מאָסקווע.

דער קאַצאַפּ איז גלייך צוגעגאַנגען צו שמעון ליב׳ן און האָט איהם, אָהן הקדמות און אָהן שאלות און טענות, זיינע פינף גראָבע רויטע פינגער אין פּנים ארייננעלעגט.

דער גאַנצער קאָפּ איז ביי שמעון ליב׳ן אָבגעדרעהט געוואָרען אויף אַ זייט.

ניט ריידענדי׳נ קיין וואָרט, האָט שמעון ליב צום קאַצאַפּ פעסט און זיכער אַ טראַט געטאָן, האָט איהם פאַר׳ן קאָפּ אָנגענומען, אויפ־געהויבען אין דער הויך און אַ לאָז געטאָן אראָב צו דער ערד. קיין קאַצאַפּ איז שוין מעהר ניט געווען... צושאָטענע ביינער זענען אויף

דער ערד געלעגען.

געטאָן האָט מען „שימאָנקען" נאָרנישט. אויף דעם איז עס א באָקס...

מען קאָן זיך לייכט פאָרשטעלן, אז „שימאָנקע" איז געווען אַן׳אוצר פאר אזעלכע שנעונ׳דיגע פריצים, ווי ראדזיווויל. זיצענדיג אין א געזעלשאפט ערגיץ אין פאריז, צווישן נאָך אזעלכע שנעונ׳דיגע פריצים, ווי ער, איז זיך געווען מ׳ט וואָס צו בעריהמען. קיינער האָט ניט געהאט ביי זיך אין הויף אזא מערקווירדיגען זשידעק „שימאָנקע", ווי ער.

און „שימאָנקע" האָט זיך טאקע געפיהלט, מעשה בן יקיר, עפּיס גאָר א בעזונדער יחסן ביים פריץ. ער האָט זיך ערלויבט אזעלכע „קונץ־שטיק", וואָס אַנ׳אנדערן, ניט „שימאָנקען" וואָלטען זיי דעם קאָפּ געקאָסט.

אמאָל האָט דער מאגנאט ראדזיווויל אויף זיין שטיינער, זיך געטראָגען איבער זיין „מאָנטשקע", אין זיין שליטען מיט בערען גע־שפּאנט. „שימאָנקע" איז דאָ, ניט פון הינטען, נור פון פאָרענט. לויפט אפריהער און דרייצט זיך, רייצט זיך מיט די בערען.

די בערען האָבען געגומען טראָגען. דער פריץ האָט פאהרען ווייטער ניט געקאָנט. ער האָט געהייסען דעם קוטשער מיט אלע קרעפטען זיך אָבשטעלען. אליין איז ער ארויסגעקראָכען פון שליטען און זאָגט צו זיין „זשידעק".

„הער, שימאָנקע, מיינסט, ס׳איז א גרויסער קונץ צו רייצען זיך מיט בערען, ווען זיי זענען געשפּאנט? אנו, פּרוב זיך, איך וועל אויסשפּאנען די בערען און דעמאָלט רייץ זיך מיט זיי".

דאָס איז ניט געזאָגט געוואָרען אויף א געלעכטער, דאָס איז געווען א בעפעהל.

„שימאָנקע" האָט זיך געמוטט שטעלען ווי פריהער, אנטקעגען די בערען; די בערען האָט מען אויסגעשפּאנט. איינער פון זיי האָט זיך מיט אימפעט א לאָז געטאָן אויף שמעון ליב׳ן. פון דער־ווייטען זענען געשטאנען אנדערע יודען: וועך אויף פלייטען, ווער אויף דעכער,

קוים לעבעריגע פון ציטערניס און שרעק. איין אויגענבליק און...

„שימאָנקע" איז שוין געזעסען רייטענדיג אויפ'ן בער. מיטביידע הענד האָט ער איהם פערקרימט דעם קאָפּ אָן אַ זייט. דאַן האָט ער מיט'ן רעכטען קולאַק גענעבען אַ זעץ איהם אין קאָפּ און אַראָב־געשפּרונגען.

דער בער האָט אויך אַ שפּרונג געטאָן, אַ צובלוטינגטער. בייסען האָט ער מעהר ניט געקאָנט: דער גאַנצער אונטערשטער קינבאַק מיט צייהן און צונג זענען געלעגען אויף דער ערד...

מ'ווייס ניט, וואָס פאַר אַ ראָלע שמעון ליב האָט געשפּילט אין שטעדטיל גופא, צווישען יודען. נור אַלע גויים האָבען געציטערט פאַר'ן מנושם'דיגען גבור. אין אַלע דערפער ארום האָבען די געזינדסטע שקצים געמאַכט פּליטה, ווי זיי האָבען נור דערזעהן פון ווייטען „שימאָנקען".

נור אין איין דאָרף, אַפּנים, האָבען די שקצים ניט געקענט „שימאָנקען". און אַז ער איז אַמאָל דורכגעגאַנגען דורכ'ן דאָרף, זענען זיי, די שקצים, איהם נאָכגעלאָפען און געזידעלט: זשידעק, זשידעק...

„שימאָנקע" איז געגאַנגען ווייטער רוהיג זיין וועג. נור, אַז די שקצים האָבען איהם גוט דערעסען, האָט ער זיך אָבגעקעהרט, גע־כאַפּט ביי איינעם פון זיי דאָס היטעל, צוגעגאַנגען צו דער נאָהנטסטער שטוב, אַ הויב געטאָן מיט איין האַנד דעם פונדאַמענט, מיט דער אַנדערער אונטערגעלעגט דאָס היטעל—און אַוועק ווייטער זיין וועג, ווי גאָרנישט געוועזן.

מ'זאָגט, אַז דאָס היטעל ליגט נאָך דאָרט אונטער'ן פונדאַמענט ביז היינטיגען טאָג. נור פון דעמאָלט אָן האָט מען שוין אויך אין יענעם דאָרף געוואוסט: ווער איז „שימאָנקע"...

# די נבּורים שטעדטעל.

יערע שטעדטעל אין יודישען תחום האָט זיך איהר בעזונדער ארטיקעל, מיט וואָס זי צייכענט זיך אויס פון אנדערע שטעדט און שטעדטלאך. "נעסוויזש איז א שטעדטעל פון יודישע גבורים, פון יודען, וואָס זענען „געבאָרען געוואָרען מיט ביינערנע רייפען" אויף זייער לייב. אזוי, ווענינגסטענס, זאָגט מען אויף זיי אין שטעדטעל.

אָט ווייזט מען אייך אויף איינעם, א יונגען בחור ישראל. אז ס'טרעפט זיך אין א שענק — גויים מאבען סקאנדאלען, רופט מען איהם אריין. טאָן טוט ער גאָרנישט. ער נעהמט נאָר א האנדטוך, פאר־ווארפט איהם אויף איין גוי, ווארפט איהם, דעם גוי, ארויף אויפ'ן פלייצע און טראָגט איהם ארויס, ווי א שעפס. דאן טוט ער אזוי א צווייטען, א דריטען, ביז דעם לעצטען. שטעלען זיך איהם אנטקעגען ציטערט מען. עס מעג זיין הונדערט גויים, וואָרום מ'וויים, אז ער האָט א „רייף". א צווייטער „רייפינגער" יוד — א שוסטער איז ער — און חיים, ראבט זיך, הייסט ער, איז דאָ אין נעסוויזש. זאָגט מען אויף איהם, אז ער האָט מורא פאר א קלאפּ. און ווייכט פון א געשלעג. דאָס הייסט — ער האָט מורא ניט פאר יענעמ'ס קלאפּ, נאָר פאר זיין אייגענעם. וואָרום, זאָגט מען, אז ער לעגט נאָר אויף איינעם א האנד, איז יענער קאפּוט.

נאָך א דריטען האָט מען מיר אָנגערופען — זיין נאָמען האָב איך

פערנעסען, וואָס האָט גענעקנט מיט די ציין אויפהויבען א טיש מיט צוויי מענשען, זיצענדיג אויפ׳ן טיש.

נאָר די פער פון די אַלע גבורים איז אָהן א ספק, דער „שמשון הגבור״ פון נעסוויזש—משה נאך (איינענטליך—„נח״—די ערשטע בוכשטאבען פון די העברעאישע ווערטער „גבור חזק״, דאָס הייסט א שטאַרקער העלד) א האלב היסטאָרישע, האלב לעגענדארע פערזענליכקייט, וואָס האָט געלעבט אין איין צייט מיט „שמעון ליב׳ן״—דעם „שמשון הגבור״ פון ביאלא, פאר דעמזעלבינגען ראדזיווילי-„פאניע-קאָכאַנקו״ וואָס איז, פונקט, ווי יענע יודישע גבורים, ביי יודען א לעגענדארע פערזענליכקייט געוואָרען, און אין די יודישע שטעדטלאך ווערען פון איהם די וואונדערליכסטע מעשיות דערצעהלט.



# „פאָניע קאָבאָנקר".

„פאָניע קאָבאָנקר" איז אַ היסטאָרישע, אַ לעגענדאַרע פערזאָן. דאָס איז געווען איינער פון די ראַדזיווילס, וואָס האָט געלעבט אין איין צייט מיט'ן ווילנער גאון, מיט משה מענדעלסאָן, אין יענער צייט, ווען אין אייראָפּאַ האָט געשמעקט מיט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. פּוילען איז געווען ערב איהר פּאָליטישען חורבן, רוסלאַנד האָט פערשפּרייט אַלץ גרעסער איהר מאַכט און די פּוילישע יודען זענען געווען אין אַ מין הין־און־הער פּלעט: האָבען געהאַלטען ביי אָנווערען אַ שטיפמוטער און בעקומען אַ שטיף־פאָטער.

דער שטיף־פאָטער איז אָבער נאָך ניט געקומען. די שטיפמוטער האָט געהאַלטען ביי „אויס". איהר מאַכט איז שוואַך געוועזן. יודען האָבען דעמאָלט געקענט אַ ביסעל אָברוהען. זייער לאַגע איז טאַקע דעמאָלט געווען גאָר ניט שלעכט, סיי עקאָנאָמיש, סיי קולטורעל, סיי פּאָליטיש. מ'האָט זיך מיט זיי ווענינ בעשעפטינט, ווייל ביידע צדדים זענען געווען צו פיעל פערנומען מיט זיך. און טאַקע דערפאַר, וואָס די יודישע לאַגע איז דעמאָלט געווען אי עקאָנאָמיש, אי קולטורעל ניט שלעכט האָבען זיך ביידע צדדים געמוזט מיט זיי רעכענען. דאָס איז געווען די פערמעגענדסטע, די ענטוויקעלטסטע שטאָדטינע בעפעל־קערונג.

די ראַדזיווילס זענען בכלל געווען זעהר רייכע און „האַנאַרנע"

פירשטען. בעזונדערס די נעסוויזשער. און פון די נעסוויזשער האָט זיך אויסגעצייכנט דער ליטוויש־פּוילישער „וואָיעוואָדאַ" קאַראָל ראַד־זיוויל, אָדער ווי מ'האָט איהם געוועהנליך גערופען: „פּאַניע קאָכאַנקו" אין איהם האָבען זיך פערקערפּערט אַלע שגעונות, קאַפּריזען אין פּוסטע נאוה פון אַ פּוילישען פּריץ. אַן „אויפגעקאָכטער", אַ כעסן, אָבער ניט קיין שלעכטער. ניט קיין איבערגעשפּיצטער, אָבער ניט קיין גראָבער נאַר; אַ הוליאַקע, אַן אומרוה; האָט האָלד געהאַט אַליין צו לעבען און געגעבען יודען צו פּערדינען. בעזונדערס די יענינע, וואָס האָבען נאָכגעגעבען זיינע שגעונות.

אָט אַזאַ איז געווען דער פּוילישער פּריץ אין זיינע בעסטע פּאָרשטעהער, און „פּאַניע קאָכאַנקו" איז געווען פון איהם דער שאַרפסטער, דער קענטיגסטער טיפּ.

ער איז געווען, ווי געזאָגט, אַ „העטמאַן" אַ „וואָיעוואָדאַ"—אַ מין שטאַטהאַלטער. אין יענער צייט, ווען די קעניגליכע מאַכט איז געווען אי פון אינעווענינ, אי פון דרויסען געבראָכען, זענען אָט די מאַגנאַטען אין זייערע שטאָלצע שלעסער־פעסטונגען געווען קליינע מלכים. מעהר ווי אַלע שלעסער איז געווען בעפעסטיגט דער נעסוויזשער שלאָס. נאָך יעצט ווייזט מען אייך אין שלאָס די אַמאָליגע באַטאַרייען, וואָס זענען דאָרט געשטאַנען. דער „העטמאַן" האָט געהאַט זיינע אייגענע מיליטער. דער שלאָס איז געווען פון אַלע זייטען אַרומגערינגעלט מיט אַ טיפען וואַסער־גראַבען. שלאָס און שטעדטעל איז געווען פערבונדען דורך אַ הענגבריק. הינטער דעם טיפען און ברייטען וואַסער־גראַבען, די האַר־מאַטען און דעם הענגבריק זענען די ראַדזיווילס געווען זיכער.

„יאַ יעסטעם קרול"—איך בין דער קעניג—פלעגט „פּאַניע קאָכאַנקו" מיט נאוה טענה'ן, און מאַקע ניט וועלען פאָלגען דעם קעניג'ס בעפעהלען. דעם גאַנצען לעבען האָט ער געהאַלטען אין איין קעמפּפען מיט דער קעניגליכער מאַכט. געגען רוסלאַנד האָט ער דאָ געבונטעוועט, דאָ געבויגען דעם רוקען. זיין לעבען איז געווען אַ שטורם־דינער. פון זיינע הוליאַנקעס, שטוקעס און שגעונות זענען געבליבען מאַסען אַנעקדאָטען און לעגענדעס ביי די פּאָליאַקען און ביי יודען. די

שפּורען וואָס ער האָט געלאָזען אין יודישען לעבען זענען אזוינע שטאַר־קע, אַז ווען אַ נעסוויזשער יוד דערצעהלט אייך וועגען „פּאַניע קאָ־באַנקו״, רעדט ער מיט אַזאַ התפּעלות, אַזוי ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטען געשעהן.

גערופען האָט מען איהם „פּאַניע קאָכאַנקו״ דערפאַר, וואָס ער אַליין פּלעגט זיך צו יעדען ווענדען מיט דיזעלבע ווערטער: „פּאַניע קאָכאַנקו״—„מיין ליעב הארצינער פריינד״. אַלץ איינס, צי צו זיינעם אַן אמת׳ן פריינד, אַ ברודער, אַ קרוב, צי צו אַ פּויער. מיט די ווערטער „פּאַניע קוכאַנקו״ פּלעגט ער הייסען אַ פּויער אַ נידערלעגען שטייסען אויך.

אָט זענען איינינע אַנעקדאָטען־לעגענדען וואָס כאַראַקטעריזירען דעם דאָזיגען מערקווירדיגען שגעון׳דיגסטען פון אַלע שגעון׳דיגע פּוילישע פּריצים־מאַגנאַטען.

# „נאַ קאַנאַ טעראַס וויגליאַנדראַס"*).

„פאַניע קאַכאַנקו" האָט קיין גליק ניט געהאַט צו פּרויען. פונ־דעסטוועגען האָט ער אַליין געהאַט אַ הויכע מיינונג וועגען זיין אויסזעהן. בעזונדערס—וועגען זיינע וואָנצען. ער פלעגט ליעב האָבען צו זעצען זיך אַנטקעגען שפּיגעל, דרייען די וואָנצעס און פרעגען ביין לאַקאַי, וואָס איז געשטאַנען פון הינטען: אַ צאָ, פאַניע קאָכאַנקו, נאַ קאָנאָ טעראַס וויגליאָנדראַס? צו ווענען, הייסט עס, בין איך איצט עהנליך? דער לאַקיי האָט געמוזט אָנרופען, כסדר, אַלע וויכטיגע יאַגד־חיות פון וואַלד. נאָך יעדע חיה האָט „פאַניע קאָכאַנקו" אויף דאָס ניי איבער־געדרייט די וואָנצעס, זיך נאָך שטאָלצער און וויכטיגער, פּונקט ווי אַן ענדיק, אָנגעבלאָזען, און ווייטער געפרעגט: נאַ קאָנאָ טעראַס וויגליאָנדראַס? ביז עס איז געקומען צום לייב. העכער האָט מען שוין ניט געקענט געהן, און דער „וואָיעוואָדאַ" האָט דאַן בעשטעטיגט: אָט—טאָ פּראַוודו מואַוויש, פאַניע קאָכאַנקו, ביזט גערעכט! אַן אמת'ער לייב...

און אָט האָט אַמאָל געטראָפען, אַז, ווען ס'איז געקומען צום „לייב", האָט דער לאַקיי, אויף דער געוועהנליכער פראַגע פון „פאַניע קאָכאַנקו": נאַ קאָנאָ טעראַס וויגליאָנדראַס? געענטפערט: נאַ דורניאַ!

*) אויף ווען בין איך איצט עהנליך.

ס'הייסט אויף—א נאַר.

„פּאַניע קאָבאַנקו" איז אויפגעשפּרונגען, ווי א שלאַנג וואָלט איהם א ביס געטאָן. ער האָט ארויסגעכאַפּט זיין שווערד, זיך א וואָרף געטאָן אויף הינטען—ניטאָ קיינער! ס'איז געוואָרען א לארם, א שטרענגע אונטערזוכונג. ס'האָט זיך ארויסגעוויזען, אז דער לאַקעי איז גאָר איינגאַנצען ביי איהם אין צימער ניט געווען. ער איז ארומגעלאָפען אומעטום, ווי א משוגענער. אריינגעלאָפען צוריק צו זיך. ניטאָ קיין נפש! נאָר די סטאַטועס, וואָס זענען דאָ געשטאַנען פון דור דורות האָבען אויף איהם געקוקט, און אויף זייערע מאַרמאָרנע ליפען האָט זיך ווי געקריטמט א פערביטערטער שמייכעל, ווי זיי וואָלטען נאָכגעזאָגט יענעם'ס: „נאַ דורניא! נאַ דורניא!".

— האַ! דאָס זיים איהר, פּסיאַקרעווס, האָט ער ווילד אויס־געשריען, ארויסגעכאַפּט זיין שווערד און גענומען האַקען רעכטס און לינקס.

אין אייניגע מינוטען איז פון דער רייכער שטיינבילדער-גאַלעריי, וואָס זיינע זיידעס האָבען זייער גאַנצען לעבען געקליבען און אוצרות מיט גאָלד דערפאַר בעצאָהלט—געבליבען נאָר א הויפען חורבות און זאַמד.

# אַ ייד - פאַר אַ קוקאַווקע.

---

פאַניע קאַבאַנקו איז אַמאָל געפאָהרען אין זיין פאַעטאָן. אויפ'ן וועג האָט ער בעגעגענט אַ יודען, געהענדיג צופוס.

— שטעה, זשידקו! האָט ער איהם בעפוילען. דער יוד האָט זיך אָבגעשטעלט און טיף זיך איינגעבויגען פאַר דעם מאַגנאַט.

— קענסט קרקריען ווי אַ קוקאַווקע?

אז דער "וואָיעוואָדאַ" האָט געהייסען, האָט מען געמוזט קענען.

— נו?

דער יוד האָט מיט טויט-שרעק גענומען קוקויען מיט דעם ניגון פון ודוי.

— ניט גוט! פאַניע קאַבאַנקו, האָט דער פריץ שטרענג גע־שאָקעלט מיט'ן קאָפּ. קריך ארויף אויף אָט יענעם בוים און מאַך "קרקו", ווי אן אמת'ע קוקאַווקע.

אז דער וואָיעוואָדאַ האָט געהייסען האָט מען געמוזט קריכען.

"פאַניע קאַבאַנקו" האָט ארויסגענומען די ביקס, זיך גוט געצילט און אויסגעשאָסען—גלייך דעם יודען אין הארצען.

אין הויף האָט ער זיך בעריהמט:

— דזיס קוקאַווקע זאַסטשאַלעם... היינט דערשאָסען אַ קר קאַווקע...

---

# „פאַניע קאַכאַנקע" שיסט א „ספר תורה".

אמאָל איז „פאניע קאָכאנקע", נאָך אַ פיינער הוליאנקע, געווען שטאַרק אויפגעראַמט און געלאָזען זיך מיט קאָמפאניע צו דער יודישער שוהל. ער האָט געשיקט רופען דעם רב. דער רב איז געקומען. ער האָט געהייסען עפענען דעם „ארון קודש". מ'האָט געעפענט דעם ארון קודש. ער האָט געהייסען אַרויסנעהמען אַ ספר תורה. מ'האָט מיט אנגסט און ציטערנעס געמוזט פאָלגען. דאַן האָט ער זיך געשטעלט אַנטקעגען מיט זיין ביקס און אויסגעשאָסען.

געטראָפען האָט ער אָבער ניט דער „ספר תורה", נאָר דעם רב, ר' יענקעלע. דער רב האָט מיט זיך פערשטעלט די „ספר תורה" און האָט צוגענומען די קויל, וואָס האָט געזאָלט זי טרעפען.

אויף מאָרגען האָט „פאניע קאָכאנקע" זיך אויסגעניכטערט. צום גליק איז די וואונד געווען ניט קיין געפעהרליכע. ער האָט דעם רב געהיילט אויף זיין רעכנונג און האָט איהם און זיין פאמיליע גליקליך געמאכט.

אַן אנדערס מאָל האָט „פאניע קאָכאנקע" געהייסען אלע יודען פון שטעדטעל אַרויסגעהן מיט קאָסעס און שטעלען זיך אויפ'ן בארג. „אויף אָט דעם בארג, וואו איצט איז אַ מין „שטאָדט־גאָרטען",— האָבען מיר געסווישער יודען געוויזען. זיי זענען געשטאנען עטליכע שעה. דערנאָך האָט ער זיי געהייסען געהן אַ היים.

# „ריבא בענדזי דראַגאַ" *)

אַמאָל האָבען זיך אויפגעקליבען ביי „פאַניע קאָבאַנקאָ" אַרומיגע פריצים אויף אַ „סיימיק", דאָס הייסט אַ קליינעם סיים. די וויכטיגסטע טעמע אויף דער טאָגעס-אָרדנונג זענען געוועזען — יודען. די שטימונג געגען די יודען איז, ווי עס פלעגט אָפט פאַסירען אויף די פּראָווינציעלע קליינע סיימען, געוועזען זעהר אַ פיינדליכע. יעדער פריץ האָט פאָרגע־לעגט זיינע גזרות: דער האָט פערלאַנגט, מ'זאָל די יודען אַרויסטרייבען פון די קרעטשמעס; יענער — מ'זאָל זיי פערוועהרען צו טרייבען בראַנפען; אַ דריטער — מ'זאָל זיי פערבאָטען טראָגען שטריימעלאך און אַטלע־סענע בגדים. און אַז. וו. און אַז. וו.

„פאַניע קאָבאַנקאָ" האָט, אין דער צייט פון די הייסע יודענפיינד־ליכע דעבאַטען, גאָרנישט גערעדט. ער איז געזעסען אָנגעשפּאַרט אויף די פויסטען און אַזוי ווי געדרימעלט.

— אַ צאַ, „פאַניע קאָבאַנקאָ" וואָיעוואָדאַ, ניץ ניע פּאָוויעש, — וואָס שווייגסטו עפּעס, פירשט וואָיעוואָדאַ, האָבען זיך ענדליך די פריצים צו איהם געווענדעט. זאָג איצט אַרויס דיין עצה: וואָס טוט מען מיט די יודען.

„פאַניע קאָבאַנקאָ", האָט זיך אַזוי ווי אויפגעצוכעט פון שלאָף,

*) פיש ווערט זיין טייער.

און האָט גענומען רייבען די אויגען.

— נו, רייד, פאַניע וואָיעוואָדאָ, זאָג דיין עצה!

— ריבא בענדזי דראָגא, פיש וועט זיין טייער! האָט אַזוי ווי צו זיך אין פויסט אריין אַ זאָג געטאָן „פאַניע קאָבאַנקו".

— דער גאַנצער סיים האָט איהם אָנגעקוקט מאָדנע. מ'איז אמת, געוואוינט געוועזן צו זיינע שגעונות. אָבער דאָ, ביי אַזעלכע ערנסטע דעבאַטען, ווען עס האַנדעלט זיך אום אַזאַ וויכטיגע פראַגע...

— „ריבא בענדזי דראָגא"—האָט דער וואָיעוואָדא, געטענה'ט זיינס, קוקענדיג רוהיג אין זייערע צוהיצטע פנים'ער, און געדרעמעלט זיך ווייטער, אָנגעשפאַרט אויפ'ן פויסט.

ענדליך האָט איינער פון די פערזאַמעלטע זיך אָבגעוואַגט און נעפרעגט מיט פערדרוס און מיט שטויגען:

— פּשעפּראַשעם, פאַניע... פאַניע קסיענצו... מיר פערשטעהען ניט... וואָס פאַר אַ פיש?... וואָס איז שייך תהלים צו געשווילעכטס?..

„פאַניע קאָבאַנקו" האָט האַלב אויפגעהויבען דעם פנים איבער'ן פויסט און, אַזוי ווי נאָך אַלץ צוכענדיג זיך, האָט ער געזאָגט:

— פערשטעהט איהר מיך, פאַניע קאָבאַנקו: יודען האָבען אַמאָל געהאַט איין המן, האָב איך געכטען, צוליב דעם, קיין פיש ניט געקענט קריגען אויפ'ן מאַרק. פורים איז ביי זיי געוועזן. האָבען זיי די גאַנצע פיש אויסגעקויפט. היינט שטעלט אייך פאָר: דאָ זענען פאַראַנען אַזוי פיעל המנ'ס... ניין!... איך דאַנק אייך, פאַנאָוויע! איהר ווילט, אַ פנים, אַז קיין פיש זאָל שוין קיינמאָל צו מיר אין מויל ניט אריינקומען...



# „פאַניע קאַבאַנקו" פערשפּילט אַ שאַך.

„פאניע קאַבאנקו" האָט ליעב געהאט צו שפּילען אין שאַך. פערשפּילען אָבער האָט ער פיינט געהאט. בלייבען „מאט" האָט שטענדיג געמוזט ניט ער, נאָר זיין פּארטנער.

אַזאַ פּארטנער האָט ניט געקאָנט זיין קיין פּריץ. אפילו דער קלענסטער פּריץ, ווי בעוואוסט, איז זעהר האָנאָרנע. און ווען ער שפּילט שאַך, וויל ער זאָגען „מאט". אז ניט—צו וואָס טויג דער שפּילען?

האָט „פאניע קאַבאנקו" געמוזט האָבען, אלס פּארטנער אין שפּילען שאַך, אַ יודען. און אין נעסוויזש איז טאַקע געווען אַזאַ יוד, שכנא האָט ער געהייסען, און איז געווען אַ גרויסע בריה אין שפּילען שאַך.

נאטירליך בעשטעהט די גאנצע בריה'שאפט אין שאַך-שפּיל דערין, וואָס מ'סטארעט זיך יענעמ'ס קעניג נעהמען געפאנגען; זאָגען איהם „מאט!".

אָבער וואָס טוט אַ יוד ניט צוליב פּרנסה? שכנא איז געווען דער גביר פון שטעדטעל און געלעבט האָט מען דאָך פון הויף. בפרט אז „פאניע קאַבאנקו" איז געווען ניט קיין געוועהנליכער פּריץ. ער איז געווען דער „וואָיעוואדא" איבער האלב ליטא. ער איז געווען אַזוי שטארק, ווי דער „קרול" (קעניג) אליין און אפשר נאָך שטארקער פאר'ן „קרול".

עס פערשטעהט זיך אליין, אז דערפאר, וואס „פאניע קוכאנקו" האט זיך געקענט בעריהמען פאר זיינע חברים—אנדערע פריצים, אז ער גיט שטענדיג מאט דעם סאמע שכנא, וואס אלע פריצים האבען געוואוסט, אז ער איז א גרויסער שפילער, האט שכנא געהאט פון הויף טאקע גוטע פרנסה און איז, צוליב זיין שאך, געווען דער גביר פונ׳ם שטעדטעל.

אזוי פלעגט אפט שכנא זיצען אין זיין יארמאלקע מיט׳ן „וואיע־וואדא" איבערן שאך-ברעט און נאך יעדען מאל שפילען איז ביי איהם צוגעקומען פרנסה אין זיין ווייך־געשעפט.

אבער שכנא האט זיך ניט געפיהלט גוט, כאטש ער איז געווען דער גרעסטער גביר פון שטעדטעל; כאטש אין שול האט ער געהאט די פעטסטע עליות און אין קהל־שטיבעל איז ער געווען דער ערשטער פרנס־חודש.

געהן געצוואונגענערהייט אויף קוליעס, בשעת איהר האט געזונטע פיס און קענט שפרייזען ווי א העלד; ריידען נארישקייט, אז נאראנים זאלען פון אייך הנאה האבען, בשעת איהר קענט אונטער־האלטען א געזעלשאפט פון קלוגע—דאס, פערשטעהט יעדער, איז ניט זעהר אנגנעהם. אין אזא לאגע זענען גאנץ אפט געווען אלע יודען אונטער די שגעונ׳דיגע פוילישע פריצים. און שכנא איז געווען א יוד. און א יוד דארף האבען פרנסה.

אבער שכנא איז ניט בלויז געווען א יוד. ער איז אויך געווען א קונציגער שאך־שפילער. און שפילענדיג אין שאך האט ער ניט אלע מאל געקענט אין זינען האבען זיין פרנסה.

האט זיך אמאל שכנא, זיצענדיג מיט׳ן „וואיעוואדא" איבערן שאכברעט, „מעשה שטן", פארטראכט. און ווי ער האט זיך פארטראכט, אזוי האט ער פערגעסען אן זיין פרנסה. און ווי ער האט זיך אויף א מינוט פערגעסען אן זיין פרנסה, אזוי איז צוגעטראטען זיין פערד צום סאמע „קעניג" פון זיין מיטשפילער און ער האט געמעלדעט „פאניע קאכאנקו": שאך און מאט!..

צוויי יאהר נאך דעם איז געווען א חורבן אין נעסוויזש. שכנא

---

„פאניע קאכאנקו" פערשפילט א שאך

דער נגיד איז אן אָרימאן געוואָרען. זיין גליק איז געווען, וואָס ער האָט געהאַט אַ שענע טאָכטער. זי איז אוועק אין הויף און האָט קוים, מיט צרות, אויסגעבעטען אַן אמנעסטיע פאר איהר טאַטען.

שבנא איז ווידער געוואָרען דער נגיד פון שטעדטעל; האָט ווידער געשפּילט מיט „פאַניע קאָבאַנקו" שאך. אָבער „מאַט" האָט ער שוין קיינמאָל ניט געזאָגט.



# „פּאַניע קאָכאַנקו“ און משה „גאַח“.

די לעגענדעס, וואָס געהען אום וועגען משה ג״ח, זענען ווי צוויי טראָפּען וואַסער עהנליך צו די לעגענדעס, וואָס זענען פריהער דער־צעהלט וועגען דעם ביאַלער „שמשון הגבור“—שמעון ליב. פון אויבען אויף דוכט זיך, אז דאָס איז, איינענטליך, די זעלבע פּערזאָן. נ״ר אונטער פערשיידענע נעמען. עס לאָזט זיך נאָך מעהר גלויבען דערפאַר, וואָס ביידע האָבען געלעבט אין איין צייט; וואָס די לעגענדעס טראָגען דעמזעלבען כאַראַקטער און בעציהען זיך צו דיזעלבע ראַדזיווילס. און פון „פּאַניע קאָכאַנקוס“ ביאָגראַפיע ווייס מען, אז ער האָט געהאַלטען אין איין וואַנדרעווען: פון נעסוויזש אין ביאַלע, פון ביאַלע אין נעסוויזש. זענענדיג אָבער אין ביידע ערטער אויפ׳ן פּלאַץ, איז מיר געוועזען ניט שווער צו איבערצייגען זיך, אז דאָס זענען געוועזען צוויי פערשיידענע פּערזאָנען. אין ביאַלע האָט מען מיר געזאָגט, אז שמעון ליבס אור אייניקלאַך לעבען נאָך. אין נעסוויזש האָב איך אליין גערעדט מיט אַן אור־אור־אור־אייניקל פון משה ג״ח, וועלכער הייסט מיט דעמזעלבען פאַמיליען־נאָמען. אייניקלאַך פון דעמזעלבען ג״ח זענען אויך פאַראַן אין ווילנא. ביז היינטיגען טאָג זענען דאָ „רייפינע“ יודען, יודען מיט אייזערנע מוסקולן, מיט שטאָהלענע פויסטען.

משה ג״ח איז געוועזען אַ חשובער יוד, איינער פון די שטעדטעל־דינע נגידים אין זיין צייט. ער האָט געהאַלטען אַ ביר־ברויז. די ראָלע

פון א „לין" ביי דעם פריץ האָט ער נים אזוי לייכט געטראָגען, ווי ד״ר ביאַלער העלד. און ער האָט טאַקע, צוליב זיין כח, געענדיגט זיין לעבען טראַגיש.

פאַר גח״ן, אזוי ווי פאַר דעם ביאַלער „שמשון הגבור" האָט געציטערט גרוים און קליין. ער איז פאַר שטעדטעלדיגע יודען געוועזן דאָס זעלבע, וואָס דער גראָבען מיט דעם ענגבריק איז געוועזן פאַר דעם שלאָס. אגוי האָט מורא געהאַט צו טשעפען זיך מיט א יודען, וויסענדיג, אז ס׳איז פאַראַן ביי יודען א משה ג״ח.

נאָר אין איין סעמינאַריע־געסעל האָט מען ניט אנערקענט משה ג״ח׳ס כח. דאָס איז געוועזן די איינציגע געסעל, וואו א יוד האָט ניט געטאָרט אריינשטעקען דעם נאָז. וואָרום דאָרטען זענען באַלע־באַטים געוועזן די „סטודענטען" — די פוילישע „סעמינאַריסטען". א „סטודענט" א פוילישער איז פון תמיד אָן געוועזן די שרעק פון דער יודישער בעפעלקערונג. זיי האָבען ניט אנערקענט קיין שום מאַכט איבער זיך. ווען זיי האָבען זיך ווי א שטורם געטראָגען איבער די יודישע גאַסען, האָבען יודישע קינדער זיך געמוזט צולויפען אין אַלע זייטען. קרעמער האָבען געמוזט פאַרהאַקען זייערע געוועלבער, ביז דער „רוח" האָט זיי איבערגעטראָגען.

עס פערשטעהט זיך אליין, אז אין סעמינאַריע־געסעל האָט זיך א יוד ניט געטאָרט בעווייזען. ער וואָלט קיין לעבעדיגער פון דאָרט נים ארויס.

דאָס האָבען געוואוסט געסווייזשער יודען. אָבער פרעמדע, אָנ־געפאָהרענע יודען האָבען עס ניט געוואוסט.

אמאָל, ראש השנה, איז א ישובניק, וואָס איז געקומען אין שטעדטעל אויף „ימים נוראים", געגאַנגען צו דער אָזערע צום תשליך. געהענדיג פון תשליך, האָט ער פערבלאָנדזשעט אין סעמינאַריסטען געסעל.

אין איינינע מינוט אַרום איז געוואָרען א ליאַרם אין שטעדטעל, אז אין סעמינאַריסטען־געסעל ליגט א יוד מיט א צעשלאָגענעם קאָפּ.

משה ג״ח האָט קיין שאלות נים געמאַכט און איז אוועק אהין.

דערזעהענדיג אין זייער „מלוכה" נאָך א יודען האָבען זיך אויפגעקליבען אלע סעמינאַריסטען אויף אַן עבטע געיעג, נים איינקוקענדיג זיך רעכט, ווער דער נייער „העכט" איז געווען. זיי האבען אָבער נאָך קיין צייט נים געהאַט אויסצושטעלען זיך, ווי מ'דאַרף, און בעוואפענען זיך מיט שטיינער, איז משה ג"ח צוגעגאַנגען צו דער באַנדע, האָט אויפגעהויבען איינעם פון זיי, און מיט איהם, ווי מיט א שטעקען, צוקיילט און צובייזט אלע שקצים. אָבגעטאָן זיין זאך האָט ער אויפגעהויבען דעם צובלו־טיגטען יודען און איז רוהיג אוועק מיט איהם אין שוהל.

משה ג"ח איז געווען א „בן יקיר" ביי „פאַניע קאָבאַנקו". אָבער אזא זאך האָט מען איהם נים געקענט שענקען.

דער וואָיעוואָדא האָט אָבגעפסק'ענט זיין משפט קורץ: אויב ער, משה ג"ח, וועט אראָבשפּרינגען פון מאַגיסטראַט אויף דער ערד און וועט בלייבען לעבען, וועט איהם ווערען געשאָנקען.

דאָס איז געווען אַלץ איינס, ווי פערמשפּט צום טויט, צו א שרעקליכען טויט פון „רסוק אברים"—צושמעטערט ווערען אויף פּיצלאך.

דערזעלבער מאַגיסטראַט עקזיסטירט נאָך איצט. ער שטעהט אין מיטען שטעדטעל. ער איז איינע פון די העכסטע געביידען אין שטאָדט. נאָר דאַן—האָבען מיר נעסוויזשער יודען דערצעהלט—איז געווען נאָך א שטאָק העכער.

משה ג"ח האָט פריהער פון אַלץ—אזוי דערצעהלט די לעגענדע —געוואָלט מאַכען דעם מאַגיסטראַט מיט א שטאָק נידריגער. ער האָט אָנגענומען, ווי שמשון הגבור דעם פּאַלאַץ פון די פּלשתים, ביי א ראָג די אייבערשטע שאַלקע פון מאַגיסטראַט, און האָט זי איינ־געאַנצען אראָבגעשמיסען צו דער ערד. דאַן איז ער אראָבגעשפּרונגען.

וועגען דעם שפּרונג איז פאַראַן פערשיידענע דעות: איין לעג־גענדע זאָגט, אז אונטען, אויף דער ערד, איז געווען אָנגעשטעקט שפּיזען און ער האָט געדאַרפט זיי אויסמיידען און בלייבען שטעהן אויף דער ערד. א צווייטע דעה, וויל האָבען, אז ווי נאָר משה ג"ח איז שפּרינגענדיג געקומען צו די שפּיזען, האָט ער זיך פון זיין אייגענעם כח,

א הויב געטאָן צוריק און געקומען אויף דאָס ניי אויפ׳ן דאַך.

אָבער עס האָט איהם ניט געהאָלפען: שפּרינגען האָט ער געמוזט.

ער איז געשפּרונגען און געבליבען לעבען. אָבער פון דעמאָלט אָן איז ער שוין ניט געווען דער ג״ח, וואָס פריהער.

עס האָט זיך ביי איהם אין די איינגעווייד עפּעס אָבגעריסען. זעקס וואָכען האָט ער נאָך געזשיפּעט. אנדערע זאָגען, אז זעקס יאָהר האָט נאָך דער גבור געלעבט נאָכ׳ן שפּרונג. נאָר ריכטיגער איז דער ערשטער נוסח.

״פאַניע קאָכאַנקו״ איז אָפט געקומען צום קראַנקען געוואָר ווערען איהם.

— בילעש גאכאָם—א טעראַס פּאָד וועלקים סטראַכאָם,—ביזט געווען א ג״ח, און איצט ביזט דו אין גרויס ציטערנעס, האָט זיך ״פאַניע קאָכאַנקו״ געווענדט צום גבור, ווען יענער איז כמעט געלעגען א גוסס.

נאָר ג״ח האָט געוויזען, אז אזוינע גבורים, ווי ער, האָבען קיין מורא ניט פאַר׳ן טויט.

ער האָט מיט׳ן וואונק געוויזען דעם וואָיעוואָדא, ער זאָל איהם דערלאַנגען א שטיין. ער האָט דערלאַנגט.

דער גוסס׳ער ג״ח—אזוי דערצעהלט די לעגענדע—האָט גענומען דעם שטיין, אויפגעלעגט די האַנד אין א פויסט, און מיט׳ן פויסט גענעבען א זעץ איבער׳ן שטיין, אז ער איז צעשאָטען געוואָרען אויף פּיץ־ברעקלאַך.

---

איך האָב בעזוכט אין נעסוויזש דעם שמאָלצען שלאָס פון די ראַדזיווילס. דער פּראַכטפאָלער פּאַרק און די רייכע פּאַלאַצען עק־זיסטירען נאָך איצט, ווי אמאָל. נאָר פון דער אמאָליגער גרולה, און שגעונ׳דיגע פאַנטאַזיעס איז געבליבען א זכר בלויז אין דעם רייכען

פירשטליכען מוזעאום אין ארכיוו. אין מוזעאום קענט איהר זיך, צווישען אנדערע אנטיקען, אנשטויסען אויף א מין שטאהלענע מאשינקע, וואס הייסט „צונג־קראצער". נאך א פעטע הוליאנקע פון צעהנדליגע פאר־טראוועס פלעגען זיך די פירשטליכע פרעסער קראצען די פערשמאל־צענע צינגער, כדי זיי זאלען קענען „ארבייטען" ווייטער.

די באטארייען שטעהען איצט פערראסטעטע — א זכר לחורבן...

דער טיפער און ברייטער גראבען איז אויסגעטריקענט. אין דער אזערע זענען שוין מעהר ניטא קיין גאלדענע פיש; און דער הענגבריק, וואס האט געשיצט דעם שלאס, איז פערוואנדעלט געווארען אין א שטענדיגען פעסטען בריק, איבער וועלכען יעדער קען אריין און ארויס. דער הענג־בריק מיט די באטארייעס, מיט דעם טיפען וואסער־גראבען זענען יעצט איבריג. אנשטאט זיי האט דער שלאס אנדערע וועכטער — די רוסישע קאזארמעס, טאקע דא דערביי.

די איצטיגע ראדזיווילס געפונען זיך זעלטען אין זייער נעסוויזשער שלאס. זיי פערברייננגען דעם גרעסטען טייל פון יאהר אין רוים. פון דער נייער קולטור האבען זיי אנגענומען בלויז דעם אויטאמאביל, וואס איז ווי צוגעפאסט פאר זייער ליידענשאפט צו וואנדערן. פון אויטאמאביל גערען זיי כמעט ניט ארויס.

צו דער א סך פערקלענערטער (זינט נאך די שרפות, מיט צוואנ־ציג יאהר צוריק) נעסוויזשער יודישער בעפעלקערונג זענען די לעצטע ראדזיווילס ניט שלעכט. אבער די היגע יודען לעבען שוין לאנג מעהר פון רוסישען זעלנער, ווי פון שלאס.

איבעריגענס האלט שוין אויך די שטאלצע אדעליגע פאמיליע ביין חורבן. זי האט זיך ניט געקענט צופאסען צו די נייע פארערונגען פון דער קאפיטאליסטישער עפאכע, ווי גראף טישקעוויטש צ. ב., וואס איז שוין לאנג א בעקער געווארען (ער האט אין ווילנא א גרויסע מעכאנישע בעקעריי און קאנדיטעריי, און קאנקורירט שטארק מיט יודישע בעקער).

דער לעצטער ראדזיוויל פון נעסוויזש איז איינגעשלאסען אין א פריי־וואטען משוגעים־הויז אונטער וויען. ער האלט אין איין צעהלען פאפירלאך, פארשטעלענדיג זיך, אז דאס איז געלד. ער איז משוגע

געוואָרען אין מאנטע־קארלאָ נאָך א ניט געלונגענעם שפּיל, ביי וועלכען ער האָט פערלאָרען אַ מיליאָנען־פערמעגען.

און זיין זוהן, גאָר דער לעצטער צווייג פון די ראדזיווילס, האָט אריינגעבראכט אין דער פאמיליע נאָך א גרעסערן חורבן: ער האָט חתונה געהאט מיט אן אמעריקאנער קאפע־שאנטאן־זינגערן, און עס איז אַ סברה צו זאָגען, אז זי שטאמט פון יודען.

אז „פּאניע קאָכאנקו״, וועלכער האָט דערשאָסען אן איינעם פלימעניצע דערפאר, וואָס זי האָט געוואגט זיך צו פערליבען אין א פּשוט׳ן יענער, וואָלט איצט אויפגעשטאנען פון קבר און דערזעהן, וואו עס האלט מיט זיין שטאָלצען שליאכטענעם יחוס, וואָלט ער זיך א לעבעדיגער צוריק אין קבר געלעגט....



# וואָס דער „פנקס״ דערצעהלט...

## אַ פּאָר ווערטער אַלס הקדמה.

---

דאָס וואָכעדיגע טאָג־טעגליכע לעבען פון אַ פאָלק איז דער יסוד פון זיין געשיכטע. די ביבעל איז דעריבער דאָס בוך פון דער מענשהייט, ווייל אין איהר, אַ חוץ די גרויסע סאָציאַלע און עטישע אמת׳ן, וואָס זי אַנטפּלעקט, מאָלט זיך פאַר אייערע אויגען אַ וואונדערשענע פאַנאָראמע פון דעם פשוט׳ן לעבען פון די מענשען, אין דעם האַלבנעבעלדיגען פאַרטאָג פון דער מענשליכער געשיכטע. דאָס זעלבע איז מיט האָמער—די ביבעל פון די אַלטע גריכען. דאָס זעלבע איז אויך מיט׳ן תלמוד, וואָס האָט געהאַט אַזאַ בעצויבערנד מאַגנעטישע ווירקונג אויף גאַנצע דורות פון אונזער פאָלק. ניט אַזוי גליקליך איז געווען אין אַזוינע ווערק דער מיטעלאַלטער. און וואָס נעהענטער עס קומט צו אונזער צייט, אַלץ אָרימער ווערט אונזער ליטעראַטור אין פאַקטען און בילדער, וואָס זאָלען אונז בעקאַנט מאַכען מיט דעם אינערליכען לעבען פון אונזער פאָלק. נאָר בעזונדער אָרים אין קוואַלען, צו שטור־דירען פון זיי דאָס אינערליכע יודישע לעבען, איז דער פאָריגער יאָהרהונדערט. און דאָס איז ניט דערפאַר, וואָס דער יודישער „ביט״, דער טאָג-טעגליכער יודיש׳ער לעבען, איז געווען אָרים אין אינהאַלט. גאַנץ פאַרקעהרט: קיין איין יאָהרהונדערט, דאַכט זיך, פאַר די גאַנצע

לעצטע טויזענד יאָהר איז ניט געווען אַזוי רייך אין פארבען, ווי דוקא, אַט דער לעצטער נײַנצעהנטער יאָהרהונדערט. אָנהויבענדיג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, און בעזונדערס, זינט דעם רוסיש־פראַנצויזישען קריג פונ׳ם יאָהר 1812. דער טויזענד־יעהריגער דרעמיל פונ׳ם מיטעלאַלטער הויבט ביסלעכווייז אָן פערשווינדען. דאָס יודישע פאָלק, צוזאַמען מיט אַלע אייראָפּעאישע פעלקער, הויבט זיך אָן צוכען, הויבט אָן אי גייסטיג, אי עקאָנאָמיש צו ערוואַכען. די ערוואַכונג קומט פאָר, וואָס ווייטער, אַלץ שטאַרקער, אַלץ האַסטיגער און פארכאַפּט אַלץ ברייטערע און ברייטערע פאַכען פונ׳ם פאָלק, מונטערט אויף צום קאַמפּף און וועקט א שטאַרקען אינטערעס צום פּשוט׳ן ערדישען לעבען.

און דאָך, ניט קוקענדיג, וואָס דער אינערליכער יודישער לעבען אינ׳ם פאָריגען יאָהרהונדערט איז אַזוי רייך אין פארבען, האָבען מיר דאָך אַזוי ווענינ שטאָף צו שטודירען דעם דאָזיגען לעבען. דאָס יודישע פאָלק האָט בעזעסען אינ׳ם פאָריגען יאָהרהונדערט ניט ווענינ טאַלאַנטען און גרויסע גייסטער. נאָר אין זייערע ווערק שפּיגעלט זיך זעלטען אָב דער יודישער „ביט״ *) אין די ווערק אפילו פון די שפּעטערדיגע שריפטשטעלער ווערט דאָס אַלטעגליכע לעבען פונ׳ם פאָלק זעהר קאַרג געשילדערט. די סצענעס און בילדער פונ׳ם פאָלקסלעבען אפילו ביי אַזעלכע טאַלאַנטפאָלע שרייבער, ווי מאַפּו, סמאָלענסקין, יהודה ליב גאָרדאָן און אייזיק מאיר דיק, זענען זעהר אָפט נוזמאַ׳דיג און האַמעטנע. און דאָס לעבען איז פול געווען ארום זיי מיט העכסטע כאַראַקטעריסטישע טיפּען, בילדער, סצענעס, וואָס האָבען געקענט געבען וואונדערליכען שטאָף פאַר די גרעסטע קינסטלער־בעאָבאַכטער פונ׳ם יודישען לעבען. אפילו דאָס לעבען פון אָט די שריפטשטעלער אַליין איז אונגעהויער אינטערעסאַנט און בעלעהרענד. און מיר וואָלטען געקענט בעקומען רייכע בילדער פונ׳ם פאָלקסלעבען,

*) דעם רוסישען וואָרט „ביט״ האָב איך אויבען ערקלערט. אָט דער אויסדרוק קען ניט ווערען איבערזעצט אין יודיש מיט איין וואָרט וואָס זאָל איבערגעבען ריכטיג זיין מיין. איך לאָז דעריבער דעם וואָרט, אַזוי ווי ער איז.

װען זיי װאָלטען אונז געקענט דערצעהלען װעגען זייער אייגענעם לעבען, אזוי װי דיקענס צ. ב. האָט דערצעהלט װעגען זיין לעבען.

נאָר די מעשה איז, אז כמעט אלע אונזערע שריפטשטעלער פונ׳ם פאָריגען יאָהרהונדערט, זענען אָדער געװען מעהר קעמפּפער, װי קינסטלער, אָדער זיי האָבען געשװעבט אין די הימלען און האָבען זיך װעניג צוגעקוקט צו דער זינדיגער ערד.

און װען מיר װילען בעקאַנט װערען מיט די װירקליכע איבער־לעבונגען פונ׳ם יודישען פאָלק פאַר די לעצטע פאַר הונדערט יאָהר, האָבען מיר ליידער קיין אנדער קװאַל ניט, װי דעם „פּנקס״ פון די יודישע קהילות און די „שאלות ותשובות״ פון די רבנים. נאָר אין די רבנישע ספרים דאַרף מען לאַנג זיפּען און זוכען, ביז מיר קריגען עפּעס א „רמז״ אויף א לעבעדיגען פאַקט און געשעהענים. אינטערעסאַנטער פון זיי זענען די פּנקס׳ען. אָבער די זענען כמעט אומעטום פער־שװאונדען געװאָרען. אויף מיינע רייזען איבער פּױלישע און ליטװישע שטעדטלאַך האָב איך זיי, די פּנקס׳ען פון די קהילות, געזוכט און נאָר אין עטליכע ערטער האָט זיך מיר איינגעגעבען זיי צו קריגען.

די פּנקסים פון קהל זענען כמעט אומעטום פערניכטעט אין די אָפּטע שרפות, װאָס פלעגען חרוב מאַכען גאַנץ שטעדטעל. עס איז אויך גאַנץ װאהרשיינליך, אז די קהל׳שע פיהרער האָבען מיט א כיװון פערברענט דעם פּנקס אין א קריטישען מאָמענט, כדי זיי זאָלען פּטור װערען פון אָבגעבען „דין וחשבון״ פאַר דער געמיינדע אין די קהל׳שע געלדער, װאָס זיי האָבען געהאַט אין זייערע הענד, אָדער װען אימיצער א גבאי (אזוי װי אין קאָװעל צ. ב.) האָט פערקאַפט קהל׳שע הייזער, אָדער פּלעצער און האָט געװאָלט פערניכטען דעם קאָנטראַקט, אָדער איינענטומס-רעכט פון די געמיינדע-גיטער, װאָס זיי האָבען פערקאַפט. אם מעהרסטען אָבער, איז דער פּנקס, די איינציגע קװעלע פון דער יודישער געשיכטע אין ליטא און פּױלען, פערפאַלען געװאָרען צוליב דער נאַכלעסיגקייט און אונװיסענהייט פון די גבאים און קהל׳שע רעדעל-פיהרער פון די גוטע אַלטע צייטען. װאו דער פּנקס איז עפּעס מיט א נס געבליבען גאַנץ—איז דאָס דער פּנקס פון חברה-קדישא. און

---

איהר דאַרפט דאָרט־דורכבלעטערן הונדערט, און, ניט זעלטען, הונדער־מער בלעטער אום אָנצושטויסען זיך אויף איין בלאַט, וואָס האָט פאַר אייך אַ ווערט.

אָט זענען איינינע שטעלען פון קאָרעליטשער פנקס, מאַקע ניט פון חברה־קדישא־פנקס, נאָר פונ׳ם אמת׳ן קהל׳שען. ער איז אַלט אַ ערך הונדערט און פופציג יאָהר.

---

## I אַריינגעוואָרפען אַ ווייבעל אין חרם, פאַר וואָס זי איז געפאָהרען מיט אַן „ערל״ אָהן אַ שומר.

---

אזוי ווי די אשה בתיה בת ר׳ יצחק אייזיק—ווערט דערצעהלט אין פנקס, אויף דער צווייטער זייט פונ׳ם בלאַט 137 האָט געטאָן אַ מעשה נבלה: זי איז געפאָהרען מק״ק נאָוואָהרודאק מיט אַן ערל, ימח שמו, אָהן אַ שומר; אַ חוץ דעם האט זי בעגאַנגען נאָך אַ זינד: האט אויפגעעפענט איהר ברייטען מויל און געזידעלט די פיהרער פון קהל אויף אַן אסיפה אין קהל־שטיבעל; איז פון אונז, די אונטערגעשריבענע פיהרער פון קהל, ארויס דער פסק, אַז די אשה בתיה זאָל זיין אין גרויסען חרם: מ׳זאָל איהר ניט רופען אויף קיין זאַך, אויך, די בייזע שעה זאָל ניט זיין, צו מתעסק זיין זיך אין אַ „מת מצוה״, און קיינער זאָל זיך ניט דערוועגען מיט איהר צו האַנדלען, ביז זי וועט ניט איבערבעטען די פיהרער פון קהל און וועט ניט נעהמען אויף זיך: מעהר ניט צו טאָן אַזאַ פאַרברעך.

אונטערגעשריבען: שבת־צו־נאַכט, דעם 6־טען תמוז תק״ם (1780)

(פיער אונטערשריפטען פון די קהל׳ס־לייט).

ווייטער אַ ביסעל צוגעשריבען עטליכע שו״ות: באשר די אשה הנ״ל האָט מתקן געווען איהר פעהלער און האָט אויף זיך גענומען, זי

זאָל אזוינס מעהר ניט טאָן, דעריבער האָבען מיר, די אלופי הקהל[1], בעשלאָסען, אז דער חרם זאָל זיין בטל כחרס הנשבר, ווי א צעבראָכען טעפעל.

## II אַ בית-דין שמש—אַ גנב און זיין שטראָף.

צום אָנדענקען און עדות פאַר שפּעטערדיגע דורות—שטעהט פאַרשריבען מיט אַ בלאט ווייטער—ווי אזוי ה׳ צבי בר׳ חיים ״סג״ל״ האָט אָבגעטאָן מיט זיין ״האַנד־ארבייט״ צו גנב׳ענען פון אנדערע קהילה-לייט, ביי כמה בעלי בתים, אזוי ווי עס איז קלאָר בעוויזען גע־וואָרען פאַר די אלופי הקהל, און די אלופי ״בית דין צדק״ פון אונזער קהילה; איז ביי אונז, אלופי הקהל ובית דין צדק בעשלאָסען געוואָרען, אז דער ה׳אָזיגער לויפער[2] (ד. ה. דער שמש) זאָל זיין פסול לעדות און פאַר אַ שבועה, פון היינט אָן און ווייטער.... ביז ער וועט שווערען אין טלית און קיטעל, אז ער וועט מעהר ניט גנב׳ענען. אונטערגעשריבען די קהל׳ס-לייט און בית דין אין יאָהר תקנ״ד. 1794.

---

1) אלופי הקהל—ד. ה. פירשטען פון קהל—א טיטעל, וועלכען עס האָבען געטראָגען די פיהרער פון דער יודישער געמיינדע. 2) ״לויפער״ אין פנקס—״רץ״. ער ווערט אויך אָנגערופען ״שליח־מיוחד״. דאָס איז געווען דער געוועהנליכער שמש, אָדער אן עקסטרא-שמש, וואָס האָט געדינט ביי קהל אַלס ״עקסטרא־פּאָסט״, אויך אויף דעם פאַל, אז מ׳האָט געדאַרפט עפּעס אָנזאָגען אין אַ צווייטער שטאָדט, אָדער שטעדטעל, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט אום אַ גזרה, אָדער אַן אַנדער צרה אויף יודען.

## III אַ טאַקסע פאַר שניידער.

ווענען דעם גרויסען געשריי פון דער שטאָדט, וואָס איז אויפגע־
גאַנגען אין אונזערע אויערן—שטעהט פערשריבען אויפ'ן בלאַט 118,
זייטע 2—דערפון וואָס די שניידער דריקען די בעלי־בתים מיט די זעהר
טייערע מקחים, וואָס זיי נעהמען פאַר נייהען מלבושים, אַזוינע מקהים,
וואָס זענען ניט געהערט געוואָרען אין די קהילות, וואָס ארום אונז,
האָבען מיר, אלופי הקהל, דעריבער פאַררופען אַן אסיפה און עס איז
בעשלאָסען געוואָרען צו מאַכען פון היינט אָן אַ פעסטע תקנה, און עס
זאָל ניט געהערט ווערען מעהר קיין געשריי ח"ו אין אונזער גרעניץ.
היינו, אַז קיינער פון די הינע בעלי בתים, ווער עס זאָל ניט זיין, זאָל
ניט וואַגען צו געבען אַ שניידער פאַר געניי‎יה מעהר פון דעם „אינסטרוק־
טער" (טאַקסע), וואָס איז אָבגעשטעלט געוואָרען צווישען אונז, און
אָט זענען די פונקטען:

### מאַנספּילשע קליידער:

א) אַ זופּיצע 3) אַ גלאַטע, אָהן פּאַסעמאַנען 4)—צוויי גילדען,
און מיט פּאַסעמאַנען—צוויי גילדען מיט 15 גראָשען. אַ ויירענע זופּיצע

---

3) לאַנגע קאָפּאָטע אָהן אַ שפּאַלט. 4) פּאַסען סאָמעט ביי די ברעגען
אַרום.

—דריי גילדען; א דעליע 6)—דריי גילדען; א זיידענע דעליע פיער גילדען.

ב) א פוטער מיט קעץ—צוויי גילדען מיט 15 גראָשען; מיט פיקס אָדער מיט פיי—פיער גילרען. פוטער של פלאצייניקע (?) מיט פעלץ—צוויי גילדען. א סאראָקו (?)—א גילדען מיט דרייצעהן גראָשען. א קאפטען פון יעדער צייג—א גילדען. דאָס איז אלץ פאר גרויסע. פאר קליינע זאָל זיין נאָכ'ן ערך פון די אויבען בעשטימטע פרייזען.

### ווייבערשע קליידער:

א) א טשוהיי 6) מיט קעץ—דריי גילדען; מיט פיקס—דריי גילדען מיט פופצעהן גראָשען; מיט פיי—פיער גילדען. א גלאטער טשוהיי—צוויי גילדען. מיט „אבנאָור" (ד. ה. בלויז מיט א פוטערנעם קאָלנער)—צוויי גילדען מיט פופצעהן גראָשען.

ב) א טשוהיי פון מאָרע (געבלומטע זייד) און מיט קראָדישור (?) בעדעקט—דריי גילדען, און א גלאטען—צוויי גילדען מיט פופצעהן גראָשען.

ג) א בגד פון קארמון (צייך) און פון קימאי (שווארצע געדיכטע באוועלענע סחורה אין גראטעס)—איין גילדען. א בגד ארומגעלעגט מיט מאָרע ארום די ברעגען—צוויי גילדען; ארומגעלעגט מיט קראָדישור—א גילדען מיט פופצעהן גראָשען; א גלאטער—א גילדען מיט דרייצעהן גראָשען.

---

5) א מין ווייבער-מאנטעל. 6) א סובע (פון רוסיש, „שובא"—פוטער, אויבערמאנטעל) פון זיידען און לאָסטיג־קאָרט, געניייהט צום טאליע, פון פאָרינט מיט קנעפּלאך, הינטען אָהן א נאָט. די אָרבעל זענען פריהער געוועזען ברייטע, דערנאָך איז אָרויס א מאָדע—שמאָלע אָרבעל.

ד) אַ וויסט 7) פון מאַרע, בעדעקט מיט גאָלדענע פליטערלאַך — דרייצעהן גראָשען. פון לאַמע (גאָלדענע שטיקעריי) צוויי גילדען. אנדערע וויסטען, לויט'ן ערך פון די דאָזיגע.

ה) לייבעל פון ליאַמע 8) — צוויי גילדען; פון אנדערע סאָרטען זייד — אַ גילדען מיט דרייצעהן גראָשען; פון קאַרטון — איין גילדען. אַ וואָכעדיגען לייבקאַפּטען מיט האָזען אָדער מיט קעץ — איין גילדען. אַ קאַפּטען און זאַלעשקעס 9), געשטעפּט און מיט פוקס — אַ גילדען; אַ זאַלעשקע פון גוטען שטאָף, מיט גאָלד, אָדער אַ גלאַטע פון מאַרע מיט שטיינגעס — פופצעהן גראָשען. אנדערע זאַלעשקעס, לויט דעם ערך פון די.

די אַלע תקנות זענען בעשטימט געוואָרען פון אַלע קהל־פּאַר־שטעהער — עס זאָל זיין אַ געזעץ, וואָס קיינער פון די בעלי בתים טאָר נים אָיבערטרעטען, ווער עס זאָל נים זיין. און די שניידער טאָרען נים נעהמען מעהר פון דעם דאָזיגען ״אינסטרוקטער״. אפילו איינער פון די פּערזאָמעלטע קען פּראָטעסטירען 10) און זעהען, אז די טאַקסע זאָל אָבגעהיט ווערען שטרענג. און אויב עס וועט זיך ״ארויס־ווייזען, אז א

7) ס'האָט אויך געהייסען: „פיגאַראָ״, אָדער „בעזרוקאַווניק״ — אַ מין יאַקעל אָהן אַרבעל. הינטען ביי דער טאַליע איז געווען צוגענעהט פון וואַטע אַ מין קישקע, ס'זאָל זיך האַלטען דאָס קלייד. 8) אַ מין אינטער־יאַקעל, ס'האָט אויך געהייסען „זעלעוועריס״, רוסיש: דושעגרייקאַ 9) א מין גאָלד געוועבט שטיק שטאָף מיט אונטערלאַג, וואָס פרויען פלעגען טראָגען אויף דער ברוסט, בשעת זייגען אַ קינד. 10) אויף די יודישע אסיפות, אַזוי ווי אויף די פוילישע סיימען, האָט געהערשט דאָס „וועטאָ־רעכט״. ד. ה. ענדערן אַ פריהער אָנגענומען בעשלוס האָט מען געקענט נאָר, ווען די פערזאַמלונג האָט זיך אויסגעזאָגט א י נ ש ט י מ י ג. ווען איינער פון די פערזאַמעלטע איז אָבער געווען דאַגעגען, האָט ק י י ן בעשלוס נים געקענט האָבען קיין מאַכט.

שניידער טרעט איבער די תקנות און נעהמט טייערער ביי עמיצען פון די בעלי בתים, ווער דאָס זאָל ניט זיין, דארף יענער שניידער גע׳קנס׳עט ווערען מיט א גרויסען „קנס" לויט דעם איינזעהן פון די, וואָס וועלען זיך געפינען אויף דער אסיפה.

אונטערגעשריבען: צוויי גבאים, דער שמש און דער נאמן.
כ״ה ימים להדש תשרי תקס״ה (1805).

## IV פאַר ניט מאַכען קיין סעודה צו אַ ברית.

---

אמאָל איז געווען א מנהג צו רופען אויף יעדער שמחה אלע קרובים, נאָהענטע און ווייטע מיט זייערע ווייבער און קינדער און קינדס-קינדער. אזוי ווי האלב שטעדטעל איז געווען צווישען זיך „גע־קנעפּילט" איז לייכט צו פערשטעהן, אז פּראווען א שמחה איז פאר א געוועהנליכען בעל הבית, ביי דער אמאָלינער אָרימקייט, געווען אלץ איינס, ווי דורכלעבען א פּאָגראָם. דעריבער פלעגען א סך בעלי בתים מורא האָבען אָנצוזאָגען פאר׳ן ברייטען עולם וועגען א חתונה, א ברית, א מזל טוב און ד. ג. מ׳פלעגט אָבפּראווען די שמחה בקצור פאר „איינענע מענשען"—די כאָמע נאָהענטסטע צו שמחה-לייט.

„קהל" האָט זיך אָבער ניט געלאָזען „שפּייען אין דער קאשע". וואָס הייסט ניט מאכען קיין סעודה? געהן הינטער ארום די כלי קודש?

און אין קארעליטשער פּנקס, אין יאָהר תקס״ח (1808) איז פערשריבען אזא מין „פּריקאז", כדי אראָבצונעהמען די „שטרויכלונג" פונ׳ם פאָלק ישראל:

„מחמת עס איז געוואָרען בעוונותינו הרבים, א גרויסער בראָך אין קהל, מבטל צו זיין די סעודה פון א „ברית מילה", וואָס וועגען דעם איז אָנגעוואונקען אין די און די ספרים, אז מען מוז מאכען א מאָלצייט פאר אלע געלאדענע; און אפילו דער, וואָס איז אין שטאנד צו מאכען

א סעודה, מאכט ער אויך נים; בכן איז אָנגענומען געוואָרען זיינ־שטימיג, אז דער וואָס וועט נים מאכען קיין סעודה, על כל פנים, פאַר צעהן מענשען, איז א חרם גמור און אַן איסור אויפ׳ן שמש פון קהל, אז ער טאָר ניט רופען קיין שום מענשען אויף א מזל טוב און אויף קיין שום שמחה, און עס איז א חרם און איסור גמור, אז קיינער טאָר נים געהן אויף א מזל טוב, אפילו די ״מוהלים״ און דער גרויסער סנדק און דער קליינער סנדק, אפילו איינענע ברידער דעם בעל שמחה׳ס טארען נים געהן. צום שלום ווערט קהל ווייבער און לעגט ארויף א חוב אויף די מוהלים און אלע, וואָס זענען זיך עוסק אין דעם ברית מילה צו סטארען זיך מאכען א סעודה ביי דעם וואָס איז נים אין שטאַנד אליין צו מאכען א סעודה.

אונטערגעשריבען: צוויי גבאים, ערב פורים תקס״ח (1808).

## V אַן אָבצאָהל אויף ״סנדק״ און ״מוהל״.

---

א ״מוהל״ ״ומסדר קדושין״ איז אין אמעריקא א פיינע ביזנעס. דער מוהל האלט אָן אַן אָפיס, א קאבינעט הייסט עס, גאָר ווי דער דאָקטאָר און אדוואָקאט, און פערדינט ניט זעלטען בעסער פון זיי ביידען. א פרנסה איז שוין דאָס די לעצטע צייט אויך געוואָרען אין רוסלאַנד. אמאָל איז דאָס אָבער געווען א גרויסער כבוד. א חוץ דעם, וואָס דאָס איז געווען אומזיסט, האָבען נאָך, ווי דער אויבערשטער אויסצוג פונ׳ם קאָרעליטשער פנקס בעווייזט, די ״מתעסקים״ אויף א ברית געדארפט מאכען ביי אן אָרימען ״בעל שמחה״ א סעודה פון דער איינענער קעשענע. ס איז אָבער נאָך דאָס ווינציג. מיט צוויי יאָהר שפעטער הע״ט אינ׳ם זעלבען קאָרעליטשער פנקס פערשריבען

אזא תקנה: עס איז אָבגעשטימט און בעשלאָסען געוואָרען אין דעם „וועד" פון דער אסיפה ביי די „אלופי הקהל", אז ווער עס וועט זיין „סנדק" אויף א „ברית מילה" איז מחויב צו געבען אויף צדקה ח"י ג"פ ד. ה. אכטצעהן גראָשען, דער מוהל — ניין גראָשען: פון „פריעה — זעקס גראָשען, „מציצה" — דריי גראָשען. די אַלע געלדער זאָלען אָבגעגעבען ווערען די גבאימעס און דערפון זאָל מען אויסהעלפען אָרימע קינפּעטאָרינס. ביי יעדער חתונה דאַרף אויך געבען דער חתן אויף צדקה ח"י ג"פ, פאר די דאָזיגע גבאי'טעס.

## VI געכאַפּט אַ יודען מיט אַ ווייבעל אין אַ „חדר מיוחד".

היות, ווי עס איז בעוונותינו הרבים, אָ ב ג ע ט אָ ן געוואָרען אין אונזער הייליגער קהילה א נבלה, היינו מ'האָט געפונען דעם מאַן מרדכי מיט דער אשה לאה בת ר' חיים סגל, וועלכע איז אַן „אשת איש", אין א „חדר מיוחד", און דאָס איז בעשטעטיגט געוואָרען דורך עדות, דעריבער האָבען מיר, די אלופי הקהל, פון אָנהויב געקלערט צו בעצאָהלען זיי נאָך זייערע בייזע מעשים און איהר א ר ו י ס ג ע ב ע ן א פ ס ק, ווי עס קומט אַזא „א ש ה מ ו פ ק ר ת", ווי זי. איז אָבער דערווייל, איבער נאַכט, קאַליע געוואָרען דער ענין. היינו דיזעלבע נאַכט האָט זי פון דאַנען פליטה געמאַכט און מיר האָבען ניט געקענט א ו י ס פ י ה ר ע ן דעם פסק, ווי מיר האָבען געטראַכט. אַזוי אָבער ווי מיר האָבען מורא, טאָמער וועט אמאָל די דאָזיגע „מופקרת" ווידער ק ו מ ע ן, איז דעריבער בעשלאָסען געוואָרען ביי אונז אַלעמען, די אלופי הקהל, אין דעם דערביי־זיין פון הרב המגיד און בית דין צדק דפה אויסצורופען א גרויסען חרם: אויף יעדען פון די לייט פון אונזער קהילה, ווער עס זאָל ניט זיין, וואָס וועט אריינלאָזען די דאָזיגע „מופ־

קרת״ צו זיך אין שטוב, אפילו אויף איין רגע, זאָל יענער זיין אויס־געטיילט און אָבגעשיידט פון כלל ישראל און פון כלל דת יהודית פון אלע פיהרונגען, וואָס זענען איינגעפיהרט אין ישראל. דאָס אַלץ איז בעשלאָסען געוואָרען דורך אַ מערהייט שטימען פון די „אלופי הקהל״ און דערביי זענען אויך געווען די יחידי סגולה 11) און הרב המגיד און בית דין צדק און די אסיפה איז געווען אין קהל־שטיבעל, און לויט דעם רב׳ס באפעהל האָב איך געחתמ׳עט: אור ליום ד׳, י״ב שבט תק״ע (1810).

אונטערגעשריבען: זאב וואָלף ש״ץ ונאמן דפ״ק.

דאָס אינטערעסאַנטעסטע פון אָט דעם בלאַט אין פנקס איז, וואָס איהם, דעם מאַן, האָט מען גאָר נישט געטאָן. **דער גאַנצער חרם איז אויף דער ווייבעל.**

## VII ניטאָ קיין בעלנים אויף קוואַטער און אונטערפיהרער!

דאָס איז זיך שווער פאָרצושטעלען. קוואַטער און אונטערפיהרער — די שענסטע כבודים ביי פרומע יודען. און אין קאָרעליטש, מיט הונדערט יאָהר צוריק, האָט מען אויף אָט די כבודים ניט געקענט קריגען קיין בעלנים.

וואָס זשע איז געווען די מעשה? ווער איז געווען שולדיג דערין?

---

11) אויסגעקליבענע שענע באַלעבאַטים.

שולדיג זענען געווען די כלי קודש מיט די טעלער, וואָס מ׳שטעלט ביי יודען אָן צו יעדער שמחה. אָט די טעלער־אָבצאָהלונג פאַר די „כלי קודש״ האָט געהייסען אין קאַרעליטש „צושרייעך״. דאָס האָט געלעגט אזא שווערע לאַסט אויפ׳ן בעל הבית, אַז ער האָט מוחל געווען דעם „כבוד״ מיט דער „סעודה״ און האָט געווייכט פון אַ חתונה און אַ ברית. קהל האָט גענגען דעם געמוזט אַננעהמען מיטלען, און מיט אַ הונדערט יאָהר, אונגעפעהר, צוריק איז פערשריבען געוואָרען אין קאַרעליטשער פנקס אזא מין תקנה:

היות, ווי דאָ איז געווען אַן אַלטער מנהג, אַז יעדער קוואַטער אויף אַ ברית־מילה און אונטערפיהרער אויף אַ חתונה האָט געמוזט געבען „צושרייאַך״ די כלי קדש, און מחמת דעם איז די מצוה פון קוואַטער און אונטערפיהרער אין געפאַהר אונטערצוגעהן, און דערפון נעהמט אַרויס אַ גרויסע ח ו ר ב ה פאַר׳ן בעל שמחה, וואָס קען ניט קריגען קיין קוואַטער און קיין אונטערפיהרער; דעריבער: כדי צו פערריכטען, אַז די דאָזיגע מצוה זאָל ניט אויספעהלען און אויפצוהויבען זי פון דער ערד, ווי זי איז געווען ביז איצט געפאַלען, איז בעשטימט געוואָרען ביי די „אלופי הקהל״ אינ׳ם דערביי זיין פון די „יחידי סגולה״, און פון בית דין און פון רב, מיט אַ שווערען חרם, אַז כדי ניט צו פערשעמען דעם, וואָס האָט ניט, איז פון היינט אָן און ווייטער אַן „אסור גמור״, אַז קיין שום קוואַטער און אונטערפיהרער זאָל ניט געבען קיין צושרייאַך צו קיין שום „כלי קדש״, און ווער עס וועט עובר זיין דאַרויף וועט, אַ חוץ דעם שטראָף פון דעם חרם, געקנס׳ט ווערען מיט גרויסע קנסים און גרויסע בזיונות. דערזעלבער חרם פאַלט אויך אויף די „כלי קדש״, אויב זיי וועלען ניט לאָזען וויסען פאַר אַלעמען, ווער עס האָט עובר געווען אויף דעם חרם פון „צושרייאַך״. ווער עס וויים, אַז אימיצער האָט עובר געווען, איז מחויב צו לאָזען וויסען דעם פרנס חודש 12). אכט אונטערשריפטען.

12) איינער פון די צוועלף געמיינדע־פיהרער, וואָס האָבען אויך געהייסען „אלופי הקהל״. יעדער איז געווען אַ מין פרעזידענט אויף איין חודש. אין דעם חודש, ווען איינער איז געווען פרנס האָבען די איבריגע ניט געהאַט קיין רעכט זיך צו מישען, בלויז אויף אסיפות פלעגען אַלע צוועלף קומען און האָבען שטימרעכט.

## VIII פאַר זידלען דעם „פּרנס חודש".

היות, ווי די שטערטעלדיגע בעלי בתים צבי בן יעקב, און גרשון בהר"י האָבען, געעפּענט זויער מויל און געזידעלט דעם „פּרנס חודש" אין זיין חודש 13) און אנדערע אָנגענומענע מענשען אין בית המדרש און אין צייט פון דאַוונען, דעריבער, בכדי צו מאַכען א צאַם, אַז די „קינדער ישראל" זאָלען ניט זיין „ווי שאָף אָהן א פּאַסטוך", האָבען מיר איינשטימיג בעשלאָסען צו קנס'ענען די דאָזיגע מענשען מיט דעם קנס, וואָס דאָ איז אויסגערעכענט. היינו: ניט אויפצורופען קיינעם פון זיי צו דער „ספר תורה" מיט דעם טיטול „מורנו 14) נאָר מיט דעם טיטול „חבר" 15) פון איצטער אָן אויף אייביג, און דער ה' גרשון ווערט אראָבגעוואָרפען פון גבאות אויף אלע מאָל, און קיינמאָל זאָל מען זיי ניט אויסקלייבען אויף קיין שום קהל'שען און חברה'שען אמט.

13) דער „פּרנס חודש" האָט זיך גערעכענט פאַר אַן אָפיציעלע פּערזאָן בלויז „אין זיין חודש". אין די איבעריגע מאָנאַטען איז ער געווען גלייך מיט אַלעמען. 14) דעם טיטעל „מורנו" האָט בעקומען א „שענער יוד", א למדן, אָדער א פּשוטער בּאַלעבאָס, ווען האָט געהאַט געוויסע פאַרדינסטען פאַר דער געמיינדע. 15) דעם טיטעל חבר (קאַמעראַד, גענאָסע) האָט בעקומען יעדער יונגער מאַן, באַלד נאָך דער חתונה. מיט דעם טיטעל איז בעצייכענט געוואָרען אַז ער איז א גלייכבערעכטיגטער מיטגליעד אין דער געמיינדע די טיטולען פלעגט מען געווענליך געבען בשעת אויפרופען צו דער תורה אין שוהל און אין שריפטליכע ווענדונגען צו דער פּערזאָן, וואָס האָט געהאַט דעם טיטעל.

אויף יעדער אסיפה קען אפילו איינער פון די אנוועזענדע אבהאלטען מיט זיין פראָטעסט פון אויסקלייבען זיי ווידער. און כדי צו בעשטע־טיגען און געבען מעהר קראפט דעם דאָזיגען בעשלוס פון קהל, וואָס איז נעפאסט געוואָרען אין קהל־שטיבעל, האָבען מיר געחתמ׳עט: יום א׳ ב׳ ימים בחדש ניסן תקמ״ד (1784) לפ״ק. קארעליטש.

(פינף אונטערשריפטען)

פונקט אין א מאָנאט ארום קומט אין פנקס, אויף דערזעלבער זייט פון זעלבען בלאט, אזא צושריפט אונטער דעם אויבערשטען בעשלוס:

אזוי ווי די אויבען אָנגערופענע מענשען האָבען זיך געבויגען פאר׳ן „בית דין הגדול״, וואָס דאָ איז געווען און האָבען געבעטען מחילה ביי אלע פיהרער פון קהל, איז: דערפאר וואָס די לייט האָבען זיך אונטערגעגעבען, האָבען מיר בעשלאָסען מוחל צו זיין זיי אויף דאָס, וואָס געווען, און פון איצט אָן קעהרען זיך די לייט אום צו זייער פריהער־דיגען שטאנד.

(פינף אונטערשריפטען).

## IX. ווענינער עולם איז מעהר שמחה.

נאָך מעהר, ווי א ברית איז א חתונה געווען פון איין זייט א שמחה, פון דער אנדערער — א צרה. לויט׳ן מנהג פון אלטע צייטען האָט מען געמוזט רופען אלע ווייטע און נאָהענטע קרובים ביז׳ן צעהנטען גליעד, פון ביידע צדדים, א חוץ פריינד, בעקאנטע, שכנים און גלאט „בלי קדש״. פאר א מיטעלען באלעבאָס איז פראוועון א חתונה דעריבער געווען, ממש, א חורבן. קארעליטשער קהל האָט זיך דעריבער געזעהען געצוואונגען ארויסצוגעבען אזא פעראָרדנונג און פערשרייבען אין פנקס:

עס איז איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען פון די פאָרשטעהער און פיהרער פון אונזער קהילה אינ׳ם דערביי זיין פון איינצעלנע זייטיגע אָנגענומענע ליים (יחידי סגולה) א בעשלוס, וואָס קעהר זיך אָן צו די בעדערפניסען פון אונזער געמיינדע, לויט די תקנות פון פנקס: אז ווער עס ועט פראווען א חתונה, ווער דאָס זאָל ניט זיין, פון אונזער קהילה, טאָר ער ניט איינלאַדען אויף דער סעודה קיין אנדערע, ווי נאָר די נאָהענטסטע קרובים ביז א „שלישי בשלישי״ (גלידס־שוועסטער־קינדער), פון ביידע צדדים, אויך דעם „פרנס חדש״ וואָס וועט זיין אין יענעם חודש, און די נאָהענטסטע שכנים, וואָס וואוינען פון ביידע זייטען, נעבען זיין הויז, און די „כלי קדש״, און די אונטערפיהרערס, און דעם ווירט פון דעם הויז, וואו דער חתן שטעהט איין. און ווער עס האָט א מחותן אין שטאָדט, מעג ער איהם אויך לאַדען אויף דער סעודה. אויך דער נאָהענטסטער קרוב פון יעדען מחותן (ווייטער פון שלישי בשלישי) און דער מחותן פון דעם ערשטען קרוב פון דעם בעל הסעודה (א וואו מען מאכט די סעודה). אויך די קרובים ביז „שלישי בשלישי״ פון מחותן מצד החתן מעג ער רופען אויף א חתונה; אָבער אויף א „סעודת־ברית״ טאָר ער מעהר ניט רופען, ווי די וואָס זענען אויבען איינגערעכענט און די מוהלים און „כלי קדש״, דוקא די וואָס דיענען ביי קהל. אָט דער „תיקון״ איז א חוב אויף יעדען איינעם פון אונזער קהילה, ווער עס זאָל ניט זיין, א חוץ די ישובים ארום. זיי פאַלען ניט אונטער דעם דאָזיגען תיקון, אויך די „כלי קדש״ זענען אויסגע־שלאָסען. דאָס אַלעס איז בעשלאָסען געוואָרען אויף א פערזאמלונג פון קהל מיט׳ן „חרם הגדול״ און ווער עס וועט עובר זיין אויף דעם, וועט נעקנס׳עט ווערען מיט גרויסע קנסים. וואָס פאַר א קהל פון אונ־זער קהילה עס וועט וועלען מבטל זיין אָט די „תקנה״, קענען דריי כשרים (כשרה יודען ד. ה. וואָס האָבען שטימרעכט) זיי וועהרען דאָרין מיט זייער פראָטעסט.

פערשריבען יום ה׳, ח״י מרחשון, תקנ״ד (1794).

(פיער אונטערשריפטען).

דער לעזער זעהט, אז לויט דעם דאָזיגען תיקון, וואָס האָט

שטארק בעגרענעצט דעם מנהג פון „איינלאדענעס״ איז נאָך געבליבען א גאנץ היבשע משפחה צו רופען אויף א שמחה. טאקע פונקט, ווי עס ווערט געוויצעלט אין א פאָלקסווערטעל: ווער איז מיין געזינד? משטיינס געזאָגט! איך און ער, שווינער און שוועד, הענדעל און מענדעל, זרח און ברוך, צוויי צווילינגלאך, זאָלען געזונד זיין, „להבדיל די נויעי״ „א כפרה דער בחור״.

# X א תקנה געגען לוקסוס.

---

נאָך אין די צייטען פון די נביאים ווערט ביי יודען געסעמפפט געגען אויסערליכען פוץ און לוקסוס. נאָך שטארקער ווערט דער קאמפף אין גלות. אן איינפאך לעבען איז נים בלויז די גרונד-פאָדערונג פון דער יודישער אמונה, נאָר אויך די נויטווענדיגקייט פון דער פאָליטישער און עקאָנאָמישער לאגע פון די יודען צווישען די פעלקער. די יודען האָבען אָבער נים אלע מאָל געפאָלגט, וואָס זייער תורה, וואָס זייערע גייסטיגע פיהרער האָבען זיי געהייסען. די הויפטבעשעפטיגונג פון יודען אין גלות, צוליב סבות, אין וועלכע ס׳זענען שולדיג מעהר די אויסערליכע אומשטענדען, ווי זיי אליין, איז האנדעל און פראַצענט. א סך קלייבען אָן עשירות. ווילט זיך ארויסווייזען; ווילט זיך שטאָל-צירען קענען אייגענע און פרעמדע. קענען אייגענע איז א זינד. קענען פרעמדע אָבער—א געפאהר. נים איין צרה, נים איין בלוט-בלבול איז געקומען אויף יודען, צוליב דעם. נויים זעהען יודען פיין געקליידט, נעהמט זיי אָן א קנאה. זאָגען זיי: דאָס איז אונזער גוטס. קומען ארויס דערפון גזרות, פאָגראָמען. דאָס איז אן אלטע געשיכטע: דער שטאַר-קער מאָג, דער שוואכער טאָר נים...

וואָס טוען יודען?

דער „יצר הרע" איז גרויס. אז גאָט העלפֿט, ווילט זיך געהן אין שוהל אויסגעפּוצט אין א שענעם „לייבקאַפּטען", אין א פיינע „זאַלעס־קע", אין א יאַרמולקע אויסגענייהט מיט גאָלד. אָבער: „מה יאמרו הגויים"—וואָס וועלען די גויים זאָגען? דאָס מוזען יודען תמיד געדענקען.

קלינגט מען זיך. ווערט אין ניעסוויזשער פּנקס אריינגעשריבען א תקנה, אז די אלע „שענע זאַכען" טראָגען ביי זיך אין דער היים און אינעווענינג אין שוהל איז מותר. אָבער אין גאַס דאַרף מען זיי אויס־קעהרען אויף דער לינקער זייט. די רעכטע זייט פאַר אונז, הייסט עס, די לינקע פאַר זיי. וואָרום.... פּן יאמרו הגויים... טאָמער וועלען די גויים זאָגען...'

נאָר לאָמיר לאָזען רעדען דעם פּנקס מיט זיין אייגענעם לשון:

אזוי ווי די צייטען זענען שווער געוואָרען; די פּרנסה, וואָס א מאָנ—ווינצינער, האָבען מיר אויפגעעפענט די אויגען, און א קוק געטאָן, אז דאָס איז אַלץ געקומען צוליב די לוקסוס־קליידער מיט גאָלד־געוועב־בעכטס, וואָס איז נתרבה געוואָרען דאָ אין אונזער קהילה, און אין דעם שווערען און ביטערן גלות—שטעכט דאָס זיי (די גויים) די אויגען, דעריבער קומען אויף אונז צרות, און קנאה דערוועקט זיך אין זייערע הערצער.

דעריבער האָבען זיך דערוועקט א סך קהילות שוין פון כמה יאָהר, צו פערצאַמען דעם בראָך, אז קיין שום אשה זאָל נים אָנטאָן קיין קליידער, געשטיקט מיט גאָלד, אָדער זילבער. און לויט דעם דאָזיגען צאָם, וואָס מיר האָבען געזעהן אין כמה גרויסע קהילות האָבען מיר אויך אויפגערופען אן אסיפה מיט א גזרה פון דעם גרויסען חרם, אז קיין שום אשה טאָר ביי אונז נים אָנטאָן קיין שום קליידער מיט גילדען־געשטיק, אָדער זילבער־געשטיק, היינו א טשוהאַי, אן אויבער־בגד, א פאַרטוך און א היטעלע. נאָר א וויסט, א לייבקאַפּטען און זאַלעסקע, ווען זיי זענען צוגעדעקט פון אויבען מיט'ן טשוהיי, זענען נים בכלל חרם. אויך מעג מען געהן אין א וויסט און לייבקאַפּטען פון דער איינענער שטוב צו א שכנה. און ווען מ'געהט דערין אין שוהל מוזען די

דאָזיגע בגדים זיין אויסגעקעהרט אויף דער לינקער זייט. אין שוהל גופא מעג מען זיי ווייטער איבערקעהרען אויף דער רעכטער זייט. גע־ענדיג פון שוהל אָבער מוז מען איבער אַ נייעם איבערקעהרען די קליידער אויף דער לינקער זייט. און דער חרם פאַלט אויף יעדערן פון אונזער קהילה אָהן אַ שום אויסנאַהם און האָט אַ קראַפט צעהן יאָהר פון היינטיגען טאָג אָן. נאָר דעם רב׳ס ווייב, די גאַנצע צייט פון רבנות, איז ניט אין כלל פון דעם דאָזיגען חרם. אויך אַ בחור, אָדער אַ חתן מעג געהן אין אַ יארמולקע פון גילדרען־געשטיק ביז דעם ערשטען שבת נאָך דער חתונה. און אַ מיידעל, אָדער אַ כלה, מעגען געהן אין אַ גילדערנעם טרעסט ביז דעם ערשטען שבת נאָך דער חתונה, און זענען ניט אין כלל חרם. און יעדער מענש, וואָס וועט איבערטרעטען דעם דאָזיגען חרם, אַ מאַן, צי אַ פרוי, זאָל זיין מוחרם און אויסגעשלאָסען פון כלל ישראל. נאָר קיינער איז ניט ערוב פאַר אַ צווייטען, מעג זיין אַ חבר, אָדער אַ קרוב, אָדער אייגענע קינדער. אַ חוץ דעם חרם ווערט יעדער פערברעכער געקנס׳עט מיט אַ געלד־שטראָף, און מיט גרויס בזיונות, ווי די פיהרער פון קהל וועלען אויף זיי ארויפלעגען. און דער זעלבער חרם פאַלט אויך אויף יעדערן פון קהל און אויף די „פרנסים חדשים". קיינער טאָר ניט זוכען קיין שום מיטעל, סיי דורך בית־דין, סיי דורך אסיפת־לייט, מבטל צו מאַכען דעם דאָזיגען חרם. און אויב קהל וועט פרובען אראָבנעהמען דעם חרם איז קהל אליין מוחרם און פערוואָגעלט, אָבגעטיילט און אָבגעשיידט פון כלל קדושת ישראל, און אַלע קללות פון דער תוכחה זאָלען פאַלען אויף זייערע קעפּ. דער וואָס וועט אָבער געהאָרכען וועט רוהען אין זיכערקייט און עס וועט אויף איהם קומען די ברכה פון גוטע לייט.

אונטערגעשריבען די פיהרער פון קהל, די גבירים, דער רב. יום ו׳ דעם 19 אייר, תקל״א (1781).

## XI אַ סדור — אַ משכון פאַר קבורה-געלד.

קרינען א "בר־מנן" האָט געהייסען פאר "חברא קדישא"—האָבען א סעודה. און א סעודה האָט "חברא סדישא" ליעב געהאַט, אוי, האָט זי ליעב געהאַט א סעודה! און דעריבער טאַקע האָט מען ניט בענראָ־בען אומזיסט קיין שום בר־מינן! אפילו דעם גרעסטען אָרימאַן, אויב ער האָט ניט געהאַט קיין "זכות-אבות". האָסט קיין געלד ניט, גיב א משכון. אלץ פערזעצט? איז דאָך געבליבען א סידור! דאָס איז ביי "חברה קדישא" אויך א סחורה. אין שענק געהמט מען און מ׳גיט דערויף א פלעשעל משקה, און, נאָך אמאָלינער טאַקסע, א געגזיל אויך. ווילט איהר ניט גלויבען, לייענט, איך בעט אייך אין קיידאנער פנקס פון חברה קדישא, אויף דער 17-טער זייט. דאָרטען איז בפירוש פערשרי־בען: פון "פלוני בן פלוני" פאַר קבורה האָט מען בעקומען א משכון א סדור פון אמסטערדאמער דרוק און... פינף גראָשען מזומן.

## XII די סעודה פון חברה קדישא.

ניט בלויז פון א "בר מינן" האָט חברה קדישא אָבגעלעקט א ביינדעל. א סעודה האָט געמוזט מאַכען יעדער נייער מיטגליעד, וואָס האָט זיך איינגעשריבען אין חברה. איינצושרייבען זיך אין "חברה קדישא"

איז געווען אַ כבוד. אנב האָט מען דאָ ניט אַזוי נעמיינט די „הגדה", ווי די „קניידלאַך". דער גאַנצער־לוצקער פּנקס פון ח"ק איז פערשריבען, אַ משך פון הונדערט יאָהר כמעט אויסשליסליך מיט אַזוינע „געשעהעניסען". אַז גאָט האָט געהאָלפען איינשרייבען זיך אַליין, אָדער אַ קינד אין חברה, איז דאָס געווען אַ יום טוב. מ׳האָט נעפּראַ־וועט מיט גרויס פּאָמפּ אַן אסיפה, „געוואָרפען גאַלקעס", און פער־שריבען, אויף אַ בלאַט די לענג, די געשעהענים און דעם צערמאָניאַל פון איינשרייבען זיך. האָט איינער ניט געהאַט געגוג אויף אַ סעודה, איז חברה מיט איהם דורכגעקומען. מ׳האָט איהם צוגעהאָלפען, צוגע־באָרגט. אַבי אַ סעודה. צו דער אסיפה פון די אלופי ח"ק—שטעהט פערשריבען אין קיידאַנער פּנקס, איז געקומען רבי אברהם ב"ר הילל [illegible]טען, מ׳זאָל איהם אריינגעהמען אין חברה. האָבען מיר איהם אויפ־[illegible]ומען, באופן ער זאָל געהן אויפ׳ן בית הקברות, „על כל צרה שלא תבוא", מיט אַלע זיינע קינדער, גרויס און קליין, אַ יאָהר צוויי נאָכ־אַנאַנד... האַנדנעלד דרייסיג גראָשען און צעהן שילינג *) זאָל ער געבען שוין. פינף גילדען בעט ער מ׳זאָל איהם אָרונטערלאָזען פון דער טאַקסע...

חיים סג"ל איז מחויב צו געבען—שטעהט דאָרטען ווייטער—פופצעהן גראָשען אַן אדערויף און מאַכען אַ סעודה. ער בעט מ׳זאָל געבען צו שטייער דריי גילדען...

אַ דריטער קלאָגט זיך: די צייט איז איהם שלעכט. איז ח"ק איינגעגאַנגען מיט איהם אויף אַ פּשרה: חברה גיט אַ פעסעל ביר. פיער גילדען דאַרף ער בעצאָהלען פאַר פּסח. אָבער, אַז דער אויבער־שטער וועט „ברייט מאַכען זיין גרעניץ" מוז ער מאַכען אַ סעודה גאָר אויף דאָס ניי.

*) אַ שילינג, אָדער שילינגער איז געווען אַמאָל אַ דריטעל פון אַ גראָשען.

## XIII וואָס האָט געקאָסט אַ סעודה מיט צוויי הונדערט יאָהר צוריק.

---

א גוטע העלפט פון קיידאנער פנקס פון ח״ק איז פערנומען מיט די חשבונות, וואָס א סעודה האָט אנגעטראָפען און פון וואָס זי איז בעשטאנען. דער שרייבער רעכענט אוים יעדע קליינינקייט. עס זעהט אויס, אַז, שוין שרייבענדיג, האָט ער הנאה פון די אַלע גוטע זאכען, וואָס וועלען זיין אויף דער סעודה. איינעם פון די רעכנונגען האָב איך פארנאָטירט. ער איז, איבריגענס, זעהר אינטערעסאנט דערמיט, וואָס ער ווייזט, ווי טייער האָבען דעמאָלט געקאָסט לעבענסמיטעל. אָט איז דער צעטעל פון א סעודה אין יאָהר תמ״ג, ד. ה. ענדע פונ׳ם 17-טען יאָהרהונדערט.

| | | | |
|---|---|---|---|
| 4 הענער | — — | 28 | גראָשען. |
| 4 גענז | — — | 20 | " |
| 1 וואָגען האָלץ | — | 10 | " |
| 1 אינדיק | — — | 35 | " |
| 1 צעהנדלינג אייער | | 4 | " |
| 4 גענז | — — | 1 | נילדען מיט 19 גראָשען. |
| 4 קלענערע הענער | | 12 | גראָשען. |
| 10 אינדיקעס | — | 3 | נילדען מיט 20 גראָשען. |
| 1 פאַס ביער | — | 6 | " " " " |

ביליג איז געווען דאָס לעבען פון אונזערע עלטער-זיידעס. ס׳איז אָבער א פראגע, צי איז עס שענער געווען?

געשעהן אין שוהל א „מורא׳דינע״ „מעשה נבלה״, וואס זינט קיידאני איז געוועזן קיידאני האט זיך אזוינס ניט פארלאפען.

פון אנהויב האט דער עולם אויף ריכטיג ניט געוואוסט, וואס איינענטליך איז אזוינס געשעהן. דער געמורמעל און גערודער איז געוועזן נאר אויף יענע בענק, אין מזרח-זייט. ביסלעכווייז איז דער קאך אריין טיפער אין עולם און אלעמענס אויגען און הענד זענען געווענדט געוועזן צו די הינטערשטע בענק, דער עיקר—צו איין באנק, הינטער דער בימה, און אויף יענער באנק—צו איין שטענדער, ביי וועלכען עס איז געזעסען דער „שולדיגער״, דער „עוכר ישראל״, וואס האט פארשטערט קיידאנער באלעבאטים דעם „יום הדין״, האט זיי צומישט די תפילות, האט געמאכט פערטרייבען דעם כבוד פון ישראל.

אין שוהל האט אלץ שטארקער און שטארקער געברויזט ווי ווילדע רוישענדע כוואלעס פון ים, בשעת ער צעשפילט זיך אין א שטורם.

וואס זשע איז אזוינס געשעהן אין קיידאנער שוהל? וואס פאר א נבלה האט אבגעטאן דער שניידער? מיט וואס האט ער בעטריבט דאס געמיט פון אלע באלעבאטים, גבירים, רבנים און קהל׳שע פיהרער און פארזארגער?

דער שניידער האט געטאן אזא זאך, וואס איז ניט געזעהן און ניט געהערט געווארען אין אלע גרענעצען פונ׳ם פאלק ישראל אין יענער צייט: ער איז געקומען אין שוהל אין א... יארמולקע אונטער היטעל. מיט א מורא׳דיגע חוצפה, וואס קיין שניידער האט ביז דער־מאלט ניט געוואגט, האט ער, דער „עזות פנים״, דער „עוכר ישראל״, דער „חיים״ אראבגענומען פאר כל ישראל אין די אויגען די היטעל, האט פערצויגען דעם טלית איבערן קאפ... ניין, איבער דער יארמולקע און די יארמולקע איז געוועזן אן אמת׳ע יארמולקע—א סאמעטענע, א נייע, פונקט, ווי ביי דעם רב, ווי ביי דעם גבאי, פונקט ווי ביי אלע די יענינע, וואס שטעהען דארט אויבען אן אין מזרח-וואנד.

— אוי, וועה געשריען! איצט איז שוין אן עק פון דער וועלט!

— האט געשטורמט אין שוהל. מיט וואס וועט מען דערקענען איצט

דעם אונטערשייד צווישען רב, פרנס חודש און בעל מלאכה, אז שניי־דער וועלען אָנהויבען טראָגען יארמולקעס, סאמעטענע יארמולקעס, פונקט ווי אלע געהויבענע באלעבאטים, ווי אלע שענע יודען...

— קנס׳ענען! מ׳זאָל איהם קנס׳ענען!... האָט געקלונגען פון אלע זייטען.

נאָר דער רב האָט געהייסען דעם שמש געבען א פאטש און דעם חזן—נעהמען זיך צו די תפילות. אין מזרח איז עקספּראָמט אָנגענומען געוואָרען א בעשלוס: מ׳זאָל דעם „עזות פנים", וואָס האָט געוואָלט צו צעשטערען אייביגע גרעניצען צווישען בעל מלאכה און באלעבאָס—ברענגען אויף מאָרגען נאָך יום טוב צו קהל און קנס׳ענען, ער זאָל פאַרזאָגען א צעהנטען נאָך אמאָל צו מאָן אזא „נבלה". און דערווייל זאָל מען ראַוונען.

אויף מאָרגען נאָך ראש השנה האָט מען געבראַכט דעם זינדי־גען שניידער אין שוהל און מ׳האָט איהם געמאָלדען זיין פסק: צעהן פונט ליכט אויף שוהל. די יארמולקע האָט מען ביי איהם אָבגענומען.

אין שניידערשען פנקס שטעהט ניט, צו דער שניידער האָט מקיים פסק געווען. נאָר דערמיט האָט זיך די מעשה ניט געענדיגט. הערט ווייטער.

דעם ערשטען טאָג סכות זענען געקומען קיידאנער גבירים, פרנסים, באלעבאטים אין שוהל—יום טוב׳דיג, שיינענדיג, אונטער די ארעמס די טלית־זעקלאך, אין די הענד די לולבים מיט די אתרוגים, — אליין אויסגעפוצט אין שטריימעלאך און אטלעסענע זופּצעס, ארומגעגארטעלט מיט פיינע גארטלען. זיי געהען אריין בהרחבה־ד׳ג, גאוה׳דיג אין בית המדרש, כמנהג גבירים און שענע יודען; זעצען זיך אָנגעבלאָזען אויף זייערע מזרח־שטעדט, און בלאָזענדיג זיך נעהמט מען ארויס, לאנגזאם, מיט א יום טוב׳דיגען געניין, די טליתים מיט די זיל־בערנע עטרות פון די סאמעטענע, מיט גאָלד געוועבטע, טלית־זעקלאך. מיט שטאָלץ נעהמט מען פארנאנדער די טליתים, וואַרפענדיג דערביי, ווי ניט בכיוון, א קוק אויף די הינטערשטע בענק, אויף דער שניידער־באנק.

פינסטער איז געוואָרען גאַנץ קיידאַנער קהל אין די אויגען...

שטעלט זיך פאָר: אויף דערזעלבער באַנק, וואו ראש השנה איז גע־זעסען דער געקנס׳עטער שניידער, איז שוין געזעסען, ניט איינער, ניין—אַ גאַנצע רייה שניידער, שוסטער, קירזשנער, ניט בלויז אין יאַרמולקעס, נאָר אין שטריימעלאַך, אין זופּעצעס, מיט גאַרטלען פערגאַרטעלט, פּונקט ווי יענע, דאָרט אין מזרח־וואַנט. און נאָך אפילו שענער... וואָרום, פערשטעהט איהר מיך, דאָס האָבען דאָך די שניידער, קירזשנער געמאַכט די זופּעצעס און שטריימעלאַך פאַר זיך... דאָס ערשטע מאָל אין לעבען האָבען זיי געניייהט ניט פאַר אַנדערע, נאָר פאַר זיך אַליין...

— וואָס איז דאָס... האַ... אַבונט! אַבונט פון שניידער, שוסטער, פון אַלע קיידאַנער בעלי מלאכות געגען קהל, געגען די איי־בּיגע מנהגים פון די עלטער־עלטער־זיידעס... אויס יחוס!... אויס מזרח־וואַנט...

נאָר דער שטורם, וואָס האָט געהאַלטען ביי אויסברעכען איז פּלוצלונג שטיל געוואָרען. די בייזע בליקען פון מזרח־וואַנט האָבען דאָס מאָל בעגעגענט נאָך בייזערע בליקען אין מערב־וואַנט. די שניידער, שוסטער, קירזשנער און אַנדערע בעלי מלאכות, זענען ניט בלויז גע־שטאַנען חוצפּה׳דיג: זופּעצע אַנטקעגען זופּעצע, שטריימעל אַנטקעגען שטריימעל, גאַרטעל אַנטקעגען גאַרטעל. אונטען, אונטער די גאַרטלען, האָט זיך געביילט אַ געזונטער פויסט, אַזאַ שטאַרקער און געזונטער, ווי עס קען נאָר זיין ביי אַ בעל מלאכה. קהל האָט דאָ געהאַט צו טאָן ניט מיט איין שניידער נאָר מיט׳ן גאַנצען „צעך״ שניידערס, און ניט מיט דעם איין צעך שניידערס, נאָר מיט אַלע צעכען בעלי מלאכות... עס זענען געשטאַנען אין שוהל צוויי פיינדליכע מחנות: מערב-וואַנט אַנטקעגען „מזרח־וואַנט״, דער המון אַנטקעגען „קהל״. און וועמעס צאָהל איז געווען מעהר און וועמעס פויסט איז געווען שטאַרקער—דאָס האָט ביי קיינעם קיין פראַגע ניט געקענט זיין...

„קהל״ האָט געמאַכט אַ שוויינ. דער דאַווענען איז שוין ניט איינ־געגאַנגען. עס איז אין שוהל—ד. ה. איינענטליך ניט אין גאַנץ שוהל, נאָר אויף די מזרח-בענק, געווען ניט יום טוב, נאָר תשעה באב. דער־

פאַר איז קיינמאָל נים געווען אזוי ־יום טוב׳דיג, אזוי לוסטיג און לעבעדיג אויף די מעריב-בענק, ווי היינט. די שניידערם האָבען, מזרח־וואַנט אויף צופוקענעס, געוואָרפען „עזות׳דיג״ מיט די פּאָלעס פון די זופּעצעס, געהויבען די קעפּ מיט די שט:רײמעלאך, געהאַלטען „חוצ־פּה׳דיג״ די הענד אין די גאַרטלען און געהויבען ביים אתרוג־בענשען די אתרוגים אזוי הויך און די לולבים אזוי געטרייסעלט, ווי שניידער האָבען דאָס נאָך קיינמאָל נים געוואגט.

עס איז אוועק דער ערשטער טאָג סכות. דער צווייטער אוועק. מערב־וואַנט טריאומפירט! מזרח-וואַנט זיצט טרויעריג מיט אראָב־געלאָזענע קעפּ און וואַרפט נאָר צייטענווייז בייזע, גיפטיגע בליקען אויף דעם צעבונטעוועטען און טרומפירענדען המון, דאָרטען—הינטער בימה. אין די הייזער, אויף די גאַסען—אַ חוץ די געסלאך, וואו עס וואוינען די בעלי מלאכות—איז געווען נים סכות, נאָר יום כפור. מערב-וואַנט טרומפירט...

נאָר אזוי האָט זיך געדוכט דעם אויבערפלעכליכען צוזעהער. אין אמת׳ן האָט קהל נים געדרעמעלט.

אויפ׳ן דריטען טאָג—דעם ערשטען טאָג חול המועד, דאָס איז געווען שבת חול המועד—זענען גאַנץ פריה אָנגעקומען אין שטעדטעל דעם גראף טשאַפּסקי׳ס קאָמיסאַר מיט צוואַנציג פּויערן. צעהן פון די פּויערן האָבען ארומגערינגעלט דעם בית המדרש, אנדערע צעהן זענען אוועק אין די געסלאך, וואו עס האָבען געוואוינט די בעלי מלאכות. און האָבען דאָרטען ארויסגענומען אַלעמען פון די בעטען—אַלט און יונג, מייסטערס און ארבייטער, און אוועקגעפיהרט זיי אין צענטראַלען סקלאַד—דאָס איז געווען דעם פּריץ טשאַפּסקי׳ס אַלעדינגע הויז—און מ׳האָט אַלעמען געשמיסען.

---

טייער האָט געקאָסט קיידאַנער בעלי מלאכות זייער „חעזה״ צו וועלען זיין גלייך צו די באַלעבאַטים. אָבער נים ביליג האָט אָט די קערפּער-שטראָף געקאָסט אויך קיידאַנער קהל. אזא שענדליכע מעשה

איז נאָך ניט געהערט געוואָרען פאַר די גאַנצע יאָהרהונדערטען זינט יודען האָבען געוואוינט אין פוילען און ליטא, פיליכט פאַר דער גאַנצער צייט פון דער יודישער היסטאָריע... אלע פּריווילעגיעס, וואָס יודען האָבען מיט די גרעסטע אָפּפער און מיה, אויסגעסטאַרעט זיך ביי די ליטווישע און פוילישע קעניגע און מאגנאַטען, האָבען געהאַט זייער הויפּטציעל: די פרייהייט פון דער איינצעלנער פּערזענליכקייט ביי דעם יודישען פאָלק. די אונבעריהרבאַרקייט פון דער פּערזאָן אינ׳ם אינערליכען יודישען לעבען גופא. און יעצט איז פערשוועכט געוואָרען אָט דער אַלטער טויזענדיעהריגער הייליגער פּרינציפּ, פערשוועכט גע־וואָרען פון יודען אַליין. אויפ׳ן גרעבסטען, ווילדעסטען אופן.

ווי דערשלאָגען און טעמפּ, אין אלגעמיין, די מאַסע איז ניט געוועזען ביי יודען, אָבער אזא רציחה איז שוין געווען צו גוואַלדשרייענד. די טיפע בעליידיגונג האָט פּעראייניגט די קיידאנער יודישע בעלי מלאכות אין דעם ברענענדיגען געפיהל פון נקמה אָן זייערע פיינדער. עס איז זיי געמעלדעט געוואָרען אַ הייליגער קאַמפּף. דער קאַמפּף איז אַריבערגעטראָגען געוואָרען אין די רעגירונגס־געריכטליכע קאַנצע־ליאַריעס. די העכערע געריכטס-וואָגשאָל האָט זיך שוין דעמאָלט געפונען אין די הענד פון דער רוסישער רעגירונג. דאָס איז געווען אין די צייטען פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטען. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען דער געשריי פונ׳ם פאָלק געגען דער ווילדער מוטווילינקייט פונ׳ם „קהל״ האָט זיך שוין געהערט פון אומעטום. די רוסישע געזעצ־געבונג איז ניט געווען פיינדליך צו יודען, האָט זיך אַ פּנים צוגעהאָרכט צום געשריי פון פאָלק און האָט געשטרעבט דורך אַ גאַנצע רייה פעראָרדנונגען צו בעפרייען דעם יודישען יחיד פון דער מאַכט פונ׳ם קהל. גאָר ווי גינסטיג די שטימונג איז ניט געווען אין די הויכע פענסטער, קהל האָט בעזעסען אַ מאַכט, וואָס האָט געמאַכט צום נול אַלע פּער־אָרדנונגען פונ׳ם געזעץ צו גונסטען פונ׳ם המון. די מאַכט איז געווען באַבאַר. און מיט דעם דאָזיגען געוועהר איז קהל געווען שטאַרקער.

יאָהרען לאַנג איז אָנגעגאַנגען דער קאַמפּף צווישען דעם המון און קהל אין קיידאַני. צעהנדליגע טויזענדער האָט ער אָבגעקאָסט

ביידע צדדים, און די בעליידינטע בעלי מלאכות האָ..ן כמעט פער־לאָרען יעדע האָפנונג אויף גערעכטיגקייט.

פלוצלונג איז ארויס אַ קלאַנג, אז דעם קייזער׳ס ברודער, קאָנסטאַנטין פּאַוולאָוויטש, דאַרף אין קורצען דורכפאָהרען קיידאַני. דער המון איז אויפגעמונטערט געוואָרען. זיי האָבען יעצט אַ געלעגענהייט דערלאַנגען דער העכסטער מאַכט אַ פּאַפּיר אין האַנד, אַ קלאַגע אויף זייערע דריקער און בעליידיגער, מיידענדיג די אונטערשטע קאָנצע־ליאַריעס. דאָ וועט שוין פאַר זיי געווים אויפשיינען די גערעכטיגקייט.

אין דער פרייד פון נצחון האָבען אָבער די נאַאיווע בעלי מלאכות פערגעסען צו „האַלטען צונג" און קהל איז באַלד געוואָהר געוואָרען פון זייערע פּלענער. מ׳איז אַוועקגעלאָפען צום איספּראַווניק, אָדער סטראַפּטשע, ווי ער האָט דעמאָלט געהייסען, אריינגערוקט איהם אין יד אַ שענע מטבע און געבעטען: ער זאָל זיין אַ פאָטער און ראַטעווען.

— איך קען אייך גאָר נישט העלפען,—האָט ער זיי געמעלדעט —לוים דעם געזעץ איז יעדען אונטערטאַן ערלויבט, בשעת אַ הויכע פערזאָן פאָהרט דורך, צו דערלאַנגען איהם אַ בקשה. אָבער... דער פּאָליציסט האָט זיך פערקלערט—אן עצה איז דאָ... בשעת דער קייזער, אָדער אַ פערזאָן פון דער קייזערליכער פאַמיליע פאָהרט דורך, לויפען אַ פריהער העראָלדען אָנזאָגען, כדי שטעדטעל זאָל וויסען און זאָל ארויס אַנטקעגען „מקבל פנים" זיין. ווען עס לויפט דורך דער ערשטער העראָלד, צושטעלט זיך דער עולם אין ביידע זייטען און דאַן פערנעהמען אויך די „קלאַגער" מיט די פּאַפּירען זייער פּלאַץ. ביין צווייטען העראָלד טאָר מען קיינעם ניט ריהרען פון זיין אָרט. דאַן איז פערפאַלען. איהר פאַרשטעהט? נאָר באַלד נאָכ׳ן ערשטען העראָלד, ווי נאָר דער צוויי־טער וועט זיך שטעלען מיט דער פּאַפּיר אין האַנד, ווען עמיצער וועט, אַ שטויגער, אונטערגעהן צו איהם, טאַקע פון אייערע גופאָ, און וועט זיך מיט איהם... צעשלאָגען, דעמאָלט קען איך צונעהמען ביידען און פערשפּאַרען אין רעשאָטקע. וואָס שפּעטער וועט זיין, דאַרפען מיר שוין ניט זאָרגען. דערווייל וועט איהר זיין פון איהם פּטור.

קהל האָט מען קיין פינגער אין מויל מעהר ניט געדאַרפט

אריינלענען. פאר א פאר גילדען האט זיך געפונען א„בונד״־א פערדעמער, טאסע א שניידער־יונג נופא, וואס האט ביין שניידער געדינט. אלעס איז פארגעקומען, ווי דער פאליציייאישער „בלעם״ האט געצה'ט. דער שניידער מיט דער פאפיר, מיט'ן שניידער־יונג זענען פערטריבען גע־ווארען אין רעשאטקע, דעם קייזערס ברודער איז דורכגעפאהרען, און קהל איז אויך דאס מאל נצול געווארען.

נצול געווארען, אבער ניט אויף אלע מאל. קהל האט גוט פער־שטאנען, אז ווען די טויערן פון גערעכטיגקייט זענען פאר די שניידער און שוסטער אויף א לאנגע צייט פערשפארט געווארען, איז נאך אבער געבליבען דער ברייטער שליאך, און דער וואלד, און דער אייזערנער שניידערשער פויסט. און עס איז געבליבען, אז מ'זאל זוכען מיט די בעלי מלאכות א שלום.

מ'האט געשיקט צו זיי א שמש: וואס געוועזען איז געוועזען, זאגט, וואס פערלאנגט איהר? און עס זאל זיין שלום.

די בעלי מלאכות האבען ארויסגעשטעלט דריי פאדערונגען: ערשטענס—זאל די יארמולקע און זופעצע און דער גארטעל זיין פריי פאר כל ישראל און ניט פאר מזרח-וואנט־יודען אליין. צווייטענס —זאל אין בית דין, בשעת עס וועט פארקומען א משפט צווישען א בעל מלאכה און א בעל הבית, זיין איין דין (לעז: דאיאן) פון זייער, פון די בעלי מלאכות צד. און אין קהל־שטיבעל—אויך זייערער א סטאר־שינא. כדי די בעלי מלאכות זאלען זיין זיכער אין אן אונפארטייאישען געריכט.

די בעדינגונגען זענען אנגענומען געווארען און צווישען מזרח-וואנט און מערב-וואנט איז געווארען געשלאסען שלום.

איבערינענס האבען די בעלי מלאכות שוין דעמאלט געהאט זייער אייגענע שוהל, מיט זייער אייגענער מזרח־וואנט. אינטערעסאנט איז דער אבמאך, וואס איז געשלאסען געווארען צווישען די בעלי מלאכית און דעם דין. לויט דעם דאזיגען אבמאך, איז דער שניידער־שער דין געוועזען מחויב צו קומען צו די בעלי מלאכות אין שוהל דאווענען דריי מאל אין טאג. נאך מנחה האט ער געדארפט זאגען פאר זיי

חומש. שבת נאָך מנחה—לערנען מיט זיי „חיי אדם״. „שכירות שלו״—די שכירות זיינע—רעם דין׳ס הייסט דאָס (אזוי איז געווען פערשריבען אין שניידערשען פנקס) איז ח״י קאָפּ. מכל לערניונגעל על משך ג׳ שנים. ד. ח. די נייע הוצאות אויפ׳ן דין האָט מען בעקומען פון אן אָבצאָהל אויף די לערניונגלאַך. יעדער לערניונגעל האָט, אחוץ דעם טערמין דריי יאָהר, פון איצט אָן געדארפט צו צאָהלען אכטצעהן קאָפּיקעס. פון די אכטצעהן קאָפּיקעס האָט בעלאנגט צוועלף קאָפּיקעס צו די באַלעבאָטים און זעקס קאָפּיקעס לטובת דעם דין.

אָט אזוי האבען די שניידער נאָך דעמאָלט שכל געהאט איבערצולעגען די פערגרעסערונג פון זייער בודזשעט אויף זייערע ארבייטער און פערדינען נאָך עפּעס דערביי...



# ווען שקלאָוו איז געווען „ארץ ישראל".

שקלאָוו איז איינע פון די מערקווירדיגסטע שטעדט אין יודישען תחום. ווען אָרשע איז געווען די וויגעלע פון דער יודישער גרויס-בורזשואַ-זיע, איז שקלאָוו געווען איהר הדר, איהר שולע, וואָס האט איהר אויפגעהאָדעוועט און ערצויגען. מיר קענען זיך איצט קוים פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ ראָליע שקלאָוו האט געשפּילט אין יודישען האנדעל מיט הונדערט יאָהר צוריק, און נאָך פריהער, פון יעקאַטערינען, ביז ניקאָלאַי דעם 1-טען. שקלאָוו איז נים בלויז געווען דער צענטראַל-אָרגאַן, וואָס האט פעראייניגט און אָרגאַניזירט די יודישע סוחרים וועלט אין תחום, נאָר זי איז געווען דער קוואַל, פון וואַנען עס האָבען זיך שפּעטער פער-שפּרייט שטראָמען פון יודישען האַנדעל איבער גאַנץ רוסלאַנד. אוי-בערהויפּט אין מאָסקווא און פּעטערבורג. „שקלאָווסקי דוואָריאַנין", איז געווען דער טיטעל, מיט וועלכען דער מאָסקוועער פּאָניע האט אין שפּאַס געקרוינט דעם יודען. נאָר דאס איז געווען מעהר ווי אַ שפּאַס. דאָס איז געווען די ווירקליכקייט.

די ראָליע וואָס, צום טייל, שפּילט איצט האָמעל, האט אַמאָל געשפּילט שקלאָוו אין אַ סך גרעסערען מאַסשטאַב. האָמעל, איז אַזוי צו זאָגען, דער האַנדעלס-שליסעל צווישען ליטא און פּוילען פון איין זייט, און ראַסיי, קאַווקאַז, סיביר און בוכאַרע פון דער אַנדערער. ווי אויך בכלל, צווישען אויסלאַנד און טיף ראַסיי. אָט דער שליסעל אין אַ סך

א גרעסערער מאָס, איז געווען אמאל—שקלאָוו.

אינטערעסאַנט איז, אז דעם פונדאמענט צום יודישען האַנדעל אין שקלאָוו גופא און דעם גאַנצען געגענד ארום, האבען געלעגט נים די יודען אליין, נאר צוויי רוסישע געגעראַלען,—פון די וואס האבען א געוויסע צייט געגאסען יעקאַטערינאַ'ס ליבע, דאס זענען געווען: דער בעריהמטער פירשט פאטיאמקין און דער סערב—געגעראַל זאָריטש. זאָריטש איז געווען יעקאַטערינאַס פאַוואָריט פאַר פאטיאמקינען. ער האט געגעבען יודען פערשידענע פריווילעגיעס צו ענטוויקלען האַנדעל. ער האט, פערשטעהט זיך, נים געמיינט יודישע טובה, נאר ער האט פשוט אליין געוואלט רייך ווערען. זאָריטש, אזוי ווי פאטיאמ־קין, זענען געווען פּראַקטישע און ענטוויקעלטע מענשען. זיי האבען זעהר גוט געוואוסט די בעדייטונג פון יודען פאַר דער פערשפרייטונג פון האַנדעל אין רוסלאַנד, וואס איז דעמאָלט געווען זעהר אבגעשוואַ־כען. זאָריטש האט זיך נים בעגוגענט מיט אָנקלייבען רייכקייט אינדי־רעקט, דורך פּראָטעזשירען יודען. ער האט, פשוט, אליין געטריבען טרייפע בראַנפען און געמאַכט פאַלשע געלד. כדי בעסער אויסצוברענ־גען די בראַנפען האָט ער געצוואונגען יודען זיי זאָלען ביי איהם קויפען די בראַנפען און פערקויפען די פויערים. ווען מ'האט שפּעטער, ביי איהם געמאַכט א רעוויזיע און געפונען די פאַלשע מטבעות, האט ער ארויפגעוואָרפען די גאַנצע שולד אויף יודען.

צוליב זיינע טרייפע ביזנעס האט זאָריטש גוטיג געהאַט, אז קיין שום „קנעפּעל", סיי פון די הויכע, סיי פון די נידעריגע זאָל נים אריישמעקען אין זיין „מלוכה". אפילו דאן, ווען ער איז שוין געוואָרען אויס „מחותן" מיט יעקאַטערינען און זיין פּלאַץ האט פערנומען פאַ־טיאמקין, האט ער אויך געגאָסען א געוויסע אונבעריהרליכקייט פון פערזאָן. אלס געוועזענער געליבטער פון דער קייזערין, האט ער אָנגע־ווענדעט אלע מיטען צו האלטען די קנעפעל-לייט וואס ווייטער פון זיינע מאַיאָנטקעס. אפילו די איצטיגע שקלאָווער יודען קענען זיך נים פערוואונדערן, וואָס פאַר א מין „ארץ ישראל" דעמאָלט איז געווען.

כדי וואס לענגער אויפצוהאַלטען זיין חן אין יעקאַטערינעס

אוינגן, האָט זאַריטש זיך גענומען צו ברענגען דער קייזערין פּערזענלעכע מתנות, איבערהויפּט—קליידער און פּוץ־שטאָפן. אין רוסלאַנד האָט מען, פאַרשטעהט זיך, קיין גרויסע אַנטיקען ניט געקענט בעקומען, האָט מען עס געמוזט בעציהען פון אויסלאַנד. דאן איז אָבער געווען דער גרעניץ־אָבצאָהל אַזוי אונגעהויער גרויס, אַז עס איז פּשוט ניט מעגליך געווען צו בעקומען אויסלענדישע סחורה. האָט זאַריטש געפונען אַ מיטעל. ער האָט די יודען געהאָלפען דורכפיהרען פון אויסלאַנד די אַרטיקלען, וואָס ער האָט נויטיג געהאַט אויף מתנות דער קייזערין, אָהן אָבצאָהל: פּשוט אויפ׳ן קאָנטראַבאַנדע וועג. ס׳איז לייכט צו פערשטעהן, אַז יודען האָבען זיך ניט בעגנוגענט מיט דורכפיהרען בלויז זאַריטשעס סחורה. גאָר אין קורצען טאָקע האָט זיך ענטוויקעלט אַ ריזיגער מסחור מיט אויסלענדישע סחורה איבער׳ן גאַנצען תחום. אויף אַלע וועגען, וואָס פיהרען פון די גרעניצען ביז שקלאָוו. אַלץ און אַלע אויף די וועגען, וואו די קאָנטראַבאַנדע־סחורה האָט געדאַרפט געהן, איז געווען „פערשמירט״, ווי שקלאָווער יודען דריקען זיך אויס.

אין יענע צייטען האָט מען געבויט אַ שאָסע פון פּעטערבורג אין מאָסקווע. דער שאָסע האָט געמוזט דורכגעהן שקלאָוו. זאַריטש׳עס מאַכט איז אָבער געווען אַזוי גרויס, אַז מ׳האָט מיט אַ ביגן אָבגעצוויגען פון דאַנען דעם שאָסע אָן אַ זייט אויף ניין וויאָרסט. און דעריבער: וועהרענד אַלע ארומיגע יודישע שטעדטלאַך האָבען נאָך פון פאַר הונדערט יאָהרען דעם גלאַטען שאָסע־וועג, האָט מען אין שקלאָוו, ביז מיט צעהן יאָהר צוריק, ווען דער באַהן איז דאָ געוואָרען, געמוזט פאָהרען מיט אַ קאַליקען בלאָטיגען שליאַך. דאָס איז אַלץ געמאַכט מיט אַ מיין, אַז די „קנעפּ־טייוואָלים״ זאָל זיך ניט געלוסטען צו מאַכען אַ הער אָפּטע וויזיטען.

דער מסחור מיט קאָנטראַבאַנדע האָט זיך אָבער אַזוי אונגעהייער פערשפּרייט, אַז די רעגירונג האָט ניט געקענט בלייבען אַ לאַנגע צייט אין אונוויסענהייט וועגען דעם, וואָס דאָ, אין שקלאָוו, טוט זיך. עס האָבען זיך גענומען שיטען רעוויזאָרען, וועלכע האָבען אָבער „גאָר נישט געפונען״. די רעוויזאָרען זענען דאָך אויך געווען ניט מעהר, ווי

„זינדיגע מענשען". בשעת זיי האָבען דורכגעזוכט אין דורכגעאַקערט גאַנץ שטאָדט, זענען הונדערטער פעק קאָנטראַבאַנדע, גאַנץ רוהיג זיך געלעגען אין די שפּייכלערס, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אויפ'ן גאַנצען ברעג פונ'ם דניעפּר, אויסער'ן שטאָדט. האָט זיך פערגלוסט אַ רעוויזאָר אַריינצוקוקען אין די שפּייכלערס, זענען שוין די שפּייכלערס געווען פוסט און לעער און די גאַנצע סחורה איז געווען אויסגעלעגט אויף שיפען און פעראַנקערט אין מיטען דניעפּר. צו די דאָזיגע שיפען האָט קיין רעוויזאָר ניט געוואָגט צו צוטרעטען. די שיפעל, מיט וועל־כער זיי האָבען געזאָלט צוקומען צו די פעראַנקערטע שיפען מיט די קאָנ־טראַבאַנדע האָט זיך געקענט איבערקעהרען און וואָלט זיך זאָגאר געווים איבערגעקעהרט, און זיי וואָלטען שוין צוריק פון דניעפּר ניט אַרויס. וואָרום אין דעם, אַז מ'זאָל די טרפה סחורה ניט געפינען, זענען געווען פעראינטערעסירט ניט בלויז טויזענדער יודען, נאָר נאָך אַזוי פיעל קריסטען—בעאַמטע פון דער רעגירונג.

עס איז געקומען דערצו, אַז אפילו, ווען אימיצער פון דער קייזערליכער סוויטע אליין פלעגט דורכפאָהרען אַ יודישע שטאָדט, פלעגט ער זיך בענוצען מיט דער געלעגענהייט צו בעקומען אין די יודישע קראָמען קאָנטראַבאַנדע, וואָס דער מסחור דערמיט האָט זיך מורא'דיג ענטוויקעלט, ניט קוקענדיג אויף די אָפטע, שטרענגע רעוויזיעס. די רעגירונג האָט ערשט אין אַלעקסאַנדער דעם צווייטענס צייטען זיך געזעהן געצוואונגען קלענער צו מאַכען דעם אָבצאָהל אויף אויסלענ־דערישע סחורות. דאָס האָט געגעבען אַ טויט קלאַפּ דעם ריזיגען קאָנ־טראַבאַנדע־מסחור. די קאָנטראַבאַנדע, אַלס שטענדיגע פּרנסה, איז געבליבען נאָר האַרט ביי די גרענעצען.

די פערבינדונגען, וואָס יודישע סוחרים האָבען אָבער געמאַכט מיט אויסלאַנד, זענען ניט געבליבען אָהן אַ רעזולטאַט. פון דעמאָלט אָן הויבען יודען אָן נעהמען אַ גרויסען אַנטייל אין דעם ריזיגען רוסישען עקספּאָרט און אימפּאָרט. זיי בעשאַפען זיי. דאָס הויבט אויף שטאַרק דעם וואוילשטאַנד פון דעם יודישען סוחרים־קלאַס. מ'קען זאָגען, אַז דריי פערטעל פון דעם אויסערליכען האַנדעל אין רוסלאַנד איז געלעגען ביי

יודען אין די הענד און קיין באַיקאָם איז ניט אין שטאַנד זיי פון דאַנען אַרויס צושטופען.

די שקלאָווער גבירים אָבער האָבען זיך פון דעמאָלט אָן געלאָזען אין די רוסישע שטעדט, מיט וועלכע זיי האָבען שוין לאַנג געהאַט פעסטע פערבינדונגען. איבערהויפט אָבער האבען זיי זיך אוועקגעלאָזען אין מאַסקווע און פעטערבורג. דאָרט האבען זיי גאָר אינגיכען אָנגע־הויבען שפּילען נאָך אַ גרעסערע ראָליע, ווי פריהער, ענטוויקלענדיג צו דערזעלבער צייט, דעם רוסישען מסחור.

דיזער בליהענדער צושטאַנד פון דעם יודישען סוחרישען קלאַס דויערט ביז דעם סאַמע „גירוש מאָסקווע" פון 1901. דאַן איזזי געצוואונ־גען צו עמיגרירען. אַ טייל לאָזט זיך אין אמעריקא. אנדערע פערבלייבען אין רוסלאַנד און בעזעצען זיך אין ווארשא אוו אין לאָדז. אַ געוויסער טייל, אָבער,—סוחרים און בעלי מלאכות, ווי צוםביישפּיל, די רויכוואַר־נער וואס מוזען האבען נאהענט ראַסיי און איבערהויפּט דעם ניזשנער יריד, קענען זיך ניט לאָזען ווייט און בעזעצען זיך אין דער אלטער היים, אין שקלאָוו צוריק. אט אזוי ווערט פון מאסקווער חורבן שקלאָוו בים־לעבווייז ווידער אויפגעבויט. אָבער, פערשטעהט זיך, ניט אין אזא מאָס, ווי פריהער. דערצו איז דא פון אמאָל נאך געבליבען דער מסחור מיט זוימען און פלאַקס, אביסעל וואלד, אביסעל תבואה. אז איהר וועט צוגעבען די יודישע פאפיר-פאבריק, וואס האט נאר אינ־דירעקט א שייכות צו שטעדטעלדיגע פרנסה (זי בעשעפטיגט פינף הונדערט ארבייטער—אלע קריסטען און נור אין דער פערוואלטונג, ווי אומעטום, ארבייטען יודען)—האט איהר די גאנצע קוועלע פון שקלאָ־ווער יודענ׳ס חיונה. ניט גאר קיין רייכע. ניט אמאליגע שקלאָוו! אבער אויך ניט קיין ארימע. שקלאווער יודען לעבען זיך דורך נישט קשה.

---

נאר לאָמיר זיך אומקעהרען צוריק צום אַלטען שקלאָוו.

שקלאָוו איז, ווי איהר זעהט, געווען א גאנץ אויסגענומענע יודישע וועלטעלע. אן אייגענע „ארץ ישראל" אין סאמע רוסלאַנד. גאנצע דורות האבען יודען דארטען קיין מעשענעם קנעפּיל ניט אנגעזעהן.

פריהער איז שוין ערקלערט, ווי אזוי דאָס איז געקומען.

דאָרטען האָבען יודען, נאָך אמאָל, אויך געהאַט אין די הויכע פענסטער אזוינע שטאַרקע מליצים, ווי נתן נטע דער שתדלן און ר׳ יהושע צייטילס, און שפּעטער—די מאָסקווער און פּעטערבורגער נבירים.

אזא שטעדטעל האט געמוזט אויסארבייטען גאָר וואונדערליכע טיפּען, וואָס זייער גלייכען בעקומט איהר נים אָפּט אין אנדערע געגענדען. בענשטע שטעדטלאך פון תחום, צו בעשרייבען די „אנטיקען״ פון שקלאָווער יודישען לעבען האָט מען געדאַרפט אָנפילען מיט זיי גאַנצע ביכער. נאָר איך וועל אין קורצע שטריכען שילדערן דאָ איינינע, די מעהר כאַראַקטעריסטישע פון זיי.

פריהער פון אלץ מוז דערמאָנט ווערען די שקלאָווער יודישע פּאָטשט, וואָס האָט זיך דערהאַלטען אויף איהר אלטען שטיינער נאָך ביז דער רוסישער רעוואלוציע. נאָך איצט לעבט אין שקלאָוו דערלעצטער יודישער פּאָטשטער, וואָס האט בעקומען די פּאָטשט בירושה פון זיין טאַטען; דער טאַטען פון זיידען; דער זיידע פון עלטער זיידען—4 גאַנצע דורות יודישע פּאָטשטער. דער פּאָטשטער האָט געהאַט, פערשטעהט זיך, אַ פּאָטשטערקע, א ווייב מיט זיבען קינדער—דריי זיהן מיט פיער טעכטער. די בריף זענען פאַרנאַנדערגעקליבען געוואָרען און צעטיילט אויף די 9 הענד אין איין מאָמענט, און יעדער שקלאָווער יודישער באַלעבאָס האָט בעקומען זיין בריף פּינקטליך צום מינוט, נאַטירליך, אויף וויפיל די פּאָטשט אליין איז אָנגעקומען אין שקלאָוו פּינקטליך.

איהר דאַרפט געדענקען, אז דער שאָסיי איז דאָ אָבגעפיהרט געוואָרען נאָך נאָר אמאָל, מיט אַ כין ניין וויאָרסט אָן א זייט. די וועג איז געווען א קלאָנגדינע. אין אָסיענדינע און פאר-פסח׳דינע בלאָטעס, און ווינטערדינע זאַווייעס פלעגט די פּאָטשט פערשפּעטיגען זעהר אָפּט אויף א גאַנצען מעת לעת. אָבער דער פּאָטשטער אליין איז געווען פּינקטליך. ער פלעגט אנקלאַפּען מיט א בריף כאָטש אין האלבע נאַכט. און אמאל אפילו אהן א בריף. אט איז געווען אין שקלאָוו, א שטיינער, א

יוד ר׳ חיים נחמן׳ס, וואָס האָט זעהר ליעב געהאַט צו בעקומען אַ ידיעה פון דער פּאָטשט אַלע טאָג. האָט ער אָבגעמאַכט מיט׳ן פּאָטשטער, אַז ער זאָל איהם קומען אָנזאָגען, אַלץ איינס: צי ס׳איז דאָ. אַ בריף, צי ניטאָ קיין בריף.

טרעפט אַמאָל, דריי אַ זייגער נאָך האַלבע נאַכט. ר׳ חיים נחמנ׳ס מיט זיין גאַנצער געזינד ליגט זיך רוהיג אין זיין דרעמיל. פּלוצ־לונג; טררררך! טררררא־ך! מ׳האַקט ביי איהם אין לאָד.

ר׳ חיים נחמנ׳ס שפּרינגט אויף ניט טויט, ניט לעבעדיג.

האַ! וואָס?! וואו ברענט?

— דאָס בין איך, ר׳ חיים, מעלדעט איהם רוהיג דעם פּאָטש־טער׳ס קול.

— אַהאַ! וואָס?... וואָס?... פרעגט ר׳ חיים נאָך אַלץ דער־שראָקען.

— די פּאָטשט איז געקומען!

— נו... נו?...

— בין איך געקומען אייך אָנזאָגען, אַז צו אייך איז ניטאָ קיין בריף.

אינטערעסאַנט איז, אַז אויך אין מאָסקויא האָבען יודען ביז׳ן סאַמע גירוש געהאַט זייער אייגענע פּאָטשט, אָרגאַניזירט אויפ׳ן שקלאָווער שטייגער. און עס איז געגנוג געווען אָנצושרייבען אויפ׳ן אדרעס בלויז אויף רוסיש „וו מאָסקוואַ" און דערצו אויף יודיש: „ר׳ ברוך בר׳ טרייטעל, אַז דער בריף זאָל אָנקומען פּינקטליך דעם גע־העריגען מענשען אין האַנד. שבת האָט יודישלעך גערוהט אי די שקלאָווער, אי די מאָסקווער יודישע פּאָטשט.

אין מאָהילעוו איז דאָ אַ יודישער בון-העגדלער מיט דער פאַ־מיליע „דע נאָטקין". דאָס איז דער אור־אור־אייניקעל פון דעם בע־ריהמטען נטע שתדלן. נטע שתדלן איז געווען אין אַלעקסאַנדער דעם ערשטענ׳ס און נאַפּאָלעאָן׳ס צייטען אין שקלאָוו אַ זייגער-מאַכער, אַ נאָטאַריוס, אַ פּאָדראַטשיק. ער איז געווען אַ זעלטענער מדינה־חכם. די לעגענדע זאָגט, אַז ער פלעגט אומגעהן מיט די רוסישע מיניסטאָרען אונ־

טערן חזנר, איז געווען בעחאַנגנען מיט כטעראַלען און געהאַט אַ גאָלדענע שפאַנגע. דעם „רע׳ צו זיין פאַמיליען־נאָמען האָט איהם — זאָגט די לעגענדע — געגעבען דער קיסר אַליין. אַנדערע זאָגען, אַז דאָס האט ער בעקומען פון נאַפאלעאָן, וואס איז געווען איבערראַשט פון דעם שתדלן׳ס שכל.

פון שקלאָוו האט געשטאַמט דער בעריהמטער ר׳ הערש־ליב, ראש ישיבה פון וואָלאָזשין. פון דאַנען איז געווען דער ניט ווייניגער בעריהמטער אַמאָליגער בריסקער רב, דיסקין, מיט זיין ווייב — די וועלט בעקאַנטע בריסקער רב׳צין, וואס האט געהאַט צוויי אויוועגס — אַ מילכינע און אַ פליישינע. דאָ האט פערבראַכט זיין יוגענד און געלערנט דער העברעאישער שרייבער סמאָלענסקין. דאָ האט אויך געלעבט איינער פון דעם בונד׳ס גרינדער, דער בעוואוסטער אַמסטערדאַם, וואָס איז דערטרונקען געווארען דאָ אין דניעפר. דער בעריהמטער שקלאָווער מוסר „סינאַגאָג״ — איז געווען דער מוסטער, פון וועלכען סמאָלענסקין האט געמאָלט דעם העלד פון זיין בעסטען ווערק „קבורת חמור״. ביי סמאלענסקין איז דער דאָזיגער העלד, איבריגענס, אַרויס אַ קאַריקאַטור. אין דער ווירקליכקייט איז דער אַמאָליגער יודישער מוסר געווען זעהר אַ קאָמפּליצירטער טיפּ, אַ געמיש פון יאַבעדניק, עזות פנים, און קעמפּפער פאַר דער בעפרייאונג פון דער פערזאָן פון די אייזערנע קייטען, אין וועלכע קהל האט אין אָנהויב און אין מיטען פון פאָריגען יאָהרהונדערט געהאַלטען פערשקלאַפט די איינצעלנע פערזאָן.

אין שקלאָוו איז שוין אין יענע „אַלטע גוטע צייטען״ געווען אַ שאַרפער קלאַסען קאָנטראַסט צווישען די נגידים, וואס האבען געשארט טויזענדער פון דער קאָנטראַבאַנדע און די אָרימע לייט, וואס האבען נאָר געקענט ציהען זייער קאַרגע חיונה פון די געפאלשעוועטע טיי. דער המון איז געווען זעהר פעראַכטעט און אונטערדריקט. אין דער צייט פון די „כאַפּערס״ האט די מסירות־עפּידעמיע דערגרייכט איהר העכסטע שטופע. „אַ דאָנאָס״ איז געווען די איינציגע געוועהר, מיט וועלכע דער המון האט זיך געקענט וועהרען געגען דער גרויזאַמקייט און דער אייזערנער מאַכט פון קהל. ס׳איז אָבער געווען אַ

געפעהרליכע געוועזן. די אויסוואורפען פון דער געזעלשאפט, וואָס זענען שטענדיג געווען תקיף ביי גאַטשאלסטווא, פלעגען זיך, פון זייער זייט, אָפט בענוצען מיט דער מסירה אויסצופרעסן געלד ביי אָרימע און ביי רייכע. דער רעכטלאָזער יוד האָט קיינמאָל נים געקענט לעבען „בשר״, „על פי געזעץ״. און דעריבער איז דער „ראַנאָסטשיק״, דער מוסר, שטענדיג געווען דער גרעסטער שרעקן פון דער יודישער געמיינדע.

דער שקלאָווער מוסר „סינאַגאָג״, וואָס האָט געלעבט פאר ניקאָלאי דעם 1-טען, האָט געמאַכט אַזאַ טיפען איינדרוק, אז ער איז געוואָרען אין שקלאָוו אַ לעגענדאַרע פערזאָן. שקלאָווער יודען זאָגען, אז ער פלעגט אַנדערש נים געהן, ווי מיט אַ זשאַנדאַר. ער איז אָבער געווען נאַאיוו, מיינענדיג, אז דער זשאַנדאַר וועט ביישטעהן געגען דעם יצר הרע פון כאַבאַר און גאַראַנטירען איהם זיכערקיים. דעם זשאַנדאַר איז לייכט געווען אונטערצוקויפען. און אמאָל, בשעת דער מוסר איז ארויס פון דעם גובערנאַטאָרס קאַנצעליאַריע אין מאָהילעוו, האָבען איהם איבערגענומען צוויי זשאַנדאַרען, פערשטעלטע, וואָס האָבען איהם גלייך פערפיהרט און איבערגעגעבען אין די הענד פון דער שקלאָ־ווער יודישער געמיינדע. מ׳האָט איהם באַלד דערטרונקען.

אָן אַנדער לעגענדע דערצעהלט די מעשה אנדערש: צו כאַפּען „סינאַגאָגן״ איז אָנגעשטעלט געוואָרען אַ גאַנצע מאַשין אין דעם נוסח פון שערלאָק האָלמס. ווי דער מוסר איז ארויס פון גובערנאַטאָרס קאַנצעליאַריע, בעגלייט פון אַ זשאַנדאַר, איז פּלוצלונג פון אַן אַנטקעגענדיגען מויער אויסגעבראָכען אַ פייער. עס איז געוואָרען אַ לויפעריי און שטויסעריי פון גאַנצע הויפענס מענשען. עס האָבען זיך גענומען טראָגען בוידען איינע נאָך די אַנדערע. אין דעם געלאָף און שטופּענעס האָט דער מוסר פאַרלאָרען דעם זשאַנדאַר. אין דעם מאָמענט האָבען איהם אָנגעכאַפּט צוויי געזונטע הענד, אריינגעשטופּט איהם אין אַ בויד און געבראַכט איהם אין שקלאָוו, וואו מ׳האָט איהם גע׳הרג׳עט. איינער, אַ שקלאָווער יוד, האָט מיך פערזיכערט, אז דעם מוסר׳ס שאַרבען האָט זיך נאָכדעם יאָהרענלאַנג געוואַלגערט ביי אַ יודען

אונטער׳ן בעט.

פון אנדערע טיפען נעדענקען שקלאָווער יודען ר׳ נחמן דין. דאָס איז געווען א מורא׳דיגער פאנאטיקער, וואָס האט נאָר געוואוסט צוויי זאכען: זיצען ביי דער גמרא און זוכען אין שטעדטעל חטאים. אווייבעל „א חצופה״ האט מען אמאָל געבראכט צו ר׳ נחמן דין. מ׳האָט איהר געבאפט רעדענדיג מיט א מאנסביל אויף יחידות. נאָך אמאָלינען שטיינער, האט מען איהר אָנגעשטעקט פעדערען און געשלעפט איבער די גאסען, אָנטאָנדיג איהר בזיונות. ווייבער, ווייסע חברה זענען איהר נאָכגעלאפען, געשפייט איהר אין פנים, געוואָרפען מיט בלאָטע, גע־שאָלטען און געשימפפט. דאָס איז שוין אָבער געווען אין די לעצטע טעג פון קהל׳ס ממשלה. די ווייבעל האָט געפונען פערטיידינער. דער רב דיסקין האט געמוזט אנטלויפען פון רוסלאנד און דעם דין ר׳ נחמן מיט׳ן שמש האָט מען אריינגעזעצט אין טורמע.

אין אכט מאָנאטען ארום האט מען איהם בעפרייט. ער האָט אָבער ניט געוואָלט ארויס. ער האט זיך אין טורמע זעהר גוט איינגע־לעבט. געזעסען ביי דער גמרא טאָג און נאכט. פון שאלות און שטעדטעלדיגע רייסערייען—פריי. עסען און טרינקען האָט מען איהם געבראכט; די ווייב האָט אויף דער הוצאה ניט געבעטען.

פון שקלאָווער פנקס איז גאנץ געבליבען, און דאָס צופעליג, נאָר איין בלעטעל. אין בלעטעל שטעהט פארשריבען, ווי אזוי פיער יודען, מיט די און די נעמען, האָבען עובר געווען אויף דעם הייליגען דת בפרהסיא. האָט מען זיי פערמשפט, אז זיי זאָלען בעגראָבען ווערען „קבורת חמור״, ד. ה. הינטערן פארקאָן פון בית הקברות. און נאָך זייער טויט טאָר מען אין קיין שול ניט לאָזען זייערע קינדער נאָך זיי קדיש זאָגען.

א ביסעל ווייטער שטעהט פערשריבען, אז צוויי פון די פער־משפט׳ע זענען געקומען צו קהל, געוויינט און מחילה געבעטען מיט ביטערע טרערען. האָט מען זיי מוחל געווען און אויסגעמעקט פון פנקס „קבורת חמור״.

ניט מוחל געווען האט מען אָבער א שניידער. וואָס האט זיך

ערלויבט אמאל צו מאכען זיך א קאפאָטע פון דעמזועלבען שטאָף, וואס א באלעבאָס. האט מען איהם געקנס׳עט, אז ער זאָל הינטען צו דער קאפאָטע צונעהען זיך א שער און אזוי, מיט דער שער אויפ׳ן רוקען, האט מען איהם געפיהרט איבערן שטאָדט.

---

שקלאָוו האט זיך אויסערליך—זאָגען אלטע יודען—נאָר ווענינ געענדערט.

נאָך איצט, אז איהר געהט דורך דורכ׳ן שטעדטעל אָנדערוואָכען, דאכט זיך אייך, אז איהר געפינט זיך אין אן אנדער וועלט, די וועלט פון דעם אלטען. פאר הונדערט יאָהרינען שקלאָוו. איבערהויפט ווען איהר געהט אריין אין „דראכלע״,—אין „הקדש״, און רעדט זיך פאנאנ־דער מיט די זקנים. אָט דערמאָנט אייך איינער מיט שמאהע אויף די דארע, צעטריקענטע ליפען יענע גוטע אלטע צייט, ווען ער האָט בע־דינט דעם בעריהמטען כלי־זמר גוזיקאָוו, וואָס פלעגט אויף א שטרויענע פידעל שפילען און געבען קאָנצערטען אין קייזערליכע פאלאצען אָבגעבען; ווי אזוי ער, דער אלטער—רעמאָלט א סארווער—פלעגט איהם, גוזיקאָווען, פאלומעסקעס פיש קאָכען און פעטע בלינצעס פרעג־לען און גוזיקאָוו פלעגט זיי ליבען און זאָגען, אז ער איז אויסען געווען א וועלט און ערגיץ ניט געפונ׳ען אזוינע געשמאקע מאכלים.

און נאָר שבת, ווען איהר בעמערקט, ווי די יונגוואַרג שפאצירט מיט די שטעקלאך און שירמס; ווען איהר זעהט די ביידלאך מיט זעלצער אָפען פראנק און פריי, ווי אין גרויסע שטעדט, ווען איהר גיט א קוק, ווי יונגע לייט ערלויבען זיך צו רויכערן אפילו אין גאס פאפי־ראָסען אום שבת,—ווערט ביי אייך די אילוזיע פערשוואונדען, און איהר פיהלט, אז די אלטע שקלאָוו מיט איהר קאָנטראבאנדע, מיט איהרע שתדלנים, גבירים, מוסרים, מיט איהר „קבורת חמור״, דינים, חטאים־זוכער און שער אויפ׳ן רוקען פון שניידער—דאָס אלעס איז אוועק און וועט שוין מעהר ניט קומען צוריק.

# פאַטיאָמקין'ס „גזרה".

(אַ בלעטעל פון דובראָוונער מגילה).

---

דובראָוונע איז אימליכען בעקאַנט אַלס שטאָדט פון טליתים־פאַבריקען. אַלע ווייסען אויך, אַז די בעסטע טליתים זענען דובראָוונער.

ווי אַזוי קומען אָבער אַ הער די טליתים־פאַבריקען?

די געשיכטע איז זעהר אינטערעסאַנט און בעלעהרענד. נאָר קומענדיג אַהער אויפ'ן אָרט ווערט איהר געוואָהר, אַז דובראָוונע האָט געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע אין דער יודישער פּראָדוקציאָן און האָט געזאָלט שפּילען פילייכט די וויכטיגסטע ראָלע אינ'ם עקאָנאָמישען לעבען פון די רוסישע יודען, ווען יודען וואָלטען מיט אַ הונדערט פופציג יאָהר צוריק נים געווען אַזוי אונוויסענד און אבערגלויביש.

די ענטשטעהונג פון דובראָוונער טליתים־פאַבריקאציע איז ענג פערבונדען מיט דעם נאָמען פּאָטיאָמקין. פּונקט ווי אויף דעם עקאָנאָמישען לעבען פון שקלאָווער יודען האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג איין געליבטער פון דער קייזערין יעקאַטערינא—זאָריטש, אַזוי האָט געהאַט נאָך אַ גרעסערע ווירסונג אויפ'ן עקאָנאָמישען לעבען פון דובראָוונער יודען איהר צווייטער געליבטער—פּאָטיאָמקין.

פּאָטיאָמקין איז אַ לעגענדאַרע פּערזאָן אין גאַנץ מאָהילעווער גובערניע, איבערהויפּט ביי די יודען. מען רעדט נאָך איצט וועגען דעם

מאָדנעם „שררה״ מיט אַ מין עהרפאַרכטיגקייט, חרטה און פערדראָס אויף די אַמאָליגע יודען, וואָס האָבען זייער פּרייז ניט פערשטאַנען און דורך דעם פערשפּילט וועך ווייסט וואָס פאַר אַ גליק.

עס קען זיין, אַז די גאַנצע לאַגע, אי די עקאָנאָמישע, אי די פּאָליטישע פון אַלע רוסישע יודען וואָלט געהאַט איצט אַ גאַנץ אַנדער געשטאַלט, ווען יודען וואָלטען מיט הונדערט פונפציג יאָהר צוריק געקענט פיהרען אַ פּאָליטיק, וואָלטען ווענינער געלעבט אויפ׳ן הימעל און מעהר אויף דער ערד.

דאָס איז געווען ערב דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, ווען אין אייראָפּא האָט זיך שטאַרק גענומען ענטוויקלען די מאַשינען-אינדוסט-ריע; ווען עס איז בעשאַפען געוואָרען אַ פרייהייטס-דורשטיגע, לעבענס-לוסטיגע בורזשואַזיע, וואָס האָט זיך גענומען דרייסט און מונטער ברעכען די פּענטעס פון דער אַלטער, אָבגעלעבטער פּריצישער אָרדנונג און בויען אויף איהרע חורבות אַ נייע וועלט. אין רוסלאַנד האָט נאָך אפילו מיט די ערשטע פּריצים-רעוואָלוציאָנערען, מיט די דעקאַבריסטען, ניט געשמעקט, כאָטש יעקאַטערינא, די קייזערין אליין, איז געווען אַ פּריינייסט און איז געשטאַנען אין בריפליכער קאָרעספּאָנדענץ מיט דעם גרעסטען גייסטיגען רעוואָלוציאָנער פון אייראָפּא אין יענער צייט, דעם בעריהמטען פראַנצויזישען שריפטשטעלער—וואָלטער.

אין רוסלאַנד איז פּילייכט מעהר ניט געווען, ווי איין מענש, וואָס האָט פערשטאַנען, אַז כדי אַראָבצוטרייסלען פון רוסלאַנד איהר מויזענד-יעהריגען שימעל, מוז דאָ אויך, פּונקט ווי אין אייראָפּא, בעשאַפען ווערען אַ שטאָרקע בורזשואַזיע, מוז איינגעפיהרט ווערען אַ מיף און ברייט ענטוויקעלטע אינדוסטריע.

דאָס איז געווען פירשט פּאָטיאָמקין.

און דעמאָלט איז געווען אין רוסלאַנד נור איין פאָלק, וואָס איז געווען פעהיג צו דינען, אַלס מאַטעריאַל פאַר דער בעשאַפונג פון אַ ברייטער אינדוסטריע. דאָס איז—דאָס יודישע פאָלק.

דאָס יודישע פאָלק האָט ניט פערשטאַנען פּאָטיאָמקינ׳ען. נאָר פּאָטיאָמקין האָט יאָ פערשטאַנען די פעהיגקייטען פון יודען, זייער

פאסינקייט פאר דער אויספיהרונג פון זיין גראנדיעזען פלאן אריינצר
ברענגען קאפיטאליזם אין רוסלאנד.

דער צענטר פון האנדעל און פאבריקאציע איז דעמאָלט געווען
מאָסקווע. פּאָטיאָמקין האט געוואוסט, אז דער יוד איז פעהיגער פאר׳ן
פאַניע צו האנדעל און פאבריקאציע. און ליטא, וואָס איז נעהענ־
נער צו אייראָפּא, מיט איהר מעהר פלייסיגער און מעהר ענטוויקעל־
טער שטאָדטינער יודישער בעפעלקערונג, איז מעהר צונעפּאסט פאר
זיינע צוועקען, ווי טיף ראָסיי.

ער האט געוואָלט ניט מעהר און ניט ווייניגער, ווי בעשאפען פון זיין
דובראָוונע א צווייטע מאָסקווע, אָדער, ריכטיגער, א מין פאריז („קליין
פאריז״—זאָגען דובראוונער יודען) וואָס האט מיט איהר גלאנץ געזאָלט
פערדונקלען דאָס ערשטע מאָסקווע, דאָס הארץ פון רוסלאנד. נאָך
מעהר: ער האט געוואָלט בעשאפען א גאנצען אינדוסטריעלען דיסט־
ריקט מיט דריי הויפּט־פונקטען: דובראָוונע, לאדי און אָרשע אין
צענטער. דובראָוונער יודען זאגען אפילו, אז ער האט פון אָרשע,
דובראָוונע און לאדי—א שטרעקע פון איבער פערציג וויאָרסט—גע־
וואָלט מאכען איין שטאדט. דובראוונע איז פאר פּאטיאמקינען געווען
א קליין, שמוציג שטעדטעל. ער האט צוגענעבען איהר נאך גרויסע
שטיקער פלאץ פון אלע זייטען, געבויט פון איהר א נייע שטאדט, וואס
הויבט זיך הויך איבער׳ן דניעפּר און שטעלט פאר, פון בארג אראב,
איינע פון די שענסטע לאנדשאפטען. די גאסען, ווי אויך די הייזער און,
איבערהויפּט, דעם מארק, האט ער געבויט נאך א ספּעציעלען אויס־
לענדישען פלאן. נאך יעצט עקזיסטירט פּאטיאמקינס ברוק אין דעם
ריזיגען מארק־פלאץ און ביידע סאזעלקעס פון ביידע זייטען ראדעס.
פון איין זייט שטעהט נאך איין ראד פון יענע ברייטע און הויכע אלטע
הילצערנע קראמען. עס זענען געבליבען א גאנצע רייהע יודישע הייזער
געבויט פון פּאטיאמקין. אפילו די שרפות, וואס זענען פאר די כמעט
אנדערהאלבען יאהרהונדערט ניט איינמאל פארגעקומען אין דובראוונע,
האבען ניט געקענט ענדערן די שענע, הרחבה׳דיגע, פרייע פיזינאמיע,
וואס פּאטיאמקין האט געגעבען דער שטאדט. די היגע יודישע

ארבייטער זאָגען, אז אין די פרייע טעג, ווען עס פלעגען אָנקומען א הער די רייזענדע אַנטאַטאָרען, פלעגט זיך זיי פון דאַנען ניט וועלען אוועק־פאָהרען. „דאָ רוהען מיר אָב״—פלעגען זיי זאָגען.

איך קען בעשטעטיגען, אז די דובראָוונער יודישע ארבייטער זאָגען אמת. איך אַליין האָב, לויט דעם פּלאַן פון מיין רייזע, געקענט פערבלייבען דאָ ניט מעהר ווי איין טאָג, און האָב געמוזט בלייבען שטעקען דאָ גאַנצע צעהן טעג. מיך האָט, נאַטירליך, געריינט ניט בלויז די שענע געאָגראַפישע לאַגע, און די אויסערליכע פּאַטריאַרכאַלע רוהינקייט; מיך האָט ממש בעצויבערט די טיפע אָרינינעליטעט פון הינע יודישע טיפען.

פּאָטיאָמקין האָט, ווי געזאָגט, גערעכענט, הויפּטזעכליך אויף די יודען. ער איז בכלל געווען פריינדליך צו יודען. ניט ווי דער שקלאָ־ווער זאָרימש, וואָס האָט יודען פּראָטעזשירט בלויז אויף וויפיעל זיי האָבען איהם געקענט דינען פאר א מעלקעדיגע קוה. פּאָטיאָמקין האָט אפילו נעראַטעוועט יודען פון זאָרימשעס הענד, בשעת אָט דער פּריץ האָט אַרויפגעוואָרפען אויף די שקלאָווער יודען די שולד פאר זיינע פאַלשע געלד.

פּאָטיאָמקין האָט אויסגעבויט א שענע שטאָדט, מיט גרויסע מארק־פּלעצער, מיט ברייטע גאַסען, מיט קראָמען, מיט פרייע, גערוימע הייזער, מיט פאבריקען פון דראַפּ און געוואַנט, פון זיינערס, פון שוועל־בעלעך, און האָט איינגעפיהרט א דרוק מיט יודישע אותיות *). האָט נעבראַכט מייסטערס־ספּעציאַליסטען פון אויסלאַנד **). דאַן האָט ער

*) איך האָב געהאַט די געלעגענהייט צו זעהן ביי א היגען יודען א וייגער — דעם איינציגען זכר פון פּאָטיאָמקינס פאבריקאַציע, ווי אויך א ספר געדרוקט אין דער אָמאָליגער דרוקעריי. די נאָטיצען וועגען פּאָטיאָמקינען האָב איך גע־שריבען אין איינעם פון פּאָטיאָמקינס הייזער, וואָס זענען נאָך, צוזאַמען מיט א רייהע קראָמען אין מארק, געבליבען, ווי אַן אנדענקען, פון אונזערע זיידעס אונפערשטאַנד.

**) איינער פון די מייסטערס האָט געהייסען „יערגעל״. דובראָוונער יודען זאָגען נאָך איצט אויף א ספּעציאַליסט אין וועבען: דאָס איז א „יערגעל״.

געבראַכט צו פיהרען פון מאָסקווע זעק מיט שפּילערייען און צוקער־קעס, און פלעגט זיי אַלע זונטאָג וואַרפען אויף דעם נייעם מאַרק פאַר די פּויערן מיט זייערע קינדער, כדי איינצוגעוועהנען זיי נעהען אַהער. דערנאָך האָט ער צונויפגערופען פאָרשטעהער פון דער יודישער קהילה און האָט זיי געמעלדעט: נאָט אייך, יודעלעך, קראָמען, מיט הויפען, מיט הייזער, מיט פאַבריקעס, מיט מייסטערס, דאָס גיב איך אַלץ אייך אַוועק—אַ קראָם פופצעהן רובל, אַ הויז, פינף און צוואַנציג רובל—אייערע אויף אַלע מאָל! (איצט צאָהל איך בלויז פאַר אַ ווינקעל פון אַ שטוב הונדערט פינף און צוואַנציג רובל אַ יאָהר—האָט מיר בעמערקט דער אַפּטייק־קרעמער מענדעל ראַנאָוויטש, דער היסטאָריקער פון שטעדטעל, ביי וועמען אין שטוב איך האָב אַ טייל פון מיינע נאָטיצען וועגען פּאָטיאָמקינס „גזרות" געמאַכט). דערצו, האָט פּאָטיאָמקין געזאָגט, גיב איך אייך אַוועק די פאַבריקען, נעהמט זיי אין אייערע הענד, ענטוויקעלט האַנדעל און פאַבריקאַציע. וועגען געלד וועלען מיר זיך אויך אַן עצה געבען. איך וועל אייך געבען אַ בריף צו דער קייזערין יעקאַטערינאַ. קלייבט אויס אַ פּאָר מענשען, די קלינערע, און פאָהרט מיט'ן בריף אין פּעטערבורג צו דער קייזערין. אין דעם בריף בעט איך איהר, אַז אייך זאָל געלהען ווערען פון דער קרוין־קאַסע געלד פיעל ס'איז נויטיג אויף פיהרען די פּאַבריקען און איך בין ערב פאַר די זי־בערקייט פון די געלד.

דובראָוונער יודען האָבען אויסגעהערט, וואָס פּאָטיאָמקין האָט מיט זיי גע'טענה'ט און האָבען פון דעם גאַנצען שמועס פאַרשטאַנען נאָר איינס: אַז דאָ שטעקט עפּעס מיט אַ גזרה, רחמנא לצלן, אויף יודען. פּאָטיאָמקין האָט זיי געהייסען אויפרופען אַן אַ סיפה, מיישב זיין זיך וועגען דעם ענין און אויסקלייבען גוטע פאָרשטעהער פון דער קהילה צו פאָהרען אין פּעטערבורג מיט זיין בריף. האָבען דובראָוונער יודען טאַקע אויפגערופען אַן אסיפה און האָבען באַלד גוזר תענית געווען. דריי טעג זענען זיי אין תענית געזעסען, פון שול נים אַרויס, סליחות געזאָגט און גאָט געבעטען, ער זאָל אָבטאָן די „מפשות" און „שגעון" פונ'ם פּריץ און פון זיי די גזרה.

אין דריי מעג ארום, אז זיי האבען געזעהען, אז דער אויבערש־ טער האט זיך אויף זיי ניט מרחם געווען: דער פריץ איז געבליבען ביי זיין „טפשות" און „שגעון", און זיי האבען געמוזט אויסקלייבען פאר־ שמעהער פון דער קהילה אין פעטערבורג צו פאחרען, האבען זיי בעשלאסען: אויב די קייזערין וועט פרעגען: וויפיעל געלד דארפט איהר? זאלען זיי זאגען: צעהן טויזענד רובל! און מעהר גאר נישט. אזוי אבער, ווי די צעהן טויזענד רובל וועט דאך געהן געוויס לאבוד, אויף דעם פריץ'ס „משוגעת", און זיי וועלען געוויס דארפען ליידען, האבען דובראוונער יודען טאקע דא גופא געמאכט שוין דעם „ראכ־ קלאד", עס הייסט פונאנדערגעלעגט די סומע אויף יעדען איינעם פון דער קהילה אויסצוצאחלען אין א משך פון דרייסיג יאהר. דערנאך האבען זיי אויסגעריכט אין פעטערבורג די צוויי שתדלים. איינעמס נאמען געדענקען נאך איצטיגע דובראוונער יודען: ער האט געהייסען גרשון מעזשעווער—אן עלטער-זיידע פון אוסישקין, דעם איצטיגען אנפיהרער פון די רוסישע ציוניסטען. די שתדלנים זענען אוועקגע־ פאהרען מיט א ביטער הארץ, און דובראוונער יודען האבען זיך געזעגנט מיט א דערשלאגענעם נעמיט אין די שולען תהילים זאגען, אז דער אויבערשטער זאל צעשטערען די „משוגענע" עצה פון דעם „טפש"דיגען פריץ.

---

יעקאטערינא האט אויפגענומען די פארשטעהער פון די דוב־ ראוונער יודען זעהר פריינדליך, ווי מען קען נאר מקבל פנים זיין מענשען, וואס ברענגען א גרוס מיט א בריף פון א געליבטען, דערצו וועגען אזא גראנדיעזען פראיעקט ווי דער, וועגען וועלכען דער געליבטער האט געשריבען. דער פראיעקט איז שוין אהן א ספק, אין אלגעמיינע געשריבען, געווען פריהער בעקאנט דער קייזערין. איצט איז איהר גע־ מעלדעט געווען א געשעהענער פאקט. מען האט נור, אזוי צו זאגען, געדארפט האבען די קארן אויפ'ן מיהל צו שיטען, כדי די רעדער זאלען אוועק זייער גאנג. פשוט גערעדט: מען האט געדארפט האבען דעם

נויטיגען קאפיטאל.

יעקאטערינא האט געמיינט, אז די יודען, אט די נעבאָרענע סוחרים, וואס ווייסען שוין וויפיעל און אויף וואס מען דארף האבען געלד, וועלען פערלאנגען וועניגסטענס א פאר מיליאן רובל, און האט נעפרעגט די צוקונפטיגע אויפבויער פון גרויס־פּראָדוקציאן אין מערב־רוסלאנד: וויפיעל־זשע געלד פערלאנגט איהר?

— צעהן טויזענד רובל! אייער קייזערליכע מאיעסטעט,—האט אוסישקינס עלטערזיידע, גרשון מעזשעוועער, און זיין חבר אבענטש געטאן.

— דוראקי! — האט זיי די קייזערין צוגעוואָרפען, און איז פון זיי מיט האסטיגע טריט אין איהרע קייזערליכע זאלען אוועק.

פאטיאמקינ'ס „גזרה" איז בטל געוואָרען, און ביי די דובראָוונער יודען איז געוועזן שמחה וששון...

---

נאך דעם, ווי די דובראָוונער שתדלנים האבען אזוי „גליקליך" געענדיגט זייער שליחות ביי יעקאטערינען, איז אָנגעקומען צו פאטיאמקינען צוויי בריף. איינער פון דער קייזערין. אקוראט וואס זי האט איהם געשריבען, ווייס מען נים. נאר דער אינהאלט איז געווען אונגעפעהר, אז אזוינע „חכמים" (יעקאטערינא האט געשריבען: „דוראקעס") זאל ער ווייטער צו איהר נים שיקען און זי גיט איהם אן עצה ער זאל מיט זיי אויך קיין געשעפטען נים פיהרען.

דער צווייטער בריף איז געווען פון דובראָוונער יודישען קהל. היות,—איז דאָרטען געשטאנען געשריבען,—ווי דו, אדוני פריץ, האסט געוואלט גוטס טאן דיינע יודען; מאכען פאבריקען וואלט אבער געווען פאר אונז א גרויסע רעה, ווארום ווען אלע יודען געהען אוועק אין די פאבריקעס, קען דאך, חס ושלום, אונזער תורה פערגעסען ווערען פון אונז, בכן גיבען מיר דיר אן עצה, אז דו זאלסט בעסער דאס געלד פון די פאבריקעס צעטיילען צווישען אָרימע יודען אין מזומנים ווען זיין דיר פערשפאָרט קאפ־דרעהענים און אונז הארץ־וועהטאג.

מ'ווייס נים אקוראט, וואס פאטיאמקין האט געענטפערט דער

קייזערין. נאָר די דובראָוונער יורען האָט ער גאָר נישט געענטפערט.

מעהר האָט ער זיך אין דובראָוונע ניט בעוויזען. אין אַ קורצע צייט אַרום האָט ער פערקויפט זיינע דובראָוונער מאַיאָנטקעס דעם פּוילישען פּריץ ליובאָמירסקי'ן, וועמעס קינדער זענען די פּריצים פון שטעדטעל ביז היינטיגען טאָג.

און דובראָוונער יורען?

זיי האָבען אין גיכען חרטה געהאַט און „תשובה" געטאָן.

מ'דאַרף צוגעבען, אַז ניט גאַנץ דובראָוונער קהילה, איז געווען געגען די פאַבריקען. דער המון האָט אינסטינקטיוו געפיהלט, אַז פּאָר אָרימע יורען, וואָלט דאָס געווען אַ גרויסע טובה. און וואָס אַנבעלאַנגט דער תורה, האָבען זיי סיי ווי סיי פון איהר קוואַל ווייניג געגאָסען. אַ טייל פּונים המון האָט זיך אַריינגעריסען אין קהל־שטיבעל בשעת דער אסיפה וועגען דער „גזרה" און האָבען געשריען גוואַלדען, אַז זיי ווילען יע פאַבריקען. נאָר ווער האָט זיי געהערט? דער פּרנס חודש האָט אַייף זיי אַ געשריי געטאָן: אַרויס יונגאַטשעס! וואָס פאַר אַ דעה האָט איהר ביי קהל? זענען זיי צעפלויגען, ווי שטויב אין אַלע זייטען. געווען אפילו אויך פון די „פּני" איין שטים פּאַר די פאַבריקען. דאָס איז געווען יהושע צייטעלס, דער שקלאָווער גביר, וואָס האָט געהאַט דעם רוסישען טיטעל „נאַרוואָרני סאָוויעטניק" און יורען האָבען איהם צוליב דעם גערופען „חשר"—דער האַר. נאָר זיין שטים, איז אויך, פערהילכט געוואָרען אין די אַלגעמיינע גוואַלדען און געשרייען: „זנאַט ניע זנאַיעם, פאַבריקעס ניע זשעלאַיעם".

אַזוי איז אַוועק עטליכע יאָהר. דובראָוונער יורען האָבען שוין געהאַט אַ נייעם פּריץ, פון די פאַבריקען איז שוין קיין זכר ניט געבליבען. די וועבשטוהלען וואָס פּאָטיאָמקין האָט געבראַכט, האָבען זיך געוואַלגערט אין די שטאַלען ביי דעם נייעם פּריץ. יורען האָבען אָנגעהויבען צו פערשטעהן, אַז עפּעס האָבען זיי פערלאָרען מיט דעם אַלטען פּריץ. אַז זיי האָבען אַ נאַרישקייט בעגאַנגען. און אַז די משרתים פון הויף האָבען צו זיי אין שטעדטעל געבראַכט די שטוהלען פערקויפען פאַר עטליכע גראָשען, אָדער פאַר אַ פלעשעל בראַנפען, האָבען עטליכע

יודען געקויפט די שטוהלען און געפרובט לערנען זיך ביי דעם דייטש „יערנעל״ די מלאכה פון וועבען.

אָבער כדי דאָס זאָל ניט הייסען „מלאכה״, האָט מען געדאַרפט וועבען ניט פשוטע מלבושים, נאָר עפּעס אַ הייליגע זאַך, וואָס זאָל זיין פערבונדען מיט תורה, מיט עבודה—ס׳הייסט: מיט גאָט-דינען. האָט מען זיך דערמאָהנט, אַז נאָך גאָר אמאָל האבען דאָך יודישע ווייבער געשפּונען און געוועבט—הייליגע קליידער פאַר די כהנים און לויים. איצט, אמת, איז נימא קיין בית המקדש. און כהנים און לויים געהען אָנגעטאָן פשוט, ווי כל ישראל. דערפאַר טראגען דאָך יודען טליתים און טלית קטנים, און דאס טוּח מען דאך וועבען. בכן, אַז שוין יע פאַבּריקעם—טו זאָל זיין פאר גאָט.

און דובראָווגער יודען האבען זיך גענומען וועבען טליתים.



# נתן־נאָטע דער „שתדלן".

נתן־נאָטע דער „שתדלן" האָט געלעבט אין איין צייט מיט דעם בעריהמטען מאָהילעווער גביר און כלל־טוער יהושע צייטלין, וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין יודישען לעבען פאַר יעקאַטערינען און פּאָטיאָמקינען. ער אַליין, נאָטע דער „שתדלן", האָט ניט בעלאַנגט צו די גבירים. אין די יונגערע יאָהרען איז ער געווען, אפילו, אַ בעל מלאכה—אַ זייגערמאַכער. נאָר דער זייגערמאַכער האָט אין אַמאָליגע צייטען זיך ניט גערעכענט פאַר אַ געוועהנליכען בעל מלאכה. דאָס רוב האָט זיך גענומען דערצו אַ באַלעבאַטיש קינד, אָפט אַ למדן, וואָס האָט געהאַט אַ קינסטלערישע נשמה, און אין די פיער ווענד פון'ם בית המדרש איז איהם געווען צו טרוקען. דער זייגערמאַכער איז געווען ביין עולם חשוב, כמעט ווי אַ דאָקטאָר, צוליב זיין „אומנות" ד. ה. צוליב זיין קינסטלערישע ארבייט, זיין פערשטאַנד אין דעם געהיימען בוי פון די זייגער־געדערים. בפרט, אז נאָטע דער שתדלן איז געווען אַ רייכער באַלעבאָס, האָט געהאַט, אחוץ זיין ווארשטאַט, אויך אַ זייגער־געשעפט. האָט זיך געהאַלטען שטאַרק מיוחס'דיג. ער איז געווען זעהר אַ וועלט־ליבער און וויסענדער מענש. ער האָט פערשטאַנען רוסיש און פּויליש און איז שפּעטער געוואָרען נאָטאַריוס. דאָס איז געווען דער ערשטער יודישער נאָטאַריוס אין רוסלאַנד. פּריצים האָבען צו איהם געהאַט גרויס צוטרוי, האָבען ביי איהם געלד געהאַלטען און אָהן איהם נאָר

נישט געטאָן. רעמזועלבען רעספעקט האָבען פאר איהם געהאט רוסישע שררות. ער איז געווען דערצו א גרויסער קאָפּ־מענש און א חכם. זיינע קינדער האָט ער נאָך אין יענער צייט געבילדעט אויפ׳ן אייראָפּעאישען שטוינער, געלערנט זיי רוסיש, פויליש, פראַנצויזיש. ער האָט געהאט א גרויסע געזינד. אלע זיהן, טעכטער, שניר, איידעמס,—קינדער און אייניקלאך האָבען געלעבט ארום איהם, אין הרחבה. וואָרום נאָטע דער „שתדלן" האָט פערדינט גוט ארום די פריצים און—זיך ברייט געפיהרט.

ס׳איז איבעריג צו זאָגען, אז נאָטע דער שתדלן איז געווען זעהר אן אָנגענומענע פערזאָן ביי יודען. ניט בלויז אין מאָהילעוו און מאָהי־לעווער גובערניע איז ער געווען בעריהמט, נאָר אין אלע יודישע שטעדט האָט מען אויסגערעדט זיין נאָמען מיט א מורא׳דיגען דרך ארץ. ער האָט געשפילט די ראָלע פון א מין „נשיא". אין אלע שווערע פּאָלי־טישע מאָמענטען האָט מען איהם געשיקט אין פעטערבורג און ער איז געווען, אזוי צו זאָגען, דער יודישער פּאָרשטעהער ביי דער רעגירונג, וועלכע האָט איהם, אלס עהרענצייכען, און פיליבכט צוליב זיין קענען פראַנצויז, צוגעגעבען צו דער פאמיליע א „רע", און זיינע אור-אייניקלאך אין מאָהילעוו טראָגען ביז היינטיגען טאָג די דאָזיגע פאמיליע „רע־נאָטקין".



# דריי משה׳ס.

דאכט זיך אז קיין יודישער בית עולם אין תחום איז נים אזוי אָריר־ גינעל, ווי דער מאָהילעווער. ער איז ארומגעריננעלט מיט א גאנצען פּאַק מעשיות, אמת׳ע מעשיות, נים לעגענדעס. בעריהמט איז ער נים אזוי מיט זיינע מתים, א שטוינער, ווי אנדערע „בית חיים׳ס״, ווי מיט די לעבעדינע פּערזאָנען, וואָס האָבען זיך עוסק געוועזען ארום די טויטע.

פריהער פון אלעמען געהען די דריי משה׳ס. איינער איז געוועזען משה ליניער, א גבאי אין „ועד״, אין קאָמיטעט הייסט דאָס, צו טיילען ברויט אָרימע לייט. דאָס איז געוועזען, זאָגען מאָהילעווער יודען, א הארטער יוד—א שטיין. זיין פערגניגען איז געווען צו פּייניגען די אָרימע לייט, מאטערן זיי, אויסצאַפּען פון זיי די לעצטע קאַפּ בלוט, ביז זיי פלעגען דערלעבען צו זעהן דעם עלענדען לעבעל ברויט. און דאָ פלעגט ער נים געבען דעם ברויט, נאָר א וואָרף טאָן איהם אויפ׳ן וואָג, האסטיג, כדי ער זאָל שטארק א דריק טאָן די וואָגשאָל און זאָל ווענען מעהר, ווי זיין ריכטיגע וואָג איז.

פון משה ליניער פלעגען אוועק די אָרימע לייט קראַנקע. דאַן פלעגען זיי דארפען אָנקומען צום צווייטען משה—משה עבערלין, וואָס איז געוועזען גבאי פון בקור חולים. יענער פלעגט זיי אָנטאָן גע־ בראָטענע יסורים מיט די רפואות און ארויסנעהמען ביי זיי דעם לעצטען ביסעל חיות. דאָ איז שוין דער אָרימאַן אָנגעקומען צו משה

ק ב ר ן, וואָס פּגעגט זיך אויך זאָזוי וועניג צערמאָניען מיט די קבצנים טויטערהיים, ווי יענע צוויי משה׳ס, בשעת זיי, די קבצנים, זענען נאָך געווען קאַנדידאַטען אויף בר־מינן׳ס.



# אַמאָליגער כאַבאַר.

אין „הלכות כאַבאַר" איז געווען, זאָגט מען, אַ גרויסער ספּע־ציאַליסט דער מאָהילעווער פּאָדראַדטשיק איידעלמאַן. ער פלעגט דעם כאַבאַר קיינמאָל ניט געבען אין האַנד אריין. ער פלעגט נאָר אָברייִדען דאָס זייניגע פאַר דעם „שררה" און אַוועקגעהן. אָבער ווי דער יוד איז נאָר געווען אויף יענער זייט טיר, פלעגט דער שררה צו געהן צום עק טיש, וואו דער פּאָדראַטשיק איז געשטאַנען און אויפהויבען דאָרט אַ ברעג טישטוך. אונטער'ן טישטוך איז תמיד געלעגען אַ פּעקעל — וואָס האָט דעם שררה'ס האַרץ שטאַרק געפרעהט. אז די „מתנה" איז צוגעקומען לויט'ן אַדרעס האָט מען שוין אויף מאָרגען געוואוסט און די קראָמען. וואָרום די „ש־רה'טע" פלעגט זיך שוין לאָזען אַ הין און אָנקויפען גאַנצע פּעק. אָט אַזוי פלעגט דער יודישער כאַבאַר, דאָס רוב, אָנקומען צוריק אין יודישע הענד.

דער כאַבאַר פלעגט געגעבען ווערען ניט בלויז אויף אַזאַ שטויער. איידעלמאַן האָט גוט געוואוסט וואָס עס טויג פאַר'ן שררה נאָכ'ן סעזאָן נאָך. איז אַ שטוינער געווען ווינטער, און דעם שררה'ס פוטער איז ניט געווען אַי—אַי, פלעגט, אָנשטאַט די מזומן אונטער'ן טישטוך, אריינגעשיקט ווערען דעם טשינאָווניק אַ טהוירענער פוטער מיט אַ באַברענעם קאָלנער, וואָס קאָסט שענע עטליכע הונדערטער. דאָס איז אויך געווען און די פאַלען, ווען „מזומן" צו געבען איז געווען ניט

בעקוועם, אָדער אומגליקלעך. אַ שמוינער, ווען דער יוד איז אַריינגעלאָ־
זען געוואָרען ניט ווייטער פון קיך, אָדער פונ׳ם פאָדער־חדר, און
צוקוקען צום טישטוך איז געווען אומגליקלעך. אַ פוטער איז געווען דער
העכסטער פּאָרט באָבאַר, וואָס קיין שררה האָט געגען דעם ניט גע־
קענט ביי שטעהן. דאָס איז אָבער געווען מיט אַ גרויסען „שררה״.
אַ קלענערן פלעגט מען אַריינשיקען אַ צעהן קלאַפּטער האָלץ, אָדער אַ
הימעל צוקער, וואָס איז געווען די אָנגענומענסטע מתנה ביי דער
פּריצ׳טע.

אָט דער מין באָבאַר איז געווען אין גאַנג אין אָנהויב און אין
מיטען פון פאָריגען יאָהרהונדערט, און איז ניט אַרוים אין גאַנצען פון
מאָדע אפילו ביז איצט. נאָר גאָר אַמאָליגער באָבאַר איז געווען
פשוט׳ער און נאַאיווער, און, דער עיקר, האָט געקאָסט אַ סך ביליגער.

אַזוי, אַ שמוינער, איז פערשריבען אין מאָהילעווער פּנקס,
ריכטיגער—אויף דעם איינציגען בלעטעל, וואָס איז געבליבען פון דעם
מאָהילעווער פּנקס, וואָס האָט אַ דאַטע פון מעהר ווי הונדערט יאָהר
צוריק, אַזאַ קורצער בעשלוס פון קהל:

„לתן להדוואָרעצקי של הגובערנאַטאָר שלשים קאָפּ. על
תפוחים. ד. ה. געבען דעם דוואָרעצקי (הויף-פערוואַלטער) פונ׳ם
גובערנאַטאָר דרייסיג קאָפּיקעס אויף עפּעל... אונטערגעשריבען אַלע
גבאים.



# אין „דאַמאָוויק׳ס״ מלוכה.

מאָהילעווער יונגע לייט האָבען מיך נעפיהרט ווייזען א חורבה — דאָס איז א גאנצער מויער, וואָס שטעהט שוין דורות־לאנג וויסט, ווייל קיינער,—סיי יודען, סיי קריסטען ווילען זיך אהין ניט אריינציהען. דאָ איז דעם „דאָמאָוויק׳ס מלוכה״, זאָגען אין מאָהילעוו אַלטע ווייבער און אלטע גוי׳עס. נאָר עס גלויבען גאנץ ערנסט דאַרין אויך יונגערע און אפילו גאָר היינטיגע.

דער „דאָמאָוויק״—דאָס איז א שטוביגער „שד״. אזוי גלויבען א סך גויים און אפילו יודען פון אלטען דור. דער דאָזיגער שד איז איינענטליך, א פרידליכע בריאה. ער קלייבט זיך אויס אין שטוב ערגעץ א ווינקעל, א צווישען־אויווען, צי הינטער אן אלמער און לעבט זיך דאָרט שטיל, ניט טשעפּענדיג קיינעם. פערקעהרט: אין פאָלק גלויבט מען, אז דער שטוב, וואו דער „דאָמאָוויק״ לעבט זיך איין און מענשען שטערן ניט זיין רוה. איז ער מזל׳דיג. אין אָט דעם הויז, זאָגען מאָהי־לעווער אלטע ווייבער (און עס גלויבען אויך יונגע דאמען) איז זיך געשטאַנען אן אלמער דורות־לאנג אויף איין אָרט; איז איבערגעגאנגען בירושה פון עלטער־עלטער־זיידעס צו אור־אור־אייניקלאך, און ווי ער איז געשטאַנען אזוי האָבען איהם גענוצט גאנצע דורות, ניט ריהרענדיג איהם פון אָרט. הינטער אָט דעם אלמער האָט זיך פערקליבען דער „דאָמאָוויק״ און געלעבט זיך אויף זיין שטילען און זיכטבארען שטויגער,

געלעבט מיט די ייִדעס, געלעבט מיט די אייניקלאַך—אויפֿן פּיינסטען אָרט. איז אָבער אימיצען פון די איינוואוינער, מיט אַ יאָהר 60—70 צוריק איינגעפאלען אָבצורוקען דעם אלטער פון אָרט. ער האָט זיך פערטשעפעט מיט'ן „דאָמאָוויק“, וואָס האט ליעב צו לעבען זיך שטיל און בעהאלטען פון אויג, פונקט ווי עס האָבען געלעבט אונזערע עלטער־זיידעס און עלטער-באבעס, און, אזוי ווי זיי, האָט ער פיינד צו בייטען דירות און זוכען זיך נייע ווינקעלאַך.

מ'האָט פערטשעפעט דעם „דאָמאָוויק“ און ער איז שטאַרק ברוגז געוואָרען. האָט אָנגעהויבען צו ווארפען ציגעל, שטיינער און וואָס ער האט נאָר געפונען ארום זיך.

דער סוף איז געווען, אז די „בייזע“ מענשען, וואָס האָבען דעם פרידליכען „דאָמאָוויק“ ניט פערגונען זיין ווינקעלע, האָבען געמוזט אנטלויפען פון שרעק. און ניט בלויז זיי אליין, נאָר אלע שכנים פון מויער. און אָנשטאָט דעם איין ווינקעל, מיט וועלכען דער „דאָמאָוויק“ האָט זיך פריהער בענוגענט, קענינט ער איצט איבער דעם גאַנצען מויער, קענינט שוין דורות־לאנג. און וואגט נאָר אימיצער אריינצר שטעקען אין זיין „מלוכה“ דעם נאָז, פליהען גלייך ציגעל דעם „עזות פנים“ אין קאָפּ אריין...

מ'זאָגט, אז די פּאָליציי האט שוין ניט איין מאָל געמאכט אַ רעוויזיע אין דעם „דאָמאָוויק'ס“ מלוכה און האט פערזיכערט דעם עולם, אז דאָרט איז קיינער ניטאָ. נאָר עס העלפט נאָר נישט. ביז היינטיגען טאָג שטעהט דער מויער וויסט, פערשלאָגען די פענסטער, און קיינער וואגט ניט דאָרט צו נעהמען זיך אַ דירה.

אזא באבע־מעשה ווערט אָפט געשאפען ארום אַ שטוב, וואָס האט ניט קיין באלעבאָס, וואָס די יורשים משפט'ען זיך און קענען צווישען זיך ניט איינען, און צוליב דעם מוז די שטוב אַ לאנגע צייט שטעהן פוסט. עס טרעפט אויך, אז ס'ליגט גראָד אין איינעם'ס אינ־טערעסען, וואָס האט אַן אויג אויף דער שטוב, צו שאפען אזא מין שדים-לעגענדע ארום איהר, כדי ער זאָל זי קענען בעקומען. אמאָל טרעפט אויך, אז דאָ שפילט אַ ראָלע נקמה. ס'איז מעגליך אז איינע

פון די ראָזינע סבות האט בעשאפען די לעגענדע ארום דער ראָזינער חורבה. מ׳זאָגט, אז דער מאָהילעווער פּאָליצמייסטער, א פּאָליצמייסטער א אידעאליסט און א מוניציפּאלער רעפאָרמער, וואָס גלויבט ווענינער, ווי מאָהילעווער יודישע באלעבאטים, אין זאבאבאָנעס, האָט בעשלאָסען צו מאכען א סוף אָט צו דער נארישער מעשה און געהייסען רעמאָנטירען דעם מויער און מאכען פון איהם נייע וואוינונגען.

צו וועט אויספיהרען אָט דער מערקווירדיגער גוי מיטן „ראָמאָוויק״, אזוי ווי ער פיהרט אוים מיט די יודען, איז א פראגע. מאָהילעווער יודען זענען דערין שטארק מסופק. וואָרום—זאָגען זיי—דער „ראָמאָוויק״ איז ניט א „גאָש בראט״. ער איז א שווערער „בעל דבר״ און וועט אזוי גיך ניט לאָזען איינפיהרען קיין נייע פּאראָנדקעס...



# דבורה די „קהל׳שע רופערקע״.

אין אנדערע ערטער רופט מען זי גענוועהנליך: די „מעבר יבוק־ניצע״, אָדער די יודינע מיט׳ן „מענה לשון״. דאָס איז איינע פון די לעבעדיגע, וואָס לעבען פון טויטע. אין מאָהילעוו רופט מען זי די „קהל׳שע רופערקע״. די סאַמע אָריגינעלע פיליכט אין גאַנצען תחום איז געווען דבורה, די מאָהילעווער קהל׳שע רופערקע. מאָהילעווער יודען געדענקען זי נאָך גוט. דאָס איז געווען אַ יודינע—אַ דעמב. שטענדיג אין אַ קיטאַנקע, אָנגעטאָן אויף איין ארבעל, מיט׳ן „מענה לשון״ אָדער „מעבר יבוק״ אין איין האַנד, און דער אנדערער אַ רויטע שמרציגע נאָז־פאַציילקע מיט אַ פּושקע שמעק־טאַבאַק, איז זי געווען אויפ׳ן בית עולם אַ גאַנצע באַלעבאָסטע. מיט די מתים איז זי געווען „פּאַני־בראַט״. האָט געוואוסט יעדערנ׳ס ביאָגראַפיע אויף אויסווענינ. און דורך זיי זענען איהר שוין אויך געווען קלאָר די ביאָגראַפיעס פון זייערע לעבעדיגע קרובים, ביז אַ צעהנטען גליעד. די מתים-מאַנסביל פלעגט זי „אירצען״. פאַר זיי, איבערהויפּט פאַר די לומדים און פרומע יודען האָט זי געהאַט דרך ארץ. די מתים-ווייבער אָבער פלעגט זי „דוצען״ און, בכלל, זיי בעהאַנדעלט אָהן צערמאָניעס. געקומען אַ שטוינער אַ ווייבעל—אַ ביטער האַרץ צו דער מאַמען אויפ׳ן קבר: אַ קינד איז ביי איהר קראַנק. דבורה׳ן דאַרף מען נים דערצעהלען וואָס און ווען: זי האָט שוין געוואוסט, וואָס איז די חולאת און ווי אַזוי מ׳דאַרף ווירקען אויף די טויטע, זיי זאָלען מתפלל זיין. זי פלעגט נעהמען, אַזוי

צווּאָגען, די ווייבער—אי די לעבעדיגע, און די טויטע—מיט תקופות.

פריהער פון אַלץ פלעגט זי דריי מאָל אָנקלאַפּן אין דער מצבה, מיט דעם לשון: אַסנע, שטעה אויף! הערסט ניט? דבורה איז דאָ. איך זאָג דיר אָן, אז דיין טאָכטער חאַשע איז געקומען! איהר פוינעלע איז קראַנק. האָט אין העלזועלע... זאָלסטו גלייך געהן צום רבונו של עולם... ממליץ זיין! דערביי פלעגט זי אויסדערציילען אַלע מעלות פון איהר אייניקעל פוינעלען, און די צרות פון איהר טאָכטער חאַשע און איהר הייסען געהן, למען השם, תיכף, ניט וואַרטען אַ מינוט.

זי איז געווען אַ גרויסע רעדנערין אין "מענה-לשון-שפּראַך", איבערינגעם איז די לענג און די ווארימקייט פון איהרע טענות געווען אָבהענגיג פון דעם "האָנאָראַר", וואָס זי פלעגט בעקומען פאַר איהר פערמיטלעריי. מיט רייכערע קונדען איז זי געווען אַ סך העפליכער, פלעגט געהן מיט גוטען, אויסרעכענען די מעלות פון די לעבעדיגע און די טויטע. מיט אָרימערע פלעגט זי דאָס מאַכען קורץ, פלעגט מעהר בעפעהלען, ווי בעטען.

"דבורה די רופערין" האָט ליעב געהאַט אַ ביסעל בראַנפען. נאָר איהר ליעבע צום "ביטערן טראָפּען" האָט זיך אויסגעדריקט אויף אַ גאַנץ בעשיידענעם אופן. זי פלעגט יעדעס מאָל, געהענדיג פון איהר מתים-אַדוואָקאַטור, אריינגעהן אין שענק, טאַקע דאָ גופא, אויפ'ן ראָג בית עולם און נעהמען פאַר צוויי קאָפּיקעס אַ גלעזעלע בראַנפען און פאַר אַ קאָפּיקע אַ שטיקעל לעקאַך. טרינקען פלעגט זי ניט: פאַר אַ יודינע פאַסט ניט נעהמען גלאַט און זופּען בראַנפען. נאָר זי האָט געטונקען די לעקאַך אין די גלעזעל, ביז די גלעזעל איז געוואָרען טרוקען.

אמאָל אָבער, האָבען מאָהילעווער יונגע חברה איהר אָבגעטאָן אַ שפּיצעל: מ'האָט געהייסען געבען איהר פאַר איהרע צוויי קאָפּיקעס אַ גרעסערע גלעזעל, וואָס קאָסט פיער קאָפּיקעס. זי האָט אַזוי לאַנג געטונקען ביז דער פינגער איז געבליבען מיט די לעקאַך אין גלעזעל און די פיס האָבען זיך ניט געקענט הויבען פון אָרט. מ'האָט איהר געמוזט אָבפיהרען אַ היים.

# רוזשינאַער פאָלקס־העלדען.

איטליכס יודיש שטעדטיל האָט ביז דער לעצטער צייט געהאט זיינע פאָלקס-אידעאַליסטען, וואָס האָבען זיך אָבגעזאָגט פון זייער פערזענליכען לעבען און זיך אָבגעגעבען דער אָרימער יודישער מאסע. אין קיין שטעדטיל, זענען אָבער, דוכט זיך, אָט די העלדען פון פאָלק ניט געווען אזוי אָריגינעל, ווי אין רוזשינאָי. דעם פאָריגען דור האָט זיי רוזשינאָי געהאַט גאנצע דריי, וואָס האָבען אַלע געלעבט כמעט אין איין צייט. איינער האָט געהייסען דוד דער מלמד, דער צווייטער — לייבע וואש, די דריטע—הרסה.

און ניט אומזיסט האָט דער רוזשינאַיער יודישער וואָגען גע־דאַרפט דריי „גבורים", וואָס זאָלען איהם שלעפען. אין ערגיץ איז, דאַכט זיך, דער עלענד פון די מאסען ניט געווען אזוי גרויס, די קאָנט־ראַסטען צווישעןביידע זייטען „בריקעל" — אזוי שאַרף, ווי אין רוזשינאָי. פון איין זייט—נבירים, וואָס לעבען אין עושר און אין גדולה, וואָס זייער נבירעשאַפט, יחוס, תורה געהען איבער פון דור צו דור; פון דער אנדער זייט — אַ טעמפּער, דערשלאָגענער, אָבער ניט גאָר אומ־וויסענדער המון, וואָס פיהרט אַ לעבען פון שקלאַפען, אפשר נאָך ערגער פון דער שקלאַפעריי און לייב-אייגענטום, אין וועלכער עס האָבען געלעבט די ארומיגע פויערים ביי זייערע פריצים.

אין האַרצען פונ׳ם פאָלק האָט זיך דערום אָנגעקליבען פון דור

צו דוד א פערבאָרגענער, אָבער טיפער האָט צו יענע גליקליכע מיוחסים אויף יענער זייט בריקעל. דעריבער איז קיין וואונדער ניט, וואָס דער פּראָטעסט פון די יודישע וועבער האָט זיך דאָ ניט זעלטען אויסגעדריקט אין דער זעלבער פאָרם, אין וועלכער עס האָט זיך אויסגעגאָסען דער צאָרן פון די פּויערים־קנעכט געגען זייערע אונטערדריקער — זיך אויסגעגאָסען אין סטיכישע וואַלד־בונטען.

אָבער די פאָלקס־אידעאַליסטען דאָ, אין רוזשינאָי, זענען ניט געוועזען גלייך צו די פאָלקס־העלדען פון אַנדערע שטעדט. צווישען שמעון קאַפּטאַן און דבורה אסתר פון ווילנא, ר׳ נחום פון האראָדנע, מאיר דער שוסטער פון מינסק און דוד דעם מלמד פון רוזשינאָי איז געוועזען א גרויסער חלוק. יענע זענען געוועזען פּאַסיווע נאַטורען, גוטע הערצער, וואָס האָבען געפיהלט נור „צער״ און ניט „צאָרן״. אַנ־אַנדער מענש איז אָבער געוועזען דוד דער מלמד. ער איז געוועזען ניט בלויז א בעל־טובה, וואָס נעהמט ביים רייכען און גיט דעם אָרימען, נור א מין רעוואָלוציאָנער איז ער געוועזען. ער האָט מיט די גבירים געפיהרט אַנ׳אָפענעם קאַמפּף. אויף אַלע אסיפות פון די „פּני״, וואו מען האָט געהאַלטען עצות וועגען אָרימע־לייט, פלעגט אויסוואַקסען די צאָרנדיגע, בייזע פיגור פון דוד דעם מלמד און ער פלעגט ניט אַנדערש רופען די גבירים, ווי: „גראָבע בייכער״, „פּופּקעס־פרעסער״!

דוד איז געוועזען פריהער א מלמד. דערנאָך איז ער געוואָרען א מעקלער פון פּוהרען. א ווייב האָט ער געהאַט אַנ׳ארורה. נאָר ער האָט געדולדיג איבערגעטראָגען איהרע קללות און געטאָן זיינס. א קבצן איז ער געוועזען א גרויסער. ער פלעגט אליין אָבקומען מיט א טעלעריל קרופּניק, האָטש אין שטוב איז ביי איהם געוועזען „כל טוב״. ער פלעגט תמיד אומגעהן מיט א זאַק אויף די פּלייצעס, אָדער מיט א טאַפּ אונטערן אָרעם. ער האָט שוין געהאַט באַלעבאַטים און אפילו גבירים — מיט וועלכע ער האָט שטענדיג געפיהרט א קאַמפּף — וואָס פלעגען ׳ איהם פונדעסטוועגען אריינשיקען: ברויט, קאַרטאָפלעס, מעהל און אויך מזומן געלד. דאָס אַלץ האָט ער צוטיילט צווישען זיינע לייט: אַלטע, קראַנקע, אלמנות, יתומים, אָרימע כלות, קלויזניקעס.

עס איז ניט געווען קיין איין געבראָכען האַרץ, וואָס דוד מלמד האָט דערפון ניט געוואוסט. געטאָן האָט ער זיין ארביים שטיל. ער פלעגט אָנקומען פּלוצלונג, אריינוואַרפען די נדבה מיט געוואַלד און אנטלויפען. זיינע „געבער" האָבען ניט געוואוסט פון די „נעהמער" און איין קונד האָט ניט געוואוסט פון דעם אנדערן. אז דוד דער מלמד איז געשטאָרבען, האָט דער יודישער עולם — און דאָס איז געווען גאַנץ שטעטיל — מיט ערשטוינען דערזעהן, ווי צוזאַמען מיט זיי ציהען זיך פון די הינטער־געסלעך אויף דער לויה גויים, גוי'עס — אַלטע, יונגע, רייסען זיך צו דער מטה מיט קלאָגען און געוויין: „טאַטינקע אונזערער! שפּייזער אונזערער, אויף וועמען האָסטו אונז געלאָזען! וואָס וועלען מיר איצט טאָן אָהן דיר!"

עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז גאַנצע קריסטליכע אָרימע פאַמיליעס האָט דוד דער מלמד אויסגעהאַלטען, פּונקט אַזוי ווי די יודישע. זיין ברייט האַרץ, וואָס איז געווען פול מיט ליבע צו ליידענדע, האָט ניט געוואוסט קיין חלוק צווישען יוד און קריסט.

נאָך מעהר, ווי צו אַלעמען, איז גרויס געווען דוד דעם מלמד'ס ליבע צו אָרימע קינדער. די איצטיגע רוזשינאָיער תלמוד־תורה האָט ער אויפגעבוים. דאָס גרעסטע פערגניגען זיינס איז געווען — הערען ווי קינדער לערנען, פערברייננגען מיט זיי, קומען זיי צו הילף מיט וואָס ער האָט געקאָנט. צוואה האָט ער געלאָזט, אז מ'זאָל איהם מקבר זיין צווישען קינדער, און אז צוקאָפּענס זאָל מען איהם לעגען מיסט פון „תלמוד־תורה" און פון אנדערע חדרים.

---

הדסה איז געווען פונ'ם זעלבען מין, ווי די ווילנער דבורה אסתר. נאָר דבורה אסתר איז געווען אַ קינד פונ'ם פאָלק. און הדסה איז געווען פון באַלעבאַטישען קלאַס. געשטאַמט האָט זי פון רבנים. איהר פאָטער איז געווען רבי אליהו שיק, רב פון לידאָ, זאַנער און קאָברין. איהר מאַן איז געווען אַ רייכער סוחר. ער פלעגט זיצען יעהרליך אין מאָסקווע און קומען אַ היים אויף פסח. פון דעם געלד, וואָס ער פלעגט איהר שיקען אויף דער הוצאה, האָט זי געקאָנט לעבען, ווי

א גביר'טע. נאָר הדסה האָט איהר גאַנץ לעבען אָבגעלעבט אין איין קאַמעריל, איז געווען אויף זיך אַליין און איהר פאַמיליע אַ בעל חוצאה עטליכע גראָשען, געפאַסט תעניתים און אָבגעבען איהר פערמעגען בעדערפטיגע און קראַנקע. אַז איהר מאַן פלעגט קומען צופאָהרען איין מאָל אין יאָהר אַ היים, האָט ער נאָך געמוזט צאָהלען איהרע חובות.

נאָך איהר טויט האָט דאָס שטעדטיל בעשלאָסען: אַלע מיידלעך, וואָס וועלען געבאָרען ווערען אינ'ם זעלבען יאָהר, זאָל מען אַ נאָמען געבען נאָך איהר — „הדסה".

---

נאָך אָריגינעלער פון אָט די ביידע פאָלקס־אידעאַליסטען איז געווען דער דריטער — לייבע וואַש.

לייבע וואַש האָט אָנגעהערט צום גביר'ישען שטאַנד. ער איז געווען אַ זוהן פון אַ פאַבריקאַנט, „וואַש" איז געווען זיין צונאָמען. פערקירצט פון וואַרשוי, ווייל ער איז געווען אַ וואַרשויער איידעם, אָדער ווייל ער פלעגט פאָהרען אָפט קיין וואַרשוי.

דאָס איז געווען ניט אַזאַ פשוט'ע נאַטור, ווי דוד דער מלמד און הדסה. שטעדטילדיגע האָבען געזאָגט און זאָגען נאָך איצט, אַז פון נאַטור איז ער געווען ניט קיין גוטער, נאָר ער האָט זיך „איבערגעבראָכען". אין אמת'ן אָבער האָט ער געמוזט האָבען זעהר אַ צאַרט, פיהלענד הארץ, און ווען ער האָט ניט געקאָנט אַוועק אינגאַנצען צום פאָלק און לעבען פאַר איהם, אַזוי ווי דוד דער מלמד און הדסה, איז דאָס דערפאַר, וואָס אַ גוט הארץ איז דערצו ווענינ; מ'האָט געדאַרפט ברעכען מיט'ן איינגענעם קרייז, לאָזען טאַטע־מאַמען, ווייב און קינד. צו אַזאַ קאַמפף דאַרף מען מעהר ווי הארץ. עס איז נויטיג אַ גרויסע נשמה און אייזערנער מוט.

מיט זיין צאַרט, פיהלענד הארץ האָט לייבע וואַש ניט געקאָנט ניט בעמערקען דעם תהום צווישען ביידע זייטען בריקעל אין רוזשינאָי. ניט וויסענדיג קיין שום טעאָריעס, האָט ער דאָך פערשטאַנען, ווער עס האָט געשאַפען זיין רייכטום און ווער ס'איז שולדיג אין דעם גרויסען עלענד און נויט פון די טויזענדער אויף יענער זייט בריקעל. און אויב

ער האָט ניט געקאָנט ענדערן די אָרדנונג, וואָס ניט ער האָט געשאַפֿען, האָט ער בעשלאָסען: אליין ניט הנאה צו האָבען פון זיינע עשירות און אָבגעבען, וויפיעל ער האָט נור געקאָנט, די אָרימע-לייט.

און געבען פלעגט ער ניט פשוט נדבות, נאָר אָבגעבען אלץ פון זיך, און געבען בעהאַלטענערהייד, אז יענער זאָל ניט פערשעמט ווערען. ער פלעגט, למשל, שענקען כלומרשט יענעם א טאַבאַקערקע און אין טאַבאַקערקע, בעגראָבען אינ׳ם טאַבאַק, איז געלעגען א גאָלדענער האלב-אימפעריאַל, צי אַנ׳אימפעריאַל. געזעהן אַנ׳אָרימאַן אין א צוריסענעם בגד, האָט ער אראָבגענומען פון זיך זיין נייעם און אבוועגגעבען. כדי ס׳זאָל אָבער ניט הייסען א נדבה און דער אָרימאַן זאָל ניט פערשעמט ווערען, פלעגט ער דעם בגד „פערקויפען״, ס׳הייסט: ער האָט איהם אוועקגעגעבען פאַר עטליכע גילדען, — דאָס וואָס איהם האָט געקאָסט צעהנדליגע רובלס. אָט אזוי פלעגט ער זיך שטענדיג מאַכען נייע מלבושים און „פערשאַכערן״ זיי אָרימע-לייט. ער האָט אפילו געוואָלט אָבגעבען זיינעם א זוהן פאַר א רעקרוט, כדי, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, „דאָס זאָל זיין א נחמה פאַר אָרימע-לייט״.

אָט די דריי גרויסע פאָלקס-פריינד זענען שוין טויט צעהנדליגע יאָהר: נאָר רוזשינאָיער יודען געדענקען זייערע העלדען און רעדען וועגען זיי מיט דער ווארימסטער ליעבע און בעגייסטערונג, גלייך ווי זיי וואָלטען זיך ערשט נעכטען מיט זיי געשיידט.

דעם נאָמען פון יעדען איינעם האָבען זיי פעראייביגט אין צדקה-חברות. אויפ׳ן בית-עולם האָט מען זיי אלעמען די שענסטע ערטער געגעבען און פיינע מויערלעך געשטעלט. און ווי נור א לייד, צי א קרענק, קומען די רוזשינאָיער יודען און יודענעס צו זייערע גוטע פריינד אויפ׳ן בית-עולם, ניסען פאַר זיי אויס זייער האַרץ און בעטען: „זיי זאָלען זיין גוטע מליצים פאַר זיי״.

# רבי נחום,

(א האָראדנער פאָלקס־פריינד).

---

ווען איהר בעזוכט גראָדנא און שמועסט מיט האָראָדנער יודען וועגען אמאָליגע יאָהרען, אמאָליגע יודען, הערט איהר אויף אַלעמענס ליפּען זעהר אָפט דעם נאָמען „רבי נחום״.

רבי נחום איז איינער פון די שענסטע יודען, וואָס גראָדנא האָט ווען עס איז פערמאָגט. זיין נאָמען איז ארומגערינגעלט מיט א קראַנץ פון לעגענדען ניט בלויז אין גראָדנא, וואו רבי נחום האָט געלעבט און געווירקט, נאָר אויך אין גאַנץ ליטא.

דער יאָהר, ווען אָט די שורות זענען געשריבען, איז דער דריי־סיגסטער יאָהרצייט נאָך רבי נחום׳ס טויט. דרייסיג יאָהר! דאָס איז מעהר ווי א מענשענס דור! און דאָך איז צו בעוואונדערן, ווי דאָס אנדענקען פון אָט דער זעלטענער פערזענליכקייט לעבט אין די הערצער פון די גראָדנער יודען. ניט בלויז אלטע יודען געדענקען איהם גוט, נאָר אפילו מיטעלע מענשען, וואָס זענען ביי רבי נחום׳ס לעבען נאָך קינדער געווען, האָבען איהם דערהאַלטען אזוי פריש אין זכרון, ווי ער וואָלט ערשט נעכטען געשטאָרבען.

רבי נחום איז געווען א מענש פון דער מאַסע, א געסוויזשער קוימענקערערס און איידעם. אליין איז ער געווען דעם גאַנצען לעבען א שמש אין א גראָדנער שוהל. ער איז געווען א בעל תורה, אָבער קיין גרויסער מופלג איז ער ניט געווען: א קאָפּ האָט ער געהאַט אשווערען. נאָר א גרויסער מתמיד איז ער געווען. א חוץ זיינע שמשות, פלעגט

ער זאָגען אַלע טאָג פינף שעורים פאַר'ן המון און פאַר קלויזניקעס. — פון משניות, „עין־יעקב", מדרש, „חיי אדם" א. ד. גל. נאָך דאָס אַלעס איז ניט געווען זיין עיקר-בעשעפטיגונג. זיין הויפּט־אַרבייט האָט זיך אָנגעפאַנגען נאָך מעריב און האָט זיך געענדיגט איינס אַ זייגער ביי נאַכט.

אָט די גאַנצע צייט איז ער געווען אויף זיינע פיס. ער איז אומגעגאַנגען איבער די אכסניות און די האָטעלען און וויזיטען צו אורחים. די וויזיטען זענען געווען ניט קיין אומזיסטע. רבי נחום איז געווען אַ גרויסער בעל הוצאה, ער האָט אויסגעגעבען דריי־פיער הונדערט רובל אַ וואָך. זיין „געזינד" איז געווען אַ גרויסע — אַלע נראָדנער אָרימע לייט. רבי נחום האָט געגעבען אַלעמען און אויף אַלץ — וואָס נאָר אַן אָרימאַן האָט נויטיג געהאַט. און ניט בלויז אָרימע לייט האָט ער געגעבען. ער האָט אויסגעהאָלפען געפאַלענע באַלעבאַטים, אַלמנות, יתומים, קלויזניקעס, אָרימע כלות, און אַלע בעדערפטיגע. רבי נחום האָט ניט בלויז געגעבען צדקה. ער איז געווען אַ טאַטע, אַ ברודער פון די אַלע עלענדע און געדריקטע, מיט וועמען ער האָט געהאַט צו טאָן. מ'האָט איהם ניט געדאַרפט בעטען, ניט געדאַרפט זאָגען: וואָס און וועמען עס פעהלט. ער האָט שוין אַליין געוואוסט. ער איז ביי אימליכען פון זיינע קונדען געווען אַ בן בית.

גענומען האָט רבי נחום נאָר פון אורחים. שטאָדטיגע האָט ער ניט אָנגעריהרט. שטאָדטיגע, האָט ער געזאָגט, גיבען גענוג. אַזוי ווי דוד דער מלמד פון רוזשינאָי, האָט אויך רבי נחום קיין אונטערשיעד ניט געמאַכט צווישען יודען און גוים. יודען האָבען וועניג געוואוסט, אַז ער האָט אויך גויאישע קונדען. נאָר ביי זיין לויה האָט מען מיט בעוואונדערונג געזעהן, ווי צעהנדליגע אָרימע קריסטען זענען געקומען מיט ווייב און קינד, צוגעפאַלען צום טויטען און האָבען ביטער געוויינט צוגלייך מיט די יודען. אַ מערקווירדיגען צופאַל דערצעהלען גראָדנער יודען פון רבי נחום'ען און אַ גוי — אַ זשאַנדאַר. ביי דעם זשאַנדאַר איז קראַנק געוואָרען אַ קינד. דאָקטוירים האָבען אָבגעזאָגט. איז גע־קומען דער זשאַנדאַר מיט זיין ווייב צו רבי נחום'ען, געפאַלען איהם צו

די פיס און געווינס, געבעטען, אז דער "ראבינ'" זאל העלפען, ער מוז העלפען. רבי נחום איז געווען אין א גרויסער פערלעגענהייט. די ראלע פון א "צדיק", האט ער קיינמאל נים געשפילט. אבער אויפ'ן נוי האט איהם וועה געטאן דאס הארץ. פון אנהויב האט ער פראטעסטירט, נאר ווען די גויים זענען נים אבגעטראטען, געווינט פאר איהם, האט ער אומגעביטען דעם טאן. ער האט זיי געהייסען געהן א היים און געטרייסט זיי, אז דאס קינד וועט לעבען און זיין געזונד.

אז די גוים זענען אוועק, האט ער אויפגעהויבען די הענד צום הימעל און געזאגט: רבונו של עולם! דו האסט אויף דיין וועלט אזוי פיל גויים — טו זאל זיין נאך איינער. אין א פאר וואכען ארום, — דער־צעהלען גראדנער יודען — איז געקומען דער זשאנדאר צו רבי נחום'ען און האט אנגעבראכט קארטאפליעס, ציבעלעס, היהנער און הענער. ער האט אבגעדאנקט דעם "ראבינ'". זיין זוהן איז געזונד געווארען.

רבי נחום האט נים געוואלט מאכען די וועלט פרום. צו יודען, צו גויים, צו פרומע, צו פרייע, האט ער זיך בעצווינגען מיט דערזעלבער גוטמוטינקייט. אמאל, דערצעהלט מיר דער גראדנער ראבינער, זענען מיר געזעסען, א קאמפאניע יונגע לייט — דאס איז געווען מיט עטליכע און דרייסיג יאהר צוריק. מיר האבען נאר וואס געענדיגט ראבינער־שול. זיצען מיר אזוי אמאל, אין אוענד, ביי איינעם פון אונזערע חברים, און שפילען אין קארטען. אין מיטען עפענט זיך די טיר און רבי נחום קומט אריין. מיר האבען זיך דערשראקען. יעדער פון אונז האט צונעכאפט זיינע קארטען און געוואלט בעהאלטען. רבי נחום איז צוגעגאנגען גלייך צום ספאדיק מיט די קארטען-געלד און זאגט צו אונז: נישט קשה, קינדערלעך, שפילט אייך. דער אויבערשטער זאל אייך מצליח זיין. נאר מיר גיט אוועק דעם געווינס. דערביי האט ער ארונטער־געשאטען צו זיך אין בייטעלע דאס קארטען־געלד. יעדע־רער האט נאך עפעס צוגעלעגט פון קעשענע, און רבי נחום איז אוועק מיט דעם זעלבען שמייכעל.

זעהר כאראקטעריסטיש פאר רבי נחום'ס פערזענליכקייט איז פאלגענדע מעשה, וואס אלע גראדנער דערצעהלען.

די מעשה איז זעהר עתּליך צו א לעגענדע, זי איז אָבער, לויט ווי איך האָב געגוי אונטערזוכט, א ווירקליכער פאַקט. רבי נחום האָט געהאַט פאַר גראָדנער יודישע קרעמער די עובדה פון א שבת־זייגער. אלע פרייטאָג פאַר נאַכט פלעגט ער געהן איבער די קראָמען און דערמאָהנען דעם עולם: שבת, שבת, יודען! וואו מ׳האָט גלייך ניט געפאָלגט, פלעגט ער צומאַכען א טירעל פון קראָם און געהן ווייטער.

אין גראָדנא איז געווען איינער, א געוויסער פרידבערג — א שטאַרטינער עזות־פּנים, א שטיקעל אדוואָקאַט און א שטיקעל מוסר, פאַר וועלכען אלע האָבען מורא געהאַט. בשעת רבי נחום איז דורכגעגאַנגען אמאָל צווישען די קראָמען און אָנגעזאָגט אויף זיין שטויגער: שבת, שבת! איז גראָד אין א קראָם, וואו רבי נחום האָט פּ׳ערמאַכט די טירעל, געשטאַנ׳ען דער דאָזיגער פרידבערג. ער האָט זיך אלאָז געטאָן צום אלטען שמש, גענומען איהם זידלען, און דער־לאַנגט איהם א פּאַטש. אנדערע זאָגען, אז ער האָט איהם אראָפּגע־וואָרפען פון די טרעפּלעך. אין איין מאָמענט האָט זיך אויפגעקליבען לעבען קראָם א גרויסער עולם מענשען און מ׳האָט דעם עזות־פּנים ממש געוואָלט צערייסען, ווי א הערינג. נור רבי נחום האָט ניט געלאָזען איהם אָנריהרען. „גישט קשה, נישט קשה, האָט ער זיך ביי זיי געבעטען. דאָס איז מסתמא פון גאָט!" גאָט האָט אזוי געוואָלט! טשעפּעט איהם ניט. דער עולם איז זיך פערגאַנדערגעגאַנגען.

אין א האלב יאָהר ארום האָט זיך דער כאָדאַטאַי פערדרעהט מיט א פאַלשען וועקסעל אויף א פּריץ. מ׳האָט איהם אריינגעזעצט אין טורמע, און רבי נחום האָט זיין ווייב אין קינדער אויסגעהאַלטען מיט דער הוצאה צוויי יאָהר נאָכאַנאַנד.

אז פרידבערג איז ארויס פון אסטראָג, איז ער גלייך אוועק צו רבי נחום׳ען, איז איהם געפאַלען צו די פיס, און איהם געבעטען מחילה. נאָך דעם איז ער געוואָרען אן אנדער מענש.

רבי נחום׳ס בילד הענגט ביי יעדען יודען, אין גראָדנא, אויפ׳ן וואַנד. אויף מיין פראַגע: ווי קומט עס, אז אזא ייד, ווי רבי נחום, זאָל זיך מיט דרייסיג—פערציג יאָהר צוריק, לאָזען פאָטאָגראַפירען?

— האָט מען מיר ערקלערט, אז די מעשה איז טאַקע ניט גלאַט. רבי נחום האָט פאַר קיין פאַל ניט געוואָלט זיך לאָזן פאָטאָגראַפירען. דאַן זענען די, וואָס האָבען געוואָלט ארונטערנעהמען זיין בילד, גע־פאַלען אויף אַ המצאה. זיי האָבען איהם אַ נידערגעלעגט דריי הונדערט קאַרבען, נאַטירליך, אויף צדקה. רבי נחום איז ווייכער געוואָרען. אויב אזוי, זאָגט ער, איז שוין עפּעס אנדערש. און ער האָט זיך געלאָזט פיהרען צום פאָטאָגראַפער. די יודען — זאָגט'מען — וואָס האָבען איהם געלאָזט פאָטאָגראַפירען, האָבען פון זיין בילד פערדינט עטליכע טויזענד רובל. דערפון זעהט מען, ווי פּאָפּולער רבי נחום איז געווען אין פאָלק. ס'איז איבריג צו דערצעהלען, אז בשעת רבי נחום איז געשטאָרבען האָט גאַנץ שטאָדט געטרויערט. הספדים האָט מען איבער איהם געמאַכט אין גאַנץ ליטא.

אין דעם טאָג פון רבי נחום'ס לויה האָט מען נעמאַכט אַן אויספערקויף אויף זיין לייוועגטענעם בייטעל, אויף אלע זיינע ספרים און חפצים. דאָס בייטעל האָט געקויפט פאַר אַ שטיק געלד דער טאַבאַק־פאַבריקאַנט שערעשעווסקי. פון דאָס אלעס, מיט נדבות דערצו, איז געוואָרען עטליכע טויזענד רובל, מיט וועלכע מ'האָט פערזאָרגט דעם פערשטאָרבענעם'ס פאַמיליע, וואָס האָט פאַר רבי נחום'ס לעבען געליטען דחקות צוזאַמען מיט איהם.

# מאיר דער שוסטער, און מיכל דער ציגאַרען־מאַכער.

(פון מינסקער טיפען־גאַלעריי).

---

ווער האָט ניט געקענט אין מינסק מאיר דעם שוסטער? ווער האָט ניט געזעהען אומהאָוועַנדיג, אומשווימענדיג זיין נידעריגע, דאַרע פיגור, שטענדיג מיט אַ טאָפּ אונטערן האַנד, אָדער אַנ׳אָנגעפּאַקטען זאַק אויף די פּלייצעס?

אין טאָפּ, אָדער אין זאַק, האָט איהר געקאָנט געפינען כל טוב: הענער, היהנער, פלייש, בולקעס, לעבלעך ברויט, און גאַנץ אָפט טאַקע אויך פלעשלעך ווייז. איהר האָט געקאָנט געפינען אָפט אין די זעק מלבושים אלערליי: טייטקעס, ארבע כנפות׳ען, קאַפּאָטעס און קאַפּאָטקעס, העמדער, קאַפּטלאַך, היטלען און אַז. וו. אויסער שוכ־וואַרג.

שוכוואַרג פלעגט מאיר אַליין נייהען. לעדער פלעגען שוין געבען די לעדער־קרעמער, אָדער אנדערע באַלעבאַטים; נייהען פלעגט ער אַליין.

ביי זיין בענקעל פלעגט מאיר זיצען נאָר אין אָוענד, אָדער גאַנץ פריה, פאַר טאָג. ביי טאָג איז קיין צייט ניט געוועזן: ביי טאָג האָט מאיר געדאַרפט מאַכען „וויזיטען״.

ביי מאיר דעם שוסטער איז געוועזן אַ בערזע, אַזוי ווי ביי אַ רב

---

און ביי א דאָקטאָר „להבדיל". וואו עס איז נאָר געווען א קלאָגעדיגע הארץ, א צרה, א חלנית, איז מען געגאנגען צו מאיר׳ן, און מאיר האָט פאר איטליכען געטאָן, וואָס ער האָט געקאָנט.

נאָר מאיר דער שוסטער האָט ניט געוואָרט ביז מ׳וועט קומען צו איהם. ער האָט שוין אליין געוואוסט וועמען און וואָס. אנ׳אָרימע כלה, א קינפעטאָרין, א קלויזניק, א חולה, א געפאלענער באלעבאָס, אָדער א פשוט׳ער אָרימאן — דאָס זענען אלע געווען מאיר דעם שוסטער׳ס לייט, און פאר זיי האָט ער דעם גאנצען טאָג געהאָרעוועט, געשמייעט, דאָ גענומען, דעם געבראַכט, אויסגעהערט יעדענס צרה און קלאָג, פאר אלעמען געהאט א גוט וואָרט, געטרייסט און אָנגעזאָגט: למען השם, מ׳זאָל ניט דאגה׳ן; דער אויבערשטער וועט ניט פאר־לאָזען.

מאיר דער שוסטער איז געווען זעהר א קלוגער יודעל און תמיד פרעהליך. אין זיין „עסק" האָט ער געהאט צו טאָן מיט אלערליי סאָרטען מענשען; ער האָט געוואוסט אלערליי כאראקטערען; די גאנצע שטאָדט איז ביי איהם געווען אויף די פינגער — נאָר קיין שלעכטע זענען ביי איהם ניט געווען. ער האָט תמיד געפונען אויף יעדען איינעם א זכות, יעדען געאורטיילט פון דער גוטער זייט. אין כעס איז ער קיינמאָל ניט געווען. האָט איהם עמיצער אָנגעטראָטען, האָט ער איהם געענטפערט מיט א וויץ און א געלעכטער, און, דאָס רוב, איז שוין יענער, וואָס האָט איהם אָנגעטראָטען — שפעטער, אָדער פריהער, געקומען איהם איבערבעטען מיט א שענער נדבה.

פאר זיך אליין האָט מאיר דער שוסטער וועניג געדאַרפט. מ׳שטיינס געזאָגט: אין דער פריה נאָכ׳ן דאווענען א טעלער׳ל קרופניק, אָדער א שיסעלע באָב, און ביי טאָג צו וואָרעמעס ווידער א טעלער׳ל קרופניק און א דראָבעשקע דערצו. נאָר פאר וואָרעמעס איז געווען זיין שטייגער נעהמען ביי פסח דעם שענקער, וואָס אנטקעגען שניי־דער׳שער שול, א טרונק בראָנפען פאר צוויי קאָפּיקעס.

אין א שענק מאכט זיך, פערשטעהט זיך, אלערליי צייטען: א מאָל איז דאָ א פאטענט, א מאָל נישאָ קיין פאטענט. אז מאיר

פלעגט זעהן, אז ביי פסח דעם שענקער איז פלוצלונג געלם געוואָרען פון איבערן מיר די שווארצע בלעכעל מיט די געלע רוסישע אותיות, האָט ער ניט געקוקט אויף די אלטע פריינדשאפט צווישען איהם און פסח'ן, און איז אוועק אנטקעגען צו נחום בער'ן.

אז די בלעכעל איז ווידער אָנגעטשעפעט געוואָרען, איז מאיר ווידער געקומען צו פסח'ן. געוועהנליך האָט איהם חנה די שענקערקע מקבל פנים געווען מיט גרויס שמחה:

— רבי מאיר, אי, ס'ארא גאסט! וואָס איז דאָס געווען מיט אייך, רבי מאיר, פאר וואָס האָט איהר אונז פערלאָזען?

האָט רבי מאיר געענטפערט קורץ.

— מ'מאָר ניט: „דינאָ דמלכותא דינאָ". מאיר איז אָבער געווען שטרענג בלויז צו זיך אליין. יענעם האָט ער קיינמאָל ניט בעשולדיגט, למאי ער האנדעלט אָהן א פאטענט, אָדער פערקויפט ציגארען אָהן א באנדעראָל.

— א רחמנות נעביך, האָט ער תמיד געזאָגט אין אזא פאל, שווער קומט אָן א יודען די פרנסה, שווער, מיט מסירת נפש.

---

אז מאיר פלעגט אריינלויפען צו פסח דעם שענקער פרייטאָג פאר נאכט, נאָך שקיעת החמה, און די ליכט זענען געווען נאָך ניט אָנגעצונדען, פלעגט חנה זיך דערשרעקען פאר איהם, כאפּען אויף גיך די ליכט, אריינשטעקען אין די לייכטער, און שטאמלען מיט א זיפץ:

— רבי מאיר, זייט מוחל, רבי מאיר... אך־אָך, אָ! גאָט זאָל ניט שטראָפען פאר די זינד: מ'איז, ווי דער רשע אין גיהנום, אוי, אז אָך און וועה צו מיר ניט, אומעטום שוין אָבגעבענשט ליכט, און ביי מיר...

נאָר מאיר פלעגט איהר בערוהיגען:

— נישט קשה, נישט קשה, חנה, זייט רוהיג, דער אויבערשטער וועט מוחל זיין. א יוד מוז האָבען פרנסה, וואָס זאָל מען טאָן? גאָט קוקט ניט אויף די ליכט, גאָט זעהט דאָס הארץ. מ'טוט ניט פון וואוילטאָג... אז איך זעה, ווי דאָרטען, ביי די גביר'טעס אין די הייזער

צינדם מען אָן פריה די ליכט און מ׳שמעלט זיי אַרויס צום גאַס אין די פענסטער, כדי דער עולם זאָל זעהן, אז זיי זענען פרום, בין איך, זאָג איך אייך, אמת אין כעס. נישט קשה, זיי, די גביר׳טעס, קומט אָן גרינג דאָס לעבען, זיי טוען גאָרנישט, קענען זיי דערוויזען. וואָס זאָל אָבער טאָן אַנ׳אָרימע יודענע, וואָס דאַרף מפרנס זיין איהרע פיצלעך קינדער, העלפען דעם מאַן האָרעווען?

— האָט דיר גאָט געהאָלפען, אז דו קענסט אָנצינדען די ליכט פריהער, וואָס דאַרפסטו אַרויסוויזען זיך דערמיט אין גאַס? וואָס דאַרפסטו אָבעסען אָרימע ווייבער נעבעך דאָס האַרץ? אודאי וואָלטען זיי אויך וועלען אָנגעהמען פריהער דעם שבת, פאַר וואָס ניט? איך זאָג אייך, אז איך זעה ווי פרייטאָג פאַר נאַכט, ווייבער לויפען נעבעך אַ היים מיט די קאָשיקעס פון מאַרק, און איך טו אַ קוק דאָרטען אין די פענסטער — בין איך אמת אין כעס: אַזוי פלעגט מאיר טרייסטען חנה די שענקערקע.

מאיר דער שוסטער האָט געהאַט די צווייטע ווייב, איינע איז ביי איהם געשטאָרבען. די אַנדער ווייב איז געווען זעהר ניט צופרידען פון מאיר׳ס „עסקים״. זי האָט געהאַנדעלט אין מאַרק, פאַרקויפט גענז, און מ׳האָט איהר גערופען: לאה די גענזערקע.

מאיר האָט חלילה איהרע ניט פערנומען. אז ער פלעגט אַרומ־לאַטען אַלע קלויזניקעס און אַלע גרויסע און קליינע קבצנים, פלעגט ער זיך ערשט נעהמען לאַטען אויף דאָס ניי פאַר זיך אַליין, צו מאַכען זיין הוצאה. נאָך זיין חשבון איז אַ צוויי גילדען אַ טאָג געווען די והותר פאַר איהם מיט זיין זקנה. די ווייב אָבער איז דערמיט גאָר ניט צופרידען געווען, זי פלעגט איהם טאָטשען און שילטען, און מאיר פלעגט זיך אַרויס־מאַכען מיט אַ גלייכוואָרט, און געטאָן זיינס.

מאיר דער שוסטער האָט געוואוינט אין שניידערשער שול, אונטען אין קעלער. אז די שניידערשע שול האָט אָבגעברענט און מאיר איז אַרויס „נקי״, ווי ער שטעהט און געהט, איז שוין די ווייב געוואָרען שטאַרק ברוגז:

— דו קומסט מיר מזונות, האָט זי גע׳טענה׳ט, גיב מיר מזונות,

איך קען ביי דיר מאָהנען על פּי דין.

מאיר האָט געוואוסט, אַז זיין ווייב האָט בעהאַלטען אין איהרע קניפּלעך אַביסעל געלט: „על כל צרה שלא תבוא".

— איך וועל דיר געבען מזונות, האָט ער געזאָגט, אָבער איך מוז דאָך האָבען אַנ׳אָרט וואו צו ארבייטען; ווי קען איך פּערדיענען אַ גראָשען מיט היילע פינף פינגער?

און ער האָט געבעטען, זי זאָל איהם אויסלייהען עטליכע רובל אויף אַ דירה, אַביסעל באַלעבאַטישקייט און געצייג.

— אַ קדחת! האָט זי געענטפערט קורץ און שאַרף. און האָט געשיקט רופען איהר מאַן צו רבי משה ליב׳ען — דעם רב.

רבי משה ליב האָט אויסגעהערט ביידענס טענות, און האָט געגעבען ביידען גערעכט.

— על פּי דין און על פּי יושר מוז ער דיך מפרנס זיין, האָט זיך אָבגערופען דער רב צו לאה די געגנזערקע. אָבער ער זאָגט זיך דאָך ניט אָב. ער וויל האָרעווען, ער בעט נאָר זאָלסט איהם אויסלייהען אַביסעל געלד אויף אַ דירה, באַלעבאַטישקייט און אַביסעל געצייג, דאָס איז ניט קיין עולה.

— איהר זיים ביידע ליידאַקעס, האָב איך אַ שוואַרץ יאָהר! האָט אַ שפּיי געטאָן לאה די געגנזערקע, און איז אוועק.

זי איז אוועק צו איהרע קינדער פון ערשטען מאַן, און מאיר דער שוסטער איז אוועק צו זיין זוהן הענדעל דעם שוסטער, פון זיין ערשטער ווייב.

הענדיל דער שוסטער האָט געשטעלט נאָך אַ בענקעל אין זיין מאַסטערסקאַיע פאַר׳ן טאַטען. און מאיר האָט זיך גענומען אויף דאָס נייע לאַטען זיינע קלויזניקעס.

הענדיל איז געוועזן ניט פּשוט אַנ׳ערליכער יוד, נאָר אַ מוראַ־דיג־פּאַרפּרוטטער. ער האָט געאַרבייט ביי זיין בענקעל מיט זיינע איינגענע זיהן. דער עלטערער בחור זיינער איז געוועזן אַ הייגטוועלטיגער — אַנ׳,,אַריסטאָקראַט".

ער פלעגט זיך וואשען מיט זייף און פּוצען די שטיוועל אום שבת.

דערפאַר פלעגט זיין צווישען טאַטען און זוהן גרויסע מחלוקת.

מאיר פלעגט דאָס ניט קענען צוזעהן. ער פלעגט אָברופען העגדלען אָן אַ זייט און מוסר'ן איהם שטילערהייד:

— לאָז צורוה דעם בחור, וואָס אָסטו צו איהם „כל ישראל יש להם חלק לעולם הבאָ", און יפתח בדורו כשמואל בדורו (אַלע יודען האָבען אַ חלק עולם הבא און יפתח אין זיין דור איז ווי שמואל אין זיין דור) אַז מיר וואָלטען היינט געווען יונגע בחורים, וואָלטען מיר אויך ניט געווען בעסער. לאָז איהם צורוה, זאָג איך דיר...

אַז מ'האָט מאיר דעם שוסטער דערצעהלט אויף עמיצען חטאים: דער איז ניט פרום, יענער דאַווענט ניט, אָדער עסט אומגעוואַשען, איז ער געווען אמת אין כעס.

— רעדט נים אויף אַ יודען, רעדט נים, האָט ער זיך געבייזערט. מ'ווייס גאָרניט מיט וואָס אַ יוד קויפט זיך עולם הבאָ. „פושעי ישראל מלאים מצות כרמון"—די זינדיגסטע יודען זענען פול מיט מצות ווי אַ מילגראָם.

נעשלאָפען האָט מאיר דער שוסטער זעהר וועניג. די צייט, וואָס איז איהם געבליעבען פון זיין האָווען אַרום זיינע קבצנים און לאַטען זיי — איז ער געזעסען אין שניידערשער שול און האָט געלערנט.

---

מאיר איז געווען זעהר חשוב ביי אַלע גבירים. ער האָט זיי אָבער ניט געקענט ליידען פאַר זייער חוצפּה און גאווה. ער פלעגט געהן, ראָס רוב, בלויז צו פּשוט'ע באַלעבאַטים. נאָר אַז די אויסערסטע נויט האָט איהם געטריבען, איז ער געגאַנגען צו זיי, צו די גבירים.

פורים איז שוין געווען אַ מנהג, אַז מאיר דער שוסטער האָט געשיקט אַלע גבירים „שלח מנות".

די „שלח מנות" פלעגט ער אָוועקטראָגען אַליין: אַ גרויסען צינערנעם טעלער, אַרומגעדרעהט מיט אַ רויטע פאַטשיילקע.

— מאיר דער שוסטער האָט אייך געשיקט „שלח מנות",— פלעגט ער ראַפּאָרטעווען, אַריינקריכענדיג מיט זיינע „שמיוואַלעס" צום גביר גלייך אין עסענ־שטוב, וואו מ'איז געזעסען ביי דער סעודה.

דער גביר האָט ביי מאיר'ן צוגענומען דעם טעלער, אויפגעהויבען די רויטע פאַטשיילקע און דער גאַנצער עולם האָט אויסגעשאָסען אין אַ געלעכטער.

די „שלח מנות" איז געווען אַ פולע טעלער מיט באָב.

אַז דער גביר האָט צוגענומען דעם „שלח מנות" האָט ער געמוזט אוועקלעגען צוריק אויפ'ן טעלער „מתנות לאביונים": ווער אַ קאָרב, ווער צוויי, ווער דריי, און ווער אַ גאַנצע פינפעריל.

פון מאיר דעם שוסטער'ס „שלח מנות" האָבען צעהנדלינגע אָרימע לייט געהאַט אויף מצה און אויף כוסות און אנדערע פסח'דיגע זאַכען.

---

ביי אַ סך באַלעבאַטים איז געווען צוגעשלאָגען צווישען אַנדערע צדקה־פושקעס, אויך מאיר דעם שוסטערס פושקע. פון איין זייט איז געווען אַ פושקע מיט אַ צעטעלע „רבי מאיר בעל הנס" און פון דער אַנדערער זייט אַ פושקע מיט אַ צעטעלע „רבי מאיר דער שוסטער".

מאיר איז שוין געגאַנגען גלייך צו זיין פושקע, אָבגעשלאָסען מיט זיין שליסעלע און אַרויסגענומען די קליינגעלד.

אַלע טאָג, בין מנחה למעריב, איז מאיר דער שוסטער געשטאַנען אויפ'ן ראָג יאַטקע גאַס אין אַלטען מאַרק מיט זיין גרויסער קופערנער פושקע און דער עולם פלעגט וואַרפען גראָשענס, קאָפּיקעס און ניט זעלטען צעהנערס. אַלע פלעגען וואַרפען — ווער ס'עס פלעגט נאָר געהן אויפ'ן מאַרק און פון מאַרק, אין שול און פון שול.

---

געשטאָרבען איז מאיר דער שוסטער במעט נעהענדיג, ווען געטאָן האָט איהם גאָרנישט: ער האָט נאָר ניט געקאָנט הויבען זיך פון בעט. דאָס האָט איהם שטאַרק פערדראָסען, אַז ער איז אָבגעלעגען אין בעט עטליכע טעג און האָט זיך אויסגערוהט, האָט ער געבעטען דעם זוהן, ער זאָל איהם העלפען אַ ראָב פון בעט. דער זוהן האָט איהם געהאָלפען און ער איז אַראָבגעקראָכען און אומגעגאַנגען עטליכע מאָל איבערן שטוב. ער איז געווען זעהר צופריעדען. ער האָט געוואוסט,

אז ער טאָר ניט לינען, מאיר דער שוסטער טאָר ניט לינען: עס וואַרטען דאָך אויף איהם „זיינע לייט״, ער מוז געהן...

אָבער מאיר דער שוסטער איז שוין מעהר ניט געגאַנגען... ער האָט ניט געטאָרט אראָבגעהן פון בעט. די דאָקטוירים האָבען זיך אויף איהם שטאַרק געבייזערט.

אין צוויי טעג אַרום איז מאיר דער שוסטער געשטאָרבען.

די וואָס געדענקען זיין לויה זאָגען, אַז אַזא לויה האָט נאָך קיין רב ניט געהאַט, זינט די שטאָדט איז אַ שטאָדט. אַלע קראָמען זענען געווען צוגעמאַכט. אין די גאַסען איז געווען אַ חורבן. אויפ׳ן בית עולם האָבען איהם מספיד געווען די גרעסטע רבנים, אַ קינד אין וויעג איז ניט געבליעבען. אַ גאַנצע וואָך האָט מען אין אַלע שולען, בין מנחה למעריב, הספדים געמאַכט, און דער עולם האָט ניט אויפגעהערט צו גיסען טרערען — אמת׳ע טרערען.

---

מאיר דעם שוסטערס פּושקעס זענען געבליבען אין די הייזער אויך נאָך זיין טויט. די גרויסע פּושקע, די קופּערנע, איז אויך געבליבען. און דער ראָג פון יאַטקע־גאַס און אַלטען מאַרק איז אויך געבליבען.

דעם ערשטען פרייטאָג נאָך מאיר דעם שוסטערס טויט האָט דער בלינדער האַראָרנער מגיד אוועקגעשטעלט אויפ׳ן ראָג מיכל דעם ציגאַרען־מאַכער. איז אַליין געשטאַנען לעבען איהם, האָט געזאָגט דעם עולם: ניט אַ העַר אין פּושקע, יודען, ניט רבי מיכלען, אַזוי ווי איהר האָט געגעבען רבי מאירן — זכר צדיק לברכה. איך זאָג עדות, אַז רבי מיכל איז אַנ׳ערליכער יוד און געהט אין רבי מאיר׳ס דרכים.

און דער עולם האָט געוואָרפען אין פּושקע.

מאיר דער שוסטער האָט געהאַט ביי זיין לעבען דרייען, וואָס האָבען איהם געהאָלפען: מיכל דער ציגאַרען מאַכער, סענדער דער סטאָליער און סענדערס ווייב. אַז מאיר איז געשטאָרבען האָט איבער־גענומען דעם „געשעפט״ מיכל דער ציגאַרען־מאַכער.

מיכל איז געווען באמת אַנ׳ערליכער יוד, און איז געגאַנגען „אין מאיר דעם שוסטערס דרכים״, אַזוי ווי דער האַראָרנער מגיד האָט אויף

איהם עדות געזאָגט. נאָר אין „דינאָ דמלכותא" האָט מיכל געזאָגט אַנ'אַנדער שיטה, נאָר דער הפוך פון מאיר דעם שוסטער.

מיכל האָט גענומען אַנ'עלמעריל אין אַלטן מארק פון שמעק־טאַבאַק מיט ציגאַרען.

עס איז נישט געווען דער חודש, וואָס מ'האָט מיכלען נישט געמאַכט קיין אַקט פאַר „טרפה" ציגאַרען אָהן אַ באַנדעראָל.

אַז מ'האָט איהם געבראַכט צום געריכט און געפרעגט: סטייטש, ווי אַזוי קומט צו דיר ציגאַרען אָהן אַקציז?

האָט מיכל געענטפערט פשוט: איך האָב דאָס געמאַכט.

— ווייסטו נישט אַז דער „זאַקאָן" פערבאָט דאָס?

— אַז איהר וועט מפרנס זיין מיין ווייב און קינדער, וועל איך מעהר נישט מאַכען קיין ציגאַרען, האָט מיכל געענטפערט אויף געבראָ־כענע גויעש...

דער ריכטער האָט מיט אַזאַ נפש גאַרנישט געקאָנט מאַכען און געוואָלט איהם שענקען מיט דעם תנאי: ער זאָל צוזאָגען, אַז ער וועט „דאָס" מעהר נישט טאָן.

— אָבלתי — ואוכל... האָט מיכל געענטפערט קאַלטבלוטיג דעם ריכטער מיט דעם לשון פון פסוק, און מאַקע גלייך פערטייטשט; איך האָב געמאַכט ציגאַרען און וועל מאַכען ציגאַרען.

און מיכל האָט געהאַלטען וואָרט.

ווען מ'האָט איהם נאָר אַרויסגעלאָזען פון רעשאָטקע האָט ער זיך גלייך ווידער גענומען צו זיין אַרבייט...

נאָר זיצען אין רעשאָטקע אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג איז מיכלען מיאוס געוואָרען, און ער איז אַוועק צו זיינע קינדער אין אַמעריקע.

נאָך מיכל דעם ציגאַרען־מאַכער האָט איבערגענומען די פּושקעס מיט דעם גאַנצען עסק פון מאיר דעם שוסטער — סענדער דעם סטאָליאַר'ס ווייב.

# „ג י י נ צ י נ ע ר״.

## וועגען „גיינציגער״ בכלל.

אין מיינע וויזיטען אויף נאָוונאָראָד*) בין איך בעקאנט געוואָרען מיט א פעקעל יודען און יודענעס—אמת'ע „גיינציגער״.

איהר ווייסט וואָס הייסט: אמת'ע גיינציגער?

אמת'ע גיינציגער איז די שטארקסטע שפירעט, „אָקוויט״, ברען...

די „גיינציגער״, וואָס איך וויל דאָ פאר אייך שילדערן, זענען אויך פון אט דעם סאָרט „שפירעט״,—אָקוויט, ברען... שוין ניט קע־נענדיג זיי, ניט רעדענדיג מיט זיי, איז לייכט אָנצושטויסען זיך, אז דאָס זענען ניט גאָר קיין געוועהנליכע מענשען, דאָס זענען, אין א גע־וויסען גראד, העלדען.

וואָרום א העלד מוז מען זיין צו דערגרייבען אין דעם יודישען תחום פון רוסלאַנד צו דער מדרגה פון „גיינציגער״. בפרט אין נאָוור גאָראָד, אויפ'ן סאמע דעק פונ'ם יודישען געטאָ.

א בעזונדער שטריך האָבען די גיינציגער: זיי בעהאלטען ניט פון אייך זייערע יאָהרען. פרעגט איהר איינעם פון זיי: ווי אלט איז

*) א פאָרשטעדטעל אין ווילנא וואו עס וואוינען די אָרימסטע יודען און „דעק־מענשען.

ער, אָדער זי? ענטפערט מען אייך מיט שטאָלץ: פון א הונדערטער ניב איך אייך אויסנאַב ניט מעהר ווי א צעהנעריל; אָדער מען פרעגט אייך איבער: וואָס מיינט איהר בין איך אלט? און באלד ענטפערט מען מיט גדלות: קרוב צו תשעים! נאָהענט צו ניינציג, הייסט דאָס, אדער—אריבער תשעים!

נור איינע האָט מיך אָבגענאַרט: איך בין שוין ברוך השם ניינציג יאָהר! אָבער א שכנה האָט מיר א וואונק געגעבען און א שושקע געטאָן אין אויער:

— שוין צעהן יאָהר, אז זי טענה'ט: זי איז ניינציג יאָהר. אין אמת'ן איז זי נאָהענט צו א מאה.

צו גלויבען, אז זי האָט פערלאָרען דעם רעכנונג, איז פאר מיר נעווען אונמעגליך, וואָרום זי האָט מיר דערצעהלט מעשיות פון איהר לעבען, וואָס האָבען דייטליך געוויזען, אז איהר זכרון איז נאָך פריש און איהר פאַרשטעלונגס-קראַפט לעבעדיג. זי האָט פשוט מורא געהאַט פאר „עין הרע"...

אלע ניינציגער, וואָס איך האָב געהאַט די געלעגענהייט מיט זיי צו רעדען, האַלטען זיך אויף די פיס אויסגעצייכענט, לעבען זעלבסט-שטענדיג, זענען מונטער און פול מיט לעבענס-לוסט. א חוץ איינעם: פישעל דער טאַנדעטניק. אָבער דער האָט זיך אויך געהאַלטען גוט ביז מיט א קורצע צייט צוריק, ביז ער האָט בעקומען די האַלאַבלע.

אז עס לויפט אָן א פערד מיט א האַלאַבלע און דערלאַנגט פון הינטען א שטויס אין רוקען פיהלט עס אפילו א יונגער. בפרט אז דאָס טרעפט א „ניינציגער".

דאָס האָט געטראָפען פישעל דעם טאַנדעטניק. און פון דעמאָלט אָן האָט ער זיך אראָבגעלאָזען. זיצט אָב גאַנצע שעה'ן אין קצב'ישער קלויז און רעדט אָפט וועגען „מושב זקנים".

די איבעריגע „ניינציגער" ווילען ניט הערען פון „מושב זקנים".

---

# דער שכן און זיין באַלעבאָס.

**פריהער פון שכן.**

נעווען איז ער אין זיינע יונגע יאָהרען און עלטערע יאָהרען—א מלמד. איז איצטער, נאָר אין די אַלטע יאָהרען, אויך א מלמד. נור פריהער, ביז מיט א יאָהר צעהן צוריק, האָט ער נאָך געהאַלטען אַן איינענעם חדר, געסגעלט מיט א דרייסיג יונגלעך. היינט אָבער נעהט ער אויף „אוראָקען", נעהט צו די יונגלעך א היים, לערנט אויך מיט מיידלעך. און אזוי האָט ער זיין חיונה.

קיין סך אוראָקען, נאַטירליך, האָט ער נים. וואָרום ער איז, צווישען אונז נערעדט, א ביסעל אוים מאָדע, אפילו אין נאָוונאָראָד. נור ביי די סאמע אונטערשטע פון „דעק" האַלט ער זיך נאָך, ווייל ער נעהמט בילינ: א צוואנצינער, א גילדען א וואָך און אמאָל נאָך בילינער. היינטינע „ניימאָדישע", ווערען אפילו אין נאָוונאָראָד פאַר אזא פרייז נים נעבען קיין אוראָקען. און דעריבער האָט דער „גיינצינער", נעוועזענער מלמד, אין נאָוונאָראָד נאָך איצט זיינע באַלעבאַטים.

ער ארביים אוים זיינע פיער רובל א וואָך, און דאָס איז איהם פאַלקאָם גענונג צום לעבען.

זיין ווייב האָט ער שוין לאנג פערלאָרען. קינדער האָט ער א סך, מעהרסטענס טעכטער. מיט אייניקלאָך האָט ער האַלב אמעריקא פער־זעעט. די קינדער זענען תקיף אין מעמד, די אמעריקאַנער אייניקלאָך האָבען זיך פיין אַרויפגעארביים. דעם אַלטען איז חלילה קיין נוים נים צו קנעלען. מען וואָלט איהם האַלטען בכבוד. נור ער וויל ביי קינדער נים זיין, ווייל קינדערשע נאָר נישט פערנעהמען.

„כל זמן דער אויבערשטער העלפט מיר, איך קאָן שטעהען אויף

מיינע פיס—זאָגט ער—וויל איך זיין אַ „נהנה מיגיע כפיו". וויל האָבן מיין אויסקומענעס פון מיין איינענער „האָרעוואַניע".

און ער וואוינט בעזונדער, פאַר זיך אין אַ קאַמער, טאַקע ביי פישעל דעם טאַנדעטניק אין שכנות. פישעל'ס ווייב (זי איז ביי איהם די פינפטע)—קאָכט איהם אויס דעם טעפּעל, דערלאַנגט איהם אַ גלאָז טיי.

און טאַקע דערפאַר איז ער ביי די קינדער מיט גרויס כבוד. אז מען כאַפּט איהם אריין, אַ שבת, צו אַ יום טוב, ווייס מען גאָר ניט וואָס צו טון איבער דעם טאַטען. מען וויל איהם מאַכען אמאָל אַ בגד —וויל ער דאָס אויך ניט. איהם איז גענוג, וואָס ער האָט אויפ'ן לייב —טענה'ט ער. נור אַ העמד נעהמט ער יע אמאָל. וואָרום די „ערל'טע" וואָס וואַשט איהם די וועש האָט אַ טבע צו צולאַטכענען יעדעס מאָל אַ העמד, און יונה דער מלמד האָט קיין טבע ניט צו פערשרייבען. און געדענקען—געדענקט ער ניט וויפיעל ער גיט אוועק—(דער זכרון איז שוין ביי איהם, ניט פאַר אייך געדאַכט, ניט דאָס וואָס אמאָל). בכן איז אין אָט דעם פּונקט גיט ער נאָך.

זיין טאָג פערברענגט יונה דער מלמד זעהר רעגעלמעסיג. שטעהט אויף, גיסט אָב נעגעל-וואַסער, זאָגט אָב אַ פּאָר „דראַבישקעס" און געהט אוועק אין שוהל. דאַוועגט דעם אַנדערן מנין, זעצט זיך דערנאָך ביין תהילים, צו ביי אַן אַנדער פרומען ספר, פון די לייכטע— קיין גרויסער למדן איז ער ניט—און פערברייננט אַזוי ביז אַ זייגער צוועלף. דעמאָלט נעהט ער אוועק אַ היים צו זיך אין קאַמער, בייסט איבער אַ קווערטעלע באָב, וואָס ער האָט געקויפט ביי אַ יודענע, גע־ הענדיג פון שוהל. און—לאָזט זיך אויף די „אוראָקען". ביז מנחה איז ער פאַרטיג. דאַן געהט ער ווידער אוועק אין שוהל, דאַוועגט מיט'ן עולם מנחה און מעריב, הערט בין מנחה למעריב אביסעל „עין יעקב", און נאָך מעריב געהט ער אַ היים עסען וואַרמעס און וועטשערע צוזאַ־ מען—אַ מעלעריל קרופּניק מיט אַ דראָבישקע. דערנאָך פערברייננט מען אַ ביסעל מיט אַ שכן און מען געהט שלאָפען.

פרייטאָג צו נאַכט גרייט איהם אָן די אַלטע פישעליכע אַ לאָמפּ.

דער אַלטער שטעהט אויף נאָך האַלבע נאַכט און זאָגט תהילים ביז דעם אנדער קרעה פון האָן. דאַן געהט ער אוועק ענדיגען זיין פּאַיאָק אין שוהל.

וואָס אנבעלאַנגט יונה דעם מלמד׳ס באַלעבאָס—פישעל דעם טאַנדעטניק, איז ער אויך אַ ניינציגער. אז ביי איהם האַלטען זיך, לא עליכם, קיין ווייבער ניט—דאָס ווייסט איהר שוין. די ערשטע איז ביי איהם געשטאָרבען, מיט דער צווייטער און דריטער האָט ער זיך געגט. די פיערטע איז אויך געשטאָרבען, מיט אַ יאָהר צעהן צוריק. אז פישעל איז געגאַנגען פון דער לויה—ער איז דעמאָלט געווען אַ יוד פון אַרום „שמונים״,—פרעגט איהם אַ בעקאַנטער: נו, רבי פישעל, וואָס קלערט איהר איצט צו טון?

— וואָס הייסט, וואָס קלער איך? פרעגט איבער פישעל, וואָסי? וואָס, מיינט איהר, בין איך אזוי אַלט?...

דערפון האָבען אַלע פערשטאַנען, אז פישעל וועט באַלד נאָך שבעה שטעלען אַ חופּה.

און ווירקליך: אין צוויי וואָכען אַרום האָט פישעל חתונה געהאַט מיט דער איצטיגער, מיט דער פינפטער.

פישעליכע איז אויך אַ יאָהר זיבעציג. פונדעסטוועגען קען זי נאָך געהן אין גאַס. זי איז אויך אַ טענדלערקע און האָט זיך איהרע קונדען. עס איז אַ סברה, אז זינט נאָך דער „האַלאַבלע״, איז זי די רעכטע בעל מפרנס׳טע, און ניט זעלטען גיט זי פישלען אָנצוהערענים, אז ער עסט אַמאָל איהרען אַ ביסען. דאָס איז די סבה, פאַר וואָס פישעל איז אַראָבגעפאַלען און וויל געהן אין „מושב זקנים״.

— נו, און אייער ווייב וואָס וועט טון, אז איהר וועט אַנקומען אין באַנאַדיעל? — האָב איך איהם געפרעגט.

— וואָס אַרט מיך פאַר איהר? האָט ער געענטפערט. לאָז זי טון וואָס זי וויל.

# דער ניינציג יעהריגער קלויזניק.

ער איז דער איינציגער קלויזניק אין סאָלדאַטסקען קלויז אויף כּשוּוגאָראָד, אויפ'ן דעק פון דער ווילנער יודישער גאַס.

די ניקאָלאַיעווסקי סאָלדאַטען, די דאַוונער פון קלויז, האַלטען איהם ווי אַן "אבן טוב" ווי אַ טייערע זאַך. אַז איך בין געקומען מאַכען איהם אַ וויזיט, האָבען די גבאים פון שוהל געקוקט אויף מיר קרום. זיי האָבען געמיינט, אַז איך בין געקומען אָברעדען איהם פון זיי, צונעהמען איהם אין אַן אַנדער שוהל.

"איהר זאָלט אָקאָרשט ניט אָברעדען אונזער אַלטען" האָט מיר דער גבאי געדראָהט מיט'ן פינגער אויפ'ן נאָז. "איהר וועט זיך פון אונז ניט אויסצאָהלען". דער אַלטער האָט געשמייכעלט גוטמוטיג און צופרידען און האָט געזאָגט דעם גבאי, אַז מען מעג איהם אָנשיטען אפולע שטוב מיט גאָלד, וועט ער פון זיי ניט אוועק.

איך פון מיין זייט, האָב אויך פערזיכערט דעם גבאי און דעם שמש, אַז איך מיין חלילה קיין שלעכטס ניט און וועל זיי קיין עולה ניט טאָן. דערנאָך האָבען מיר זיך גענומען, ווי אַלטע בעקאַנטע, שמועסען צווישען זיך, איך מיט'ן "ניינציגער". פון וואָס מיר האָבען אָנגעפאַנגען — געדענק איך ניט. דער אַלטער האָט ליעב צו פערברענגען מיט שוהל מענשען, איהם מאַכט ניט אויס, ווער דאָס איז. דעריבער איז ביי איהם קיין קשיה ניט געוועזן: ווער איך בין? און וואָס איך בין? און צו

װעלכען צװעק איך האָב מיך געזעצט לעבען איהם און פערבונדען מיט איהם אַ שמועס.

געװען איז עס נאָך מעריב. אין שוהל זענען מעהר ניט געבליבען, װי איך און ער, און דער שמש, און מיין בעגלייטער—דער מלמד פון „תלמוד תורה".

איך האָב זיך איינגעקוקט אין מיין אַלטען! אַ ברייטער קאָפּ, אַ ברייטער פּנים מיט אַ ברייטען נאָז; ביי דער זייט אַ באַראָדעװקע; קליינע, גרויע אויגען, װאָס קוקען אויף דער װעלט גוטמוטיג און צופרידען. אויף די צעטריקענטע ליפּען װייזט זיך צייטענװייז אַ גוטהערציגער ביטרע-נאַאיװער שמייכעלע, ער קוקט װי אַ מענש, װאָס װייס זיין װערט, װאָס פערלאַנגט ניט קיין סך פון מענשען און פון דער װעלט. רעדען רעדט ער מיט אַ פּסוק, אָפּטער מיט אַ תורה־װאָרט פון די „הויכע זאַכען", פון „קבלה, פון „נסתר", פון „נעלם".

די תורה, זאָגט ער, בעשטעהט פון דריי „נונען": „נגלה", „נסתר" און „נעלם". „נגלה"—דאָס, װאָס איז אָפען, אַנטפּלעקט; „נסתר",—װאָס איז פאַרבאָרגען פאַר אַ פּשוט׳ן „בשר ודם", אָבער אָפען פאַר „יחידי סגולה", פאַר אויסגעקליבענע, הייליגע מענשען; „נגלה"—דאָס איז „מתנגד׳ישע תורה", „תורה שבכתב",—חומש, תנ״ך, און „תורה שבעל פה"—גמרא הייסט דאָס. „נגלה" איז—„װאָס אויפ׳ן לונג, דאָס אויפ׳ן צונג". „נסתר" דאַגעגען, איז—„קבלה", סודות: איך זאָג דיר איינס און דו פערשטעהסט אויף דרייצעהן"... נסתר איז חסידישע תורה. אַ מתנגד׳שער קאָפּ קען דאָס ניט משיג זיין.

װאָס איז אָבער „נעלם"?

נעלם איז דאָס, װאָס איז אינגאַנצען פערהייהלען, פערדעקט פון אַ פּראָסטען בשר ודם׳ס שכל. „נעלם" קען מען גאָרנישט משיג זיין, אָפּילו אַ חסיד אויך ניט. ער מעג זיין אַ פייער, אַ ברען, פון דעם רבי׳ס סאַמע מקורבים. „נעלם" איז צו דעם מענשענס װעלטעל גאָר ניט שייך. דאָס שטעקט אינגאַנצען אויבען.—אין די „עולמות העליונים" און נור „ער" אליין, דער צדיק, קען האָבען דערפון עפּעס „בחוש"- -פיהלע עפּעס, צייטענװייז דורך אַ „ניצוץ" און אַ „רמז- דורך אַ פונק, אַ װאונק.

וואָס ער בעקומט בשעת „דבקות״. דעמאָלט האָט „ער״,דער רבי, בכח „מתקן״ צו זיין נשמות, וואָס זענען געווען, וואָס זענען איצט, און וואָס וועלען זיין, אויב עס איז דאָ אין זיי א „פגימה״. וואָרום דעמאָלט זעהט „ער״, ניט, ווי מיר פשוט׳ע „בשר ודם׳ס״ זעהען, נור מיט „זיין״ „אויג״, מיט זיין „קוק״ מיט זיין „חוש״. „בחוש זעהט ער זיי און ווייס, וואָס וועלכער נשמה עס פעהלט... וואָסער „פגימה״ זי האָט... און ער איז מתקן... א מתנגד קען עס ניט פערשטעהן, קען עס ניט משיג זיין... ביי איהם איז נור „נגלה״, וואָס ניט געשריבען, דאָס קאָן ער ניט לייענען.

א חסיד איז דער אלטער געוואָרען צופעליג. אָבער נאָך אין דער יוגענד. א געבאָרענער איז ער א מתנגד. א חסיד, א הייסער, א פער־ברענטער איז ער געוואָרען זינט ער איז געווען ביין רבי׳ן, ביי ר׳ מענ־דעלען, ביים „ליבאַוויטשער״ הייסט דאָס... געוועזן איז ער ביי „איהם״ דריי מאָל. נאָר דאָס איז געווען פאַר איהם גענוג. געהערט פון זיין מויל תורה האָט ער אויך ווינציג. וואָרום ווער קען זיך צום סאַמע טייש דערשלאָגען. אָבער ער האָט אליין „געארביים״ און האָט דערגאַנגען...

ביי אונז אין שטעדטעל, האָט זיך מיר דער אלטער בערייהמט — האָט מען געדאַרפט האָבען א רב. מסתמא זענען געקומען רבנים פון אלע עקען וועלט. דער רב זאָגט; יענער דרשנ׳ט. איך שטעה אין שוהל הינטער דעם אלמעמער. וואָרום וואָס בין איך? א פּראָסטער בעל מלאכה! איך וועל זאָגען א דעה אויפ׳ן רב?!

אָבנעזאָגט.... שטעהט צו מיר צו דער עולם—דער, יענער: וואָס זאָגסטו, העניך?... אָהן מיר וויל מען קיין רב ניט נעהמען. בע־כע... קומט א רב, נעהט ער שוין גלייך צו מיר, כאָטש איך בין א פּראָסט׳ער בעל מלאכה.

— שלום עליכם!

— עליכם שלום! און רעדט מיט מיר אין תורה... נגלה... נסתר...

קומט אמאָל א רב צו פאָהרען, נעמט דרש׳ענען. א הין, א הער; ער האָט שטאַרקע צדדים. עס האַלט שוין מען זאָל איהם נעהמען... מיט מיר איז ער גאָר קיין מחותן ניט.... געהט צו מיר נאָר ניט צו....

מיין דאגה...]רו ביזט א רב—איך בין א בעל מלאכה א פראָסטער...
אָבער פערדראָסען האָט עס מיר... און אז איך בין א בעל מלאכה, איז וואָס?.. ביי אונז אין שטעדטעל זענען מיר אַלע גלייכע יחסנים.

בקיצור: ער רעדט מיט מיר נישט, איך רעדט מיט איהם נישט. מילא איז אזוי אוועק עטליכע טעג. אין שטעדטעל נעהמט ער אויס. ער וויים, פערשטעהט איהר מיך, די קונצען, ווי אזוי און מיט וואָס צו נעמען א באַלעבאָס. נו, קלער איך, מען דאַרף איהם ווייזען, אז איך, העניך, בין אויך נים פון די דריי א גראָשען.

גנעה איך אמאָל אזוי צו איהם צו, גיב איהם א פרעג: זאָגט מיר, רבי, זאָג איך, וואָס איז די נפקא מינא צווישען „נסתר" און „נעלם"?

נסתר און נעלם? —מאַכט ער—וואָס הייסט נסתר און נעלם? נסתר איז—נסתר און נעלם איז—נעלם... בקיצור: ער דרעהט זיך א הין און קוועטשט זיך א הער און קאָן מיר נים זאָגען, וואָס איז די נפקא מינא.

דער עולם זעהט, אז איך שמעה מיט איהם און רייד, נעהמט מען מיר דאָך אָן א זייט און מען פרעגט מיך: וואָס זאָגסטו העניך? דאַכט זיך, אז דער רב איז א גוטער זאָגער?

א זאָגער? זאָג איך—אַלץ הייסט א זאָגער, אז ער וויים נים דעם חילוק צווישען נסתר און נעלם?

איז וואָס מיינט איהר? אוועקגעפאָהרען דער רב מיט גאָר נישט! וואָרום דאָס רוב עולם איז ביי אונז חסידים, און אז העניך האָט גע־זאָגט איז געווען געזאָגט.

אָט די געשיכטע בעלאַנגט צו דער „גלענצענדער" עפּאָכע פון העניך'ס לעבען. ער האָט דעמאָלט געהאַט די אנדער ווייב, ער איז געווען א בעל מלאכה. דאָס הייסט נים איין מלאכה האָט ער געהאַט, נור פינף. צו יעדען סעזאָן א בעזונדער מלאכה. און איינע אין זאַפּאַס...

ער איז אומגעפאָהרען, וואו איהר ווילט, נור אין אמעריקא איז ער נאָך נים געווען. האָט אומעדום פערדינט געלד. העניך איז שוין געווען א „אַחוואַטניק" אויך, נאָר אמאָל—פאַר די „פאָימאַניקעס", בשעת מען האָט געכאַפּט יודישע קינדער און אָבגעגעבען מיט גוואַלד פאַר

רעקרוטען. ער האָט זיך אַליין פאַרקויפט פאַר פופציג רובל.

— „ווי אַזוי האָט איהר עס געטאָן?“ האָב איך פערוואונדערט געפרעגט. פאַר פופציג רובל האָט איהר זיך פערקויפט אויף פינף און צוואנציג יאָהר דינען?...

— קיין נאַר בין איך גראָד ניט געווען און קיין פּראָסטאַק אויך ניט—האָט געענטפערט מיין ניינציגער, וואָס מיינט איהר? איך וועל זיך גלאט אַזוי פערקויפען? וואָס? דינען האָט זיך מיר געוואָלט?... אַ ברירה האָב איך געהאַט... מען האָט דעמאָלט געכאַפּט איינציגע זיהן. איך בין געווען ניט קיין איינציגער. ביי אונז איז געווען עטליכע ברידער. נו האָב איך פערשטאַנען אז געהן מוז מען; איז דאָך בעסער האָבען מיט זיך עטליכע רובל... בין איך געגאַנגען און האָב מיך פער־קויפט.... געדינט פונדעסטוועגען האָב איך ניט... פאַרוואָס? מען האָט מיך אָבגעהאַלטען אַ האַלב יאָהר, דער, הייסט דאָס, וואָס האָט מיך געקויפט פאַר זיין זוהן. געגעבען מיר עסען און טרינקען און געהיט מיינע טריט, איך זאָל מיך ניט אָבגנבי׳ענען. אין מיטען איז בטל געוואָ־רען די גזרה פון די כאַפּערס. האָב איך שוין חרטה געהאַט; ניט געוואָלט געהן. מען האָט מיר געבאָטען הונדערט רובל. האָב איך געזאָגט: קריגט אייך אָן אנדערן. איך וויל ניט.

געווען איז שוין דעמאָלט, העניך, אַ טאַטע פון קינדער, אַ פּראָסטער טאָג-ארבייטער געווען. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעלערנט בלעכעריי, קאָטלעריי און נאָך עטליכע מלאכות. איז ניט געגאַנגען די ארביים, האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו יענער. געהאָרעוועט זיין גאַנצען לעבען, ביז דריי און אכציג יאָהר, ווען ביי איהם איז טונקעל געוואָרען די „ראיה“, און ער האָט שוין מעהר ניט געקאָנט ארבייטען. די קליינע אותיות פון סדור זעהט ער שוין ניט. בלויז די—גרויסע און די ווערען אויך צעשוואומען, אנטלויפען פון איהם צייטענווייז.

חתונה געהאַט האָט דער אַלטער צוויי מאָל. מיט דער ערשטער ווייב האָט ער אָבגעלעבט אַ יאָהר עטליכע און דרייסיג. געהאַט מיט איהר קינדער. נור די קינדער האָבען זיך ניט געהאַלטען. פון אַ דריי פערטיל טוץ איז געבליבען נור צוויי טעכטער. איינע איז אין אַמעריקא; די

אנדערע אין ווילנא. ביידע—אָרימע לייט. ער האָט זיי ביידען געטראָג־
גען אויף די פּלייצעס יאָהרען נאָכאַנאַנד. צוליב דער אינגערער טאָכ־
טער האָט ער זיך געג׳גט מיט דער צווייטער ווייב. דאָס הייסט ניט
געג׳גט זיך, נאָר זי איז אַוועק פון איהם. „למאי״—זאָגט זי—„דאַרף איך
האָרעווען אויף פּרעמדע קינדער!״ אַ פערדינערקע איז זי געוועזן, גע־
האַנדעלט מיט עופות, און איך בין שוין געוועזן אַ געבראָכענער—אַ
געבריכטער... פלעג איך פערדינען ווי עס איז. אָבער לעבען איז געוועזן
שווער... און דאָ איז געלעגען דער איידים מיט די אייניקלאַך אויפ׳ן
קאַרק. ניט קיין געראָטענער איז דער איידעם! אפילו אַן עהרליכער
מאַן. איך האָב צו איהם גאָר נישט.

איז זי אַוועק, די ווייב הייסט דאָס. דערנאָך איז זי אָנגעקומען
דאָ אין ווילנער באַנאַדעל. איך האָב אַליין געהאָלפען אריינברענגען
איהר אַ הין״.

„די לומדות״ האָט דער אַלטער בעקומען פון זיך אַליין, שוין
זייענדיג אַ בעל מלאכה, הערענדיג דעם שיעור בין מנחה למעריב אין
שוהל. אין שוהל איז ער געלעגען ביינאַכט, בייטאָג, ווען ער האָט נאָר
געהאַט אַ שעה צייט. דערנאָך האָט ער שוין געקראָגען פערשידענע
ספרים, פון „נגלה״ און פון „נסתר״, און געלעגען איבער זיי. ליעב
געהאַט זעהר צו האָרכען תורה־ווערטער פון לומדים, פון חסידים; נאָר
דער עיסר לומדות האָט ער בעקומען, ווען ער איז געוועזן קראַנק אויף
די געדערים. „אז מען ליגט—זאָגט ער אָב—גאַנצע נעכט, דער בויך
איז פול און דער מוח איז לעדיג, און מען קאָן ניט שלאָפען—קלערט
מען און מען לערנט, און מען קלערט.

דעמאָלט איז דער אַלטער איבערגעגאַנגען פון „נסתר״
אויף „נעלם״, האָט זיך אָנגעהויבען שטאַרט צו בעשעפטיגען מיט די
„עולמות העליונים״, מיט די הויכע, נאָר הויכע וועלטען, און ווערענדיג
דאָרטען, אין יענע עולמות, אַ שטיקעל „מחותן״ איז ער, בכלל, שלום
געוואָרען מיט דער וועלט. יעצט לעבט ער צופרידען און כמעט גליקליך.
זיין „ארביימס־טאָג״ איז אַ קורצער. ביז האַלבען טאָג, אַן ערך, איז ער
אין שוהל. דאַן געהט ער אַרוים אין שטאָדט. ווייט געהט ער ניט. ער

האָט אין די אַרומיגע געסלאַך זיינע באַלעבאַטים און קרעמער. יעדער טאָג האָט זיך זיין געסעל מיט זיינע „קונדען". אין יעדער קרעמעל, אין יעדער שטוב, טראָגט מען איהם אַנטקעגען דעם גראָשען. געהן — געהט ער לאַנגזאַם—איילט זיך ניט. „נאָוואַראָד" וועט ניט אַנטלויפען, און פאַר קאָנקורענץ האָט ער קיין מורא ניט... ביז מנחה קאַסירט ער איין אַ „צוואַנציגער". דאָס איז איהם פאָלקאָם גענוג אויף דער הוצאה. קיין פלייש עסט ער ניט און קיין געקעכטס פאַרזוכט ניט דער אַלטער פון שבת צו שבת. ער לעבט נאָר מיט ציקאָריע, ברויט און קאַרטאָפעל.

אום צו זיין וואָרהאַפטיג און טריי מיין שילדערונג, מוז איך צוגעבען, אַז דער אַלטער העניך איז אַ שטיקעל „נאַשער". ער האָט, ווי מען זאָגט, אַ שוואַכקייט צו... ווייכע ברויט און זיסע ציקאָריע. דאָס ווייס איך נאַטירליך ניט פון איהם אַליין, נאָר פון דעם מלמד, מיין בעגלייטער, און פון דעם שמש פון סאַלדאַטסקי שוהל.

פאַרביינעהענדיג—אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם שמש. ער איז ניט קיין „ניינציגער", אָבער אויך אינטערעסאַנט. „איך בין אויך—בע־ריהמט ער זיך פאַר מיר—אַ בן שבעים". אין קאָפּ און אין באָרד, האָט ער מעהר שוואַרצע האָר, ווי גראָהע. „איך מאַך נאָך אַ כוסה גאַנץ געשמאַק און דאָס האַלט מיך אויף די פיס", בעריהמט ער זיך ווייטער. דער מלמד זאָגט, אַז דאָס איז אמת. ער קריגט געהאַלט 5 גילדען אַ וואָך מיט חנוכה־פורים־רגל־און קלפּה־געלד. געוועהנליך גיבען די אויס־געקליבענע אויף קהל'שע עמטער דעם שמש אַ מתנה, און ד. ה. קלפּה־געלד (קאַלפּע-געלד). מאַנטאַג און דאָנערשטאַג, בשעת „קריאת התורה", נעהט ער אַרום אין שוהל מיט דער פּושקע האָט ער נאָך פופציג קאָפּיקעס אַ וואָך. דערצו האָט ער אַ קנעלונג. לערנט מיט אַ דרייסיג קינדער טאָקע אַט אין דערזעלבער קלויז. און זיינע הכנסות וואָלטען זיכער דערגרייכט ביז פינף קאַרבען אַ וואָך, ווען די תלמידים וואָלטען געצאַהלט שכר למוד. דריי פערטעל, אָבער צאַהלען ניט...

פונדעסטוועגען האָט ער, אַרום אין אַרום, זיינע דריי קאַרבען אַ וואָך... און אַזוי ווי דירה־געלד קאָסט איהם ניט—ער נעכטיגט מיט דעם אַלטען אין פאָדער־שטיבעל פון קלויז—איז אַ סברה, אַז ער קלייבט

נאך געלד. ער האט א זוהן, און סעכסטער, אויסגעגעבענע. פערנעהמט אבער זייערע גאר נים. איז א זעלבסטשטענדיגער מענש און שטענדיג לוסטיג.

יעצט צוריק צום „ביינציגער". יאהרענלאנג האט ער געליטען אויף די געדערים. האט ווענינ געגעסען און ווינציג געשלאפען. צו דער עלטער אבער האבען זיך ביי איהםביידע זאכען פערבעסערט: אי דער אפעטים, אי דער שלאף. „ער איז אהן „עין הרע" א גרויסער אכל׳ער—"רוימט מיר דער שמש אריין א סוד, אברופענדיג מיך אן א זייט". ער פאקט אריין א זעקס פונטלעך ברויט א טאג מיט א טעפעל קארטאפליעס. פון די גרויסע טשוהונט-שיקעס נומער פינף...."

דער סדר פון זיין אכילה איז אזוי: ער ווארעמט אן א טעפעלע ציקאריע פון א גלעזלאך צעהן. קויפט אין קרעמעל א פאר פונטלאך ברויט, פארקעט ארויס די ווייכע, לעגט אין גלאז און זופט—די ציקאריע מיט די ווייכע ברויט. כל זמן די ווייכע ברויט איז נאך דא, מאכט ער די ציקאריע זיס מיט א שטיקעל צוקער. ווי אבער עס בלייבט די איינע הארטע, אזוי הערט ער אויף צו לעגען צוקער אין גלאז. „ווארום"—זאגט דער אלטער העניך—די "הארטע האט שוין אליין אין זיך א זיסקייט און צוקער איז איבעריג". אז ער האט אראבגעפטר׳ט די ווייכע ברויט מיט די הארטע און אויסגעזופט דעם טעפעל ציקאריע, נעמט ער זיך ערשט צו די קארטאפלעס—צום טשוהונטשיק נומער 5. דא העלפט איהם אפט אונטער דער שמש. אבער דער אלטער העניך איז אליין אויך בכח פארטיג צו ווערען מיט׳ן טשוהונטשיק נומער 5. אזוי געהט עס אן דער וואכען. שבת און יום טוב עסט ער ביי א נאוונאראדער באלעבאס, ביי איינעם און דעמזעלבען—שוין זיבען יאהר. דאס איז ביי יענעם שוין א חזקה. אז דער אלטער העניך וואלט וועלען פון יענעם אוועק, האט ער געקאנט קריגען צוואנציג אנדערע. מען וואלט זיך פאר איהם געשלאגען אין „נאוונאראד". אבער דער אלטער העניך האט צו יענעם גאר נישט...

למאי זאל ער איהם טאן אן עולה...

# „פטשאָלקע".

די סאמע אינטערעסאנטע און אנגענעהמע מינוטען אין וואלאָזשין האָב איך פערבראכט מיט „פטשאָלקען".

„פטשאָלקע"—דאָס איז דער בעל אכסניא, וואו איך בין פער־פאָהרען. אזוי רופט מען איהם אין שטעדטעל דערפאר, וואָס ער אליין ווענדט זיך צו איטליכען מיט די ווערטער: „פטשאָלעטשקע"! ס'הייסט „ביהנעלע" מיינער!

און ווען איך ווידמע מיין איצטיגע שילדערונג דעם באלעבאָס פון מיין אכסניא אין וואלאָזשין, טו איך דאָס, ניט בלויז פון דאנק־בארקייט, דערפאר, וואָס איך האָב מיט איהם אזוי פיעל אנגענעהמע מינוטען פערבראכט, וואָס ער האָט מיר אזוי פיעל אינטערעסאנטע מעשיות דערצעהלט: פון ר' חיים'קען, פון ר' איצעלען, פון ברך דעם גאליציאנער, פונ'ם „שאגת אריה", און „להבדיל" פונ'ם גראף טיש־קעוויטש. איך טו דאָס, ווייל „פטשאָלקע" אליין איז טאקע איינער פון די מערקווירדינסטע, פון די אָריגינעלסטע יודישע טיפען, וואָס איך האָב ווען עס איז בעגעגענט, פאָהרענדיג איבער יודישע שטעדטלאך.

פריהער פון אַלץ איז „פטשאָלקע" א פיער און ניינצינער. ווי אזוי „פטשאָלקע" ווערט נתפעל פון זיינע פיער און ניינציג יאָהר, קענט איהר זעהן פון דעם דאָזינען פאקט, וואָס א יונגערמאן, א שכן זיינער, האָט מיר דערצעהלט.

„דאָס איז געווען מיט אַ פּיער יאָהר צוריק"—דערצעהלט מיר דער שכן. „איך האָב זיך מיט איהם צוזאמען געטראָפען אין מרחץ. זענען מיר אראָבגעגאנגען ביידע אין מקוה. אָבגעשווענקט זיך, און גענומען ביידע זיך הויבען אויף די טרעפּלאך. איך האָב איהם אונטער־געבאָפּט ביין אָרם—פערשטעהט איהר מיך: אַ מאַן פון איבער „תשעים". נו, ר' וואָלף,—זאָג איך—קומט, איך וועל אייך העלפען ארויף; מיט אַ יונגען מאַן וועט דאָס געהן גרינגער.

אַז ער גיט דאָס אויף מיר אַזוי מאָדנע אַ קוק:—אוועק, דו פּי....ער! דו וועסט מיר העלפען ארויף? ! איך וועל זיך ארויפכאפּען פריער פאַר דיר.

„און וואָס מיינט איהר? איך האָב נאָך קיין צייט ניט געהאַט צו שפּרייזען אויף דער פינפטער טרעפּיל, איז ער שוין געווען אויף דער פינפצעהנטער און—אויבען, ביי די זאַכען".

איבערינגענס האָט פאַר מיר „פּטשאָלקע" אליין זיך בעריהמט, אַז ווען ער גיט נאָך איצט אַ יונגען מאַן אַ קוועטש די האַנד, שרייט יענער: אוי־אוי!...

„פּטשאָלקע" האָט 140 אייניקלאך און אוראייניקלאך. קינדער האָט ער געהאַט פינף: דריי זיהן און צוויי טעכטער. אַ זוהן מיט אַ טאָכטער האָט ער אין אמעריקא. די היגע קינדער האָט ער שוין אַלע איבערגעלעבט. ניט לאַנג איז אַ זוהן געשטאָרבען, וואָס האָט געוואוינט צוזאמען מיט איהם, אין אבסניא. אַלע זיינע זיהן זענען געווען לערנער און פרומע יודען. איבער דעם ניט לאַנג געשטאָרבענעם זוהן האָבען רבנים געמאַכט הספדים. דער אַלטער הערט ניט אויף וועגען דעם צו רעדען, ווען ער רעדט, וויינט ער. פון די קינדער און אייניקלאך אין אמעריקא האָט ער אָפט בריעף און „פּיקטשעס". ער האָט מיר אי די בריעף, אי די „פּיקטשעס" געוויזען—אַ גאַנצען פּאַק. ער האָט ליעב וועגען זיי צו רעדען, אָפט דורכצולופטערן אי די „פּיקטשעס", אי די בריעף. נור ווער־וועמענס זענען די אייניקלאך—איז דעם אַלטען שווער פאַרנאַנדערצוקלייבען זיך. דאָס זעלבע—מיט די בריף. אַ חוץ דעם זוהנ'ס און דער טאָכטערס. איין בריף, זיין זוהנ'ס, האָב איך געבעטען ער זאָל מיר שענקען, און ער האָט מיר געשענקט. ער איז אַ קורצער

און וועט זיין אינטערעסאנט פאר די לעזער. איך גיב איהם איבער פו העברעאיש כמעט וואָרט אין וואָרט:

„ליבער פאָטער! — שרייבט דער זוהן (אַ מאַן פון אַ יאָהר זיבעציג) — וועגען דעם, וואָס דו פרעגסט, וואָס איך טו, בין איך שוין ניין יאָהר אַ גבאי פון דער תלמוד-תורה אין קליוולענד. פריהער האָב איך קיין צייט נים געהאַט. נאָר איצט, אַז דער אויבערשטער האָט מיר געהאָלפען, האָב איך געקויפט אַ תלמוד-תורה — אַ פיינער טויער, און דאָרט לערנען דריי הונדערט קינדער. איך האָב אויך אַנ׳איינגענעם בית-המדרש אין דער תלמוד-תורה. 6 אַ זייגער אין דער פריה קום איך דאַווענען. נאָכ׳ן דאַווענען לערן איך אַ בלאַט גמרא. 9 אַ זייגער געה איך אלע טאָג בעזוכען מיינע אויסגעגעבענע טעכטער. פון 12 ביז 1 איז מיטאָג. נאָך מיטאָג דרעמעל איך זיך דורך אַ שעה. פון 2 ביז 4 פערברענג איך אין שטוב. 4 אַ זייגער געה איך אַוועק אין תלמוד-תורה, זעהן, ווי מ׳לערנט דאָרט. וואָרום מיר האָבען דאָרט זיבען מלמדים. דערנאָך דאַווענען מיר בצבור מנחה און מעריב. פון 7 ביז 8 געהט די גאַנצע פאַמיליע צום טיש עסען „סאַפּער“, ס׳הייסט וועטשערע. פון 8 ביז 9 אָוועגד לערנט מען ווייטער אַ בלאַט גמרא אין בית-המדרש“.

ווי איהר זעהט, האָט זיך „פּטשאָלקעס“ זוהן איינגעגעבען איינצואָרדנען זיך אין דער נייער וועלט גאָר אויפ׳ן אַלט-היימישען שטייגער. ער האָט שוין אויך קינדער און אייניקלאַך און אלע זענען רייך.

אויף דעמזעלבען ביינעלע פּאַפּיר, פון דער אנדער זייט, איז אַ קורצע צושריפט פונ׳ם שוואָגער — דער שוועסטערס מאַן. אויך אַני־אינטערעסאַנטער. ער שיקט אַ מזל-טוב פון אַנ׳אייניקעלס חתונה. ער רעכענט נאָך פסח צו פאָהרען קיין ארץ-ישראל. וועט ער פאָהרען דורך רוסלאַנד און „מיר וועלען זיך אי״ה זעהן“. פון זיינע קינדער האָט ער נחת: חוה און עטעל לעבען, ברוך השם, גוט. זיי פעהלט קיין זאַך נים. שמואל (דאָרטען הייסט ער דאָקטאָר עמיל) טוט זעהר אַ גוטען שדוך. ער איז יעצט ביי דער כלה. „אלע“ געריםען אייך און איך שיק אייך אַ מתנה פופציג רובל“.

דער אַלטער בעקומט אָפּט אויך אונטערגעשיקט געלד פונ׳ם

זוהן, פון די רייכע אייניקלאך. ער בעט אפילו ניט. ער דארף זייער ניט. ערשטענס האט ער א פרנסה—די קרעמשים—א ירושה פון עלטער זיידעס, מיט א גרויסען הויף, מיט קיה, מיט א גרויסען גארטען, וואס ער האט אליין פערפלאנצט מיט צוואנציג יאהר צוריק, זענענדיג שוין דעמאלט א יוד פון אריבער „שבעים״. דעם גארטען פערדינגט ער און בעקומט פינף און דרייסיג רובל א יאהר. א חוץ עטליכע בוימער—די ליבסטע בוימער זיינע—וואס זיי פערדינגט ער ניט. אויף אט די בוימער וואססען אלע מאל די בעסטע פרוכט. ער נעהמט אראב, פרעגעלט, טריקענט און עס בלייבט נאך פאר קרובים און גוטע פריינד.

פעהלט איהם אמאל מזומן עטליכע רובל—גיט ער א פאהר אין מינסק. דארט האט ער געהאט א ברודער, א מיליאנער, איינער פון די גרעסטע וואלד־סוחרים אין ליטא. ער איז דער איינציגער „ארימער״ קרוב אין דעם ברודער׳ס משפחה. קומט ער צו די פלימעניקעס—עפענט מען איהם א גראבען טייסטער, אנגעשטאפט מיט הונדערטער און מ׳הייסט איהם נעהמען וויפיעל ער וויל. ער נעהמט אבער מעהר ניט, ווי איין הונדערטער. דאס רוב שיקט מען איהם אריין מיט כבוד דורך פאסט.

„פטשאלקע״ רעדט א סך וועגען די לומדות פון זיינע זיהן. (בשעת ער רעדט וועגען די געשטארבענע קינדער, קען ער זיך ניט איינהאלטען פון געוויין). בעזונדערס איבער זיין ניט לאנג פערשטאר־בענעם זוהן—א היבשער זקן שוין געוועזן—און דערמאהנט מיט שטאלץ די הספדים, וואס רבנים האבען אויף איהם געמאכט. ער האט אויך ליעב צו דערמאהנען אפט אין געשפרעך זיין יחוס און דעם יחוס פון זיין שוועהר. זיין שווערס פאטער איז געוועזן ר׳ מנשה איליער, דעם גאונ׳ס א תלמיד.

אז „פטשאלקע גיעהט דורך די גאס האבען פאר איהם, אין וואלאזשין, דרך־ארץ, קליין און גרויס, פאר זיינע פיער און ניינציג יאהר. פאראן אין וואלאזשין נאך אנדערע זקנים. נאר ער איז פון זיי דער עלטערער. ער אליין האט אויך דרך־ארץ פאר זיינע יאהרען און ער האט זיי מיט וואס צו דערמאהנען. „פטשאלקע״ איז אין די יונגע

און, אפילו מיטעלע יאָהרען געווען איונג—אפייער, ער האָט אויך געלערנט אין דער ישיבה, לערנט נאָך איצט אָהן שפּאַקולען—אלע טאָג אבלאט גמרא. נאָר קיין באַנק-קוועטשער איז ער קיינמאָל ניט געווען. ער איז געווען א פאַבריקאַנט, א קאָנטראבאנדיסט, וואָס איהר ווילט. ער האָט פערלעבט זיין גאַנצען לעבען אין שטורם. איבערהויפּט האָט ער ליעב צו דערמאָהנען די געפאהרען און טרעפעניסען פון זיין קאָנטראבאנ-דיסטען-לעבען. „אָהן דערמיט"—בעריהמט זיך מיר „פּטשאָלקע" (דער ביי לענט ער אויף פון פיער פינגער א פויסט און לאָזט אויף איהם א ראָב פון אויבען דעם גראָבען פינגער, פאַרשטעלענדיג, ווי מ'שיסט מיט א רעוואָלווער), אָהן „דערמיט" פלעג איך זיך ניט ריהרען פון אָרט.

און קוקענדיג אויף „פּטשאָלקען", ווי ער שטעלט אייך יעצט פאָר דעם „שפּייער" צווייפעלט איהר ניט א מינוט, אז ער האָט איהם טאַקי געקענט האַלטען אין האנד, און האָט איהם אָפּט בענוצט. פאָה-רען פלעגט ער, מיט די „לינקע" סחורה, אליין, אָהן א פוהרמאַן. אין א געפאהר, פלעגט ער זעלטען אנטלויפען. אָבגעטראָטען פון וואָגען— און ער איז א מענש פאר זיך, און דער וואָגען—א וואָגען פאר זיך. אי, וואָס? ווי קומט עס א וואָגען אָהן א פוהרמאַן, אָהן א באַלעבאָס? נו, איז וואָס איז דאָס שייך, איך בעט אייך, צו איהם?... טאָמער האָט דער „איינפאַל" ניט געגאָלטען, האָט „פּטשאָלקע" געהאַט א פּאָר אייזערנע פּיס און אין קעשענע דעם „שפּייער". איז אָט דיביידע זאַכען צו געברויכען געווען שפּעט, האָט זיך „פּטשאָלקע" אויך ניט פערלאָרען. ניט זעלטען האָט געטראָפען, אַז די קליינע בעאַמטע, וואָס האָבען איהם געפּאַקט, זענען אראָב פון זייער שטעל און ער איז אַרויס ריין, וואָרום ביי איהם זענען געווען „פערשמירט" נאָר די „הויכע פענסטער".

דאָס איז, נאַטירליך, געווען שוין לאַנג, לאַנג מיט א 60—70 יאָהר צוריק. איבעריגענס איז „פּטשאָלקע" מיט זיין אונערשראָקענעם כאַראַקטער און אייזערנעם מוט געווען נוצליך ניט בלויז זיך אליין, נאָר אויך אַנדערע אין א קריטישען מאָמענט. אין דער צייט פון דער גרויסער מחלוקת צווישען רבי ישראל סאלאַנטער און ר' הערשעל-ליב'ן (דער ערשטער האָט געוואָלט איינגעהמען די ישיבה פאַר זיין „מוסר")

האָט מען איהם, „פּטשאָלקען״, געשיקט צו ר׳ ישראל סאַלאַנטער מיט אַ התראה. ער איז אַריינגעקומען, ווי אַ פּשוט׳ער יוד, מיט גרויס אונ־טערטעניגקייט, צו אָט דעם גרויסען גאון—דעם גרינדער פון די מוסר־שטיבלעך אין ליטא—האָט כלומרשט ניט געוואגט צו זיצען פאַר איהם, האָט איהם אָבגעגעבען גרויס כבוד און, נאָך דעם, ווי דער גאון האָט איהם געבעטען, ער זאָל ענדליך זאָגען, צוליב וואָס ער איז געקומען, האָט ער איהם, אין געצעהלטע ווערטער, מיט דעם ציטערדיג־פייער־ליכען ניגון פון אַ מגיד, וואָס רעדט „עשרת ימי תשובה״ פון דער בימה, געמעלדט:

„איך בין געקומען זאָגען אייך, רבי... אַז די אַלע, וואָס האָבען זיך אָנגעהויבען מיט דער וואָלאָזשינער ישיבה, מיט דער גרויסער ישיבה, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט אַזוי פיעל גאונים און גדולי־ישראל, האָבען ניט געהאַט קיין גוטען סוף. דער רב איז גע־פאַלען און געשטאָרבען, יענער איז פערדאָרבען, און פון דריטען איז אַ חורבן געוואָרען... איך בין געקומען, רבי, אייך מתרה זיין...

רבי ישראל־סאַלאַנטער האָט זיך דערשראָקען פאַר „פּטשאָל־קעס״ „התראה״ און געלאָזען צורהה די ישיבה.

• „פּטשאָלקע״ שטאָלצירט זעהר מיט זיין התקרבות צו די רבנים. כמעט אַלע רבנים, וואָס פלעגען, פאַר זיין לאַנגען לעבען, קומען אין וואָלאָזשין, זענען ביי איהם איינגעשטאַנען. ער האָט אַליין יעדען פון זיינע אורחים־רבנים געמוזט פאַרן שלאָף אַראָבציהען די שיך. דאָס איז שוין געווען אַ חוק. דערפאַר האָט ער ברכות פון הונדערט רבנים, אַז ער וועט אויסלעבען הונדערט און צוואַנציג יאָהר.

„פּטשאָלקע״ איז צופרידען פון זיין לעבען. ער האָט אויסגעפיהרט נוט די וועלט. האָט צו נאָט נאָר נישט. זיין עלטער איז אויך פערזי־כערט. ער האָט געלד אין באַנק. אַליין „גרייט ער זיך אין וועג״. „שוין צייט״—זאָגט ער. נאָר ווען „פּטשאָלקע״ זאָגט דאָס אייך, פיהלט איהר, אַז ער מיינט דאָס ניט ערנסט. ער איז נאָך פול מיט לעבען. איז נאָך איצט אַ שטיק פייער. ער זאָגט, אַז ער „גרייט זיך״, אָבער, אין אמת, זענען ביי איהם די זעקס יאָהר, וואָס פעהלען איהם צו דער „מאה״, אַזוי ווי אין

קעשענע. וואָס הייסט: הונדערטער רבנים האָבען איהם געבענשט...
„איך וועל אייך ווייזען—זאָגט ער—אַלע נעמען פון די רבנים זענען ביי מיר פערשריבען"...

נאָר איך בין זיכער, אז כדי צו דער פאָהרען צו דער „מאה" נויטיגט זיך „פּטשאָלקע" לחלוטין ניט אין דער ברכה פון די הונדערט רבנים. וואָרום נאָך איצט, אז ער נעהמט אָן אַ יונגעךמאַן ביי דער האַנד, גיט יענער אַ געשריי: אוי! אוי!...



